# די טעאָריע און פּראַקטיק
פון דער
# סאָציאַלער רעוואָלוציע

## פון ניקאָלאַי לענין

צוזאַמענגעשטעלט, אַנאָטירט און איינגעליים
פון
**י. ב. סאַלוצקי**

ארויסגעגעבען פון דער מאַרקס ליטעראַטור געזעלשאַפט
און פאַרלאַג „נייע וועלט", נויאָרק, 1921

# אינהאַלטס־פאַרצייכענונג

## פאָרוואָרט פון רעדאקטאָר פון דער אידישער אויסגאבע.

די „טעאָריע און פראַקטיק פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע" איז א זאמלונג פון גאַנצע שריפטען און אויסצוגען פון שריפטען און רעדעס פון נ. לענין, וואָס באציהען זיך דירעקט צו דער פראגע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און רעוואָלוציאָנערע מעטאָדען פאר, בעת און נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די גאַנצע שריפטען און די אויסצוגען זיינען אויסגעקליבען, ערשטענס, מיט דער אבזיכט צו געבען דאָס אבסאָלוט נויטיגע קלאָר צו מאכען דעם געגענשטאַנד, און, צווייטענס, אז די זאמלונג זאָל ניט איבערשטייגען די גרעניצען פון איין גרויסען באנד. די זאמלונג פאַלט זיך פאנאנדער אויף פיער אָפּטיילונגען.

אין דער ערשטער אָפּטיילונג געהען אריין א חוץ דער איינלייטונג א רייהע קאָנדענסירטע אויסצוגען פון לענין'ס אויסערונגען פאר, בעת און נאָך דער ערשטער רוסישער פּאָליטישער רעוואָלוציע פון 1905.

די צווייטע אָפּטיילונג ענטהאַלט די וויכטיגסטע קאַפּיטלען פון לענין'ס גרעסערער ארבייט וועגען שטאַאט און רעוואָלוציע. דאָס איז, אזוי צו זאָגען, דער חושן משפּט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

די דריטע אָפּטיילונג איז דער שולחן ערוך פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע ביי דער ארבייט. דאָס איז די פּראַקטיק און די סטראַטעגיע פון דער רעוואָלוציע, בעת זי איז שוין א פאקט, ניט בלויז א האָפנונג.

אין דער פערטער אָפּטיילונג ווערט געמאַכט א פּרוּוו צו מאָלען לענין'ס טאַקטיק אין די פראגען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אָדער אַלוועלטליכער רעוואָלוציע.

די פערטע ווי די ערשטע אפטיילונג באשטעהט ניט פון לענין'ס שריפטען דירעקט, נאר פון א סומירונג פון לענין'ס אנזיכטען, אויפ'ן גרונד פון זיינע רעדעס, בריעף און שריפטען, וואס עס ווערט געמאכט פון דעם רעדאקטאר פון דער אויסגאבע אזוי אביעקטיוו און אומפארטייאיש, ווי דאס איז מענשליך מעג־ליך. יעדער באהויפטונג ווערט באשטעטיגט מיט ציטאטען און אויסצוגען.

די צווייטע און דריטע אפטיילונג באשטעהט פון געטריע איבערזעצונגען פון לענין'ס אריגינעלע שריפטען. א טייל פון די איבערזעצונגען זיינען געמאכט פון ה' א. ביטעלמאן און ה' ג. בוכוואלד האט איבערזעצט דעם גרעסטען טייל פון בוך.

י. ב. סאלוצקי.

# איינלייטונג

## וועגען נ. לענין דעם טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער פון רעוואָלוציע

## פון י. ב. סאַלוצקי

# I דער טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער פון רעוואָלוציע.

## .1

די פּראָלעטאַרישע סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט איהרע טעאָרעטיקער, אָבער קיין פּראַקטיקער פון דער רעוואָלוציע פון פּראָלעטאַריאַט זיינען ביז איצטער ניט געווען. און ניט געווען זיינען זיינען זיי צוליעב דעם איינפאַכען גרונט, וואָס די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט קיין פּראַקטיק ניט געהאַט, ווייל זי איז נאָך בכלל ניט געווען.

געוויס, מען קאָן אָנווייזען אויף דער פּאַריזער קאָמונע אין 1871, וועגען וועלכער מאַרקס האָט זיך אויסגעדריקט, אַז „זי איז געווען די פאַרקערפּערונג פון דער אידעע פון דעם ארבייטער קלאַס... די רעגירונג פון דעם ארבייטער קלאַס... די ערשטע רעוואָלוציע, אין וועלכער דער ארבייטער קלאַס איז אנערקענט געוואָרען אַלס דער איינציגער קלאַס, וואָס איז פעהיג אויף געזעלשאַפטליכע איניציאַטיווע*). און דאָס איז אָהן ספק אמת. אָבער דאַרף מען געדענקען, אַז די קאָמונע איז בס"ה געווען אַ פּאַרזוך אויף דעם לפי ערך קליינעם שטח פון איין שטאָדט, און אינגאַנצען האָט די קאָמונע געהאַט אַ קיום וואָסערע 71 טעג. און דער עיקר, זי איז ניט געווען דער רעזולטאַט פון אַ געפּלאַנעוועטער ציעלבאַוואוסטער באַוועגונג. אַלע האָבען פון אָנהויב אָן געוואוסט איהר סוף, אָבער קיינער האָט ניט פאָראויסגעזעהן איהר אָנהויב. כחות, אויסער דעם רשות פון די ארבייטער אין

*) „דער בירגערקריעג אין פראַנקרייך" אין מאַרקס'עס „היסטאָרישע שריפטען", ארויסגעגעבען פון דער מאַרקס ליטעראַטור געזעלשאַפט, 1919.

פאַריז און אנדערשוואו, האָבן געשטויסן די פאַריזער באַפעלקערונג זי זאָל מאכן פון דער קאָמונע דאָס, אין וואָס זי איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן — א פאַרזוך פון א רעוואָלוציע פונ'ם און פאַר'ן ארבייטער קלאַס. און ווייטער איז זי אויך ניט אוועק. זי איז ניט מעהר געווען, ווי א פאַרזוך, דער ערשטער רויהער פאַרזוך פון א וועלט־רעוואָלוציע אין די גרענעצען פון איין שטאָדט.

דערזעלביגער מארקס, פון וועמענס „אדרעס פון דעם גענעראַל־ראַט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער־אסאָציאַציע“, אָדער „דער בירגערקריעג אין פראַנקרייך“ מיר האָבן גענומען די פריהער ציטירטע הויכע אָפּשאַצונג פון דער קאָמונע, און וואָס האָט איהר בעת און אחר המעשה אזוי לייַדענשאַפטליך־היציג, אזוי פייערדיג פאַרטיידיגט, האָט ערשט מיט עטליכע חדשים פאַר דער קאָמונע, אין סעפּטעמבער, 1870, געוואָרנט די פאַריזער ארבייטער, אז א פאַרזוך צו אומשטירצען די רעגירונג וואָלט נאָר געווען א פאַרצווייפעלטע נאַרישקייט. און ווען זי איז געקומען און הגם די „אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער אסאָציאַציע“ האָט זיך געשטעלט אויף איהר זייט, געזוכט צו לייטען איהר אין דעם גייסט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, איז זי דאָך ניט געווען די אמת'ע עקספּערימענטאַלע לאַבאָראַטאָריע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. מארקס האָט ניט פאַרפעהלט אָנצואווייזען אויף די פעהלערן פון דער קאָמונע.

און אויך לענין, וואָס שטעלט אַלעמאָל ארויס די רוסישע סאָוועטען־רעוואָלוציע אַלס די פאָרטזעצונג פון דער פאַריזער קאָמונע, באַטראַכט זעהר קריטיש די פּראַקטישע ארבייט פון דער קאָמונאַלער רעגירונג. ער האָט געשריבען אין יאָהר 1905:

„די געשיכטע ווייסט אונטער דעם נאָמען פון דער קאָמונע אַן ארבייטער־רעגירונג, וואָס האָט ניט געוואוסט ווי אזוי און ניט געקאָנט אָפּטיילען די עלעמענטען פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע פון דאָס, וואָס עס האָט געזאָלט זיין א סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, וואָס האָט צונויפגעמישט די פּראָבלעמען פונ'ם קאַמף פאַר א רעפּובליק מיט די פּראָבלעמען פונ'ם קאַמף פאַר'ן סאָציאַליזם, וואָס האָט ניט געוואוסט ווי צו לייזען דאָס

פּראָבלעם פון אַ קרעפטיגער מיליטערישער אָפּענסיווע קעגען ווערסייל (וואו עס איז געווען קאָנצענטרירט די רעגירונג און די מאַכט פון דער בורזשואַזיע), וואָס איז באַגאַנגען דעם פעהלער ניט צו פאַרכאַפּען דעם נאַציאָנאַל-באַנק פון פראַנקרייך (די צענ-טראַלע פינאַנץ-אינסטיטוציע פון לאַנד), א. א. וו. מיט איין וואָרט, ווען איהר רעדט וועגען דער פּאַריזער קאָמונע אָדער וועגען וועלכער עס איז אַנדער קאָמונע, זאָל אייער ענטפער זיין: דאָס איז געווען אַזאַ רעגירונג, ווי אונזער רעגירונג זאָל ניט זיין." *)

דערפון איז בשום אופן ניט געדרונגען, אַז די קאָמונע פאַר-דיענט ניט דעם עהרען-פּלאַץ, וואָס זי האָט פאַרנומען אין דעם זכרון פון דעם פּראָלעטאַריאַט. גראָד פאַרקעהרט: די טיטאַ-נישער אונטערגאַנג אי זאַ קוואַל פון אָנרעכונג פאַר דעם אַר-אייגענע ניט-צוגעגרייטקייט אריינגערעכענט, איהר ערשיינען אין דעם סאַמע באַגינען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, מאַכט זי ערשט טייערער און ליעבער, און נאָך מעהר איינגעבאַקענער אינ'ם האַרץ פון אונזער וועלט-באַוועגונג. און אפילו איהר טראַ-גישער אונטערגאַנג איז אַ שטוים און אָנרעגונג פאַר דעם אַר-בייטער קלאַס פאַרטצוזעצען די איבערגעריסענע ארבייט, ווייטער צו שפּינען דעם רויטען וויקעל-שנור פון דער געשיכטע, וואָס די קאָמונאַרען האָבען אָנגעהויבען און וואָס דער שונא האָט ארויס-געריסען פון זייערע הענט, ביז די מענשהייט וועט רייף זיין און קאָנען מאַכען ערפאָלגרייך דעם „שפּרונג פון מלוכה פון אָרדנונג אין דער אָרדנונג פון פרייהייט".

גאַנץ אָפּגעזעהן דערפון צי די קאָמונע איז געווען צי ניט און ווי ווייט זי איז געווען ערפאָלגרייך, פאַרבלייבט זי, לויט מאַרקס'עס אויסדרוק — „די גרויסע בשורה פון אַ נייער גע-זעלשאַפט." און הגם זי איז פאַר קיין פאַל נאָך ניט געווען די נייע געזעלשאַפט גופא, האָט זי אָבער ענטהאַלטען אייניגע וויכ-טיגע שטריכען פון דער געזעלשאַפט, ועמענס אָנקונפט זי האָט

*) נ. לענין. צוויי טאַקטיקען פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, 1905. ציטירט נאָך דער פראַנצויזישער מאָנאָגראַפיע „נ. לענין", פון פּ. א. לאַנדאַ-אַלדאַנאָוו, אַ שריפט וואָס איז פיינדליך צו לענינען.

אַנגעקוגדיגט פאַר דער וועלט. אזוי ענטהאַלט אַן אָווערטורע פון אַ מוזיקאַלישער שטיק, פון אַן אָפּעראַ, איינצעלנע טענער אָדער העכסטענס אַן אַלגעמיינע אָנדייטונג אויף דעם כאַראַקטער פון דאָס גאַנצע, אָבער ניט מעהר. די סאָוועטען־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז דאָס מוזיקאַלישע שטיק, די פול־קאָלאָריגע און פול־קלאַנגענדיגע שאַפונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אויף דעם געביט פון דער סאָציאַליסטישער „צוקונפט־מוזיק". די קאָמונע אין פּאַריז איז געווען די אָווערטורע פון דער אָפּעראַ פון פּראָלעטאַריאַט, די פּרעלודיע פון דער פּראָלעטאַרישער צוקונפט.

אזוי אַרום איז עס קיין חידוש ניט, וואָס עס זיינען ניט געווען ביז איצטער קיין פּראַקטיקער פון דער פּראָלעטאַרישער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ניקאָלאַי לענין איז דער ערשטער גרויסער פּראַקטיקער פון דער רעוואָלוציע פון אַרבייטער קלאַס, וואָס האָט געוואוסט ווי און געקאָנט פאַרוואַנדלען די טעאָריע פון דער רעוואָלוציע אין ממשותדיגע טאַטען.

טעאָרעטיקער פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע פון אַרבייטער קלאַס זיינען געווען ווי אין די רייהען פון דעם ערשטען דור סאָציאַליסטען, אזוי צווישען די שפּעטערדיגע סאָציאַליסטען. נאָכדעם ווי מאַרקס און ענגעלס האָבען די דאָזיגע טעאָריע גרינדליך אויסגעאַרבייט, האָבען זייערע שילער און נאָכפאָלגער קיינמאָל די פראַגע ניט אויפגעהערט צו שטודירען. אָבער ביי אייניגע איז דער דאָזיגער שטודיום געוואָרען אַ ריין־אַקאַדעמישער ענין — אַ שטודיום צוליעב שטודיום, אַ מין „קונסט צוליעב קונסט". ניקאָלאַי לענין איז אויך אין דעם פּרט אַן אויסנאַהם, וואָס ביי איהם איז די טעאָריע פון רעוואָלוציע אַלעמאָל געווען רעאַל און ממשות'דיג. מען קאָן דאָס ערקלערען, אויב מען וויל, מיט אַ געוויסער „איינזייטיגקייט" אין זיין גייסטיגען געבוי. מען קאָן זאָגען, אַז לענין איז אַ פאַנאַטיקער, אויב דאָס דאָזיגע וואָרט האָט וועלכען אַנדער אינהאַלט אויסער ווי אַן אַל־אומגרייפענדע, „פאַרברענטע" טרייהייט און איבערגעבענהייט צום ציעל. אָבער דער קונץ איז, וואָס גראָד איז דער „פאַנאַטיקער" לענין אַ גרויסער רעאַליסט, און ער איז פרייער פון אוטאָפּיעס און ראָמאַנטיזם, ווי גאָר אַ סך פון זיינע „פּראַקטישע" געגנער.

## .2

נ. ריאַזאַנאָוו (גאָלדענדאך), אַ פּראָמינענטער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער שריפטשטעלער און פּראַקטיקער, האָט זיך איין מאָל אויסגעדריקט, ערעפנענדיג אַלס צייטווייליגער פּאָרזיצענדער די צווייטע אַל־רוסישע קאָנפערענץ פון די פּראָפעסיאָנעלע אַרבייטער־פּאַראיינען, אין פּעטערבורג, פריהלינג 1907: מיר זיינען אַלע טעאָרעטיקער, ווען עס קומט צו דער פּראַקטיק, און פּראַקטיקער — ווייל אונז פעהלט די טעאָריע. די דאָזיגע איראָנישע באַמערקונג קאָן אָנגעווענדט ווערען אויף לענינ'ען, נאָר אומגעענדערט און אָהן איראָניע. מען קאָן זאָגען, ניט ריזיקירענדיג מגזם צו זיין אָדער צו זיין אומטריי דעם אמת, אז נ. לענין איז פּראַקטיש אין דער טעאָריע, און פאַרבלייבט טריי צו זיין טעאָריע אויך אין דער פּראַקטיק. ס'פאַרשטעהט זיך, אז דאָס לעצטע איז מעגליך אַ דאַנק דאָס ערשטע. ווייל ער שטעלט אויף זיין טעאָריע אויפ'ן גרונט דערפון, וואָס די פּראַקטיק זאָגט צו, איז ער ניט געצוואונגען צו פאַרגעסען די טעאָריע שפּעטער, ווען די ווירקליכקייט גיט איהם די געלעגענהייט צו אָנווענדען די טעאָריע אויף דער פּראַקטיק. עס מעג קלינגען פּאַראַדאָקסאַל, אָבער די באַהויפּטונג קאָן זיכער געמאַכט ווערען: לענין איז אַן אָפּאָרטוניסט, אפשר דער גרעסטער אָפּאָרטוניסט אין די סאָציאַליסטישע רייהען זינט מאַרקס'ען. אָבער דער דאָזיגער „אָפּאָרטוניזם" איז גאַנץ אַנדערש, קוואַליטאַטיוו, אין זיין תוך, איז ווייט ווי טאָג פון נאַכט דערפון, וואָס גילט אין דער אַלטעגליכקייט אַלס אָפּאָרטוניזם פון אַלערליי סאָציאַליסטישע רעוויזיאָניסטען, ווי, צ. ב., עדואַרד בערנשטיין איז געווען אַלע יאָהרען, ווי די שיידעמאַנער און זייער גלייכען אין אַנדערע לענדער זיינען געוואָרען די לעצטע עטליכע יאָהר. דער חילוק צווישען די צוויי ערליי אָפּאָרטוניזמען איז אומגעפעהר אַזאַ:

מאַרקס איז שטענדיג באַרייט געווען צו מאַכען אַ קאָמפּראָמיס מיט דער ווירקליכקייט, אָבער האַנדלענדיג אין דעם קאָמפּראָמיס האָט ער קיינמאָל ניט אויסגעלאָזט פון אויג דעם ענדציעל, צו וועלכען ער האָט געשטרעבט. אין אַנ־

דערע ווערטער, ער איז באַרייט געווען אַלץ מקריב צו זיין פאַר אייןווירקליכען שריט פאָרווערטס, אויב נאָר דער דאָזיגער שריט זאָל איהם אויף אַזוי פיעל דערנעהנטערען צום ענדציעל. דאָס האָט ער אויסגעדריקט אין זיין באַריהמטען וואָרט: איין שריט פון ווירקליכער באַוועגונג איז מעהר ווערט פון אַ טוץ פּראָגראַמען. לענין איז מאַרקס'עס נאָכפאָלגער אין זינען פון אָט דעם סאָרט אָפּאָרטוניזם.

די רעוויזיאָניסטען, ווי בערנשטיין, ווי שיידעמאַן, ווי רעד־נאַדעל, וואַנדערוועלדע, טאָמאַ און זייער גלייכען, זיינען צו אָפט באַרייט צו מאַכען אַ קאָמפּראָמיס מיט זייערע פּרינציפּען צוליעב באַלדיגע געווינסען, און זייער לעצטע דאגה איז דערביי צי דער באַלדיגער געווינס וועט דיענען דעם ענדציעל. אָט די פּאָליטיק איז פּראַכטפול אויסגעדריקט אין ער. בערנשטיינ'ס באַרימטער פאָרמולע: דער ציעל איז גאָרניט, די באַוועגונג איז אַלץ.

דער חילוק צווישען די צווייערליי „אָפּאָרטוניזמען", די „אָפּאָרטוניסטען" און אָפּאָרטוניסטען, ערקלעהרען זיך דערמיט, וואָס איינערליי, ווי מאַרקס, גלויבען אין ענדציעל און ווילען איהם, בעת די צווייטע ווילען איהם אפשר, אָבער זיי גלויבען אין איהם ניט.

אַ פּאָר היסטאָרישע ביישפּיעלען וועלען קלעהרער מאַכען דעם דאָזיגען פּונקט.

ווי באַוואוסט, האָט מאַרקס, צוזאַמען מיט ענגעלס'ן, פאַר־פאַסט דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט" אין ענדע 1847. דער דאָזיגער „מאַניפעסט" איז ניט געווען קיין פּריוואַט־חיבור, נאָר די פאַרפאַסער האָבען איהם געשריבען אים אויפטראַג פון דעם „קאָמוניסטישען פאַראיין", אַ באַשטימטע אָרגאַניזאַציע, מיט באַ־שטימטע אנזיכטען און ציעלען. דער „מאַניפעסט" האָט אין נאָמען פון דער דאָזיגער אָרגאַניזאַציע פּראָקלאַמירט דעם ווילען פון פּראָלעטאַריאַט און זיין שטרעבען צו דער אַלוועלטליכער סאָציאַ־לער רעוואָלוציע. אָבער נאָך איידער עס האָט אָפּגעטריקענט דער דרוק־טינט פון די בלעטלאַך פון „מאַניפעסט", האָט אויסגעבראָ־כען די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. די רעוואָלוציע איז געווען

א דעמאָקראַטיש־בורזשואַזע, איין האָר ניט מעהר. **און — מיר** געפינען מאַרקס'ן אַלס אַקטיווען אַרבייטער אין די רייהען פון די ראַדיקאַל־בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערען אָדער בורזשואַזע דעמאָקראַטען. ער איז געוואָרען דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון זייער טעגליכער „נייער רהיינישער צייטונג". פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער קאָנווענציאָנעלער און אַבסטראַקטער „פּרינציפּיעלקייט" איז דאָס אודאי ניט אויסגעהאַלטען. אָבער מאַרקס און „דער קאָמוניסטישער פאַראיין" האָבען געמאַכט דעם קאָמפּראָמיס מיט דער ווירקליכקייט, ווייל זיי זיינען אויסען געווען איינצונעמען די ווירקליכקייט. בעת אין „קאָמוניסטישען מאַניפעסט", וואָס איז ערשיענען אין פעברואַר 1848 און איז פאַרפאַסט געוואָרען אין ענדע 1847 איז פאַרצייכענט אַ וויטגעהענדיג פּראָגראַם פון פאָדערונגען, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דעם „קאָמוניסטען־פאַראיין" אַרויסגעלאָזט אין אָנפאַנג מערץ 1848 אַן אויפרוף מיט „פאָדערונגען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד", וואָס זיינען געווען אַ סך וועניגער ראַדיקאַל ווי די וואָס אין דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט". פאַרוואָס איז דאָס אַזוי געווען? — ווייל מאַרקס האָט זיך איבערצייגט, אַז דייטשלאַנד איז סאָציאַל־עקאָנאָמיש און גייסטיג נאָך ניט דערוואַקסען צו דער שטופע, אויף וועלכער עס האָט זיך געשטעלט דער „קאָמ. מאַנ." און אָט די „ניט־אויסגעהאַלטענע" שטעלונג פון מאַרקס'ן באַצייכענט שפּעטער ענגעלס אַלס די איינציג ריכטיגע. וואָרים, זאָגט ענגעלס, אויב מיר וואָלטען ניט מסכים געווען צו רעכענען זיך מיט דער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער דייטשער ווירקליכקייט, וואָלטען מיר אפשר געקאָנט דרשן'ען וועגען קאָמוניזם ערגעץ אין אַ קליין אָרעם בלעטעל, און אנשטאט צו אַרבייטען אין אַ גרויסער ווירקזאַמער, אַקטיווער אַרמיי, וואָלטען מיר מוזען גרינדען אַ קליין קלייזעל. מיר זיינען אָבער געווען צופיעל פאַרדאַרבען, צו גוט האָבען מיר געוואוסט פון די אוטאָפּיסטען, אַז מיר זאָלען זיך פאַרנעמען מיט פריידיגען אין דער וויסטעניש".

מאַרקס און זיינע חברים האָבען אַלזאָ געאַרבייט האַנט אין האַנט מיט דער בורזשואַזיע. דאָס איז געווען אַ קאָמפּראָמיס מיט דער דייטשער ווירקליכקייט, אָבער ניט מיט'ן סאָציאַליסטישען

פּרינציפּ. זיי האָבען געוואָלט און געגלויבט, אַז זיי וועלען קאָנען שטופּען די בורזשואַזיע אַלץ מעהר לינקס. אָבער די באַדינגונגען אין דייטשלאַנד האָבען זיך אונטערדעסען געענדערט. די כוואַליע פון דער רעוואָלוציע האָט גענומען שלאָגען אויף צוריק. די ראַדיקאַלע בורזשואַזע דעמאָקראַטען האָט גענומען ציהען צו „רוה און אָרדנונג". האָט מאַרקס לכתחלה געהאַט געפּרואווט אָפּהאַלטען דעם „דראַנג אויף צוריקוועגס". ער האָט געמינטערט און גע־וועקט, גערופען צו אַקטיווע שריט דעם גאַנצען מיש־מאַש פון בור־זשואַזע דעמאָקראַטען און ראַדיקאַלען און זייערע נאָכפאָלגער אין די אַרבייטער־רייהען. אָבער ער האָט גיך איינגעזעהן אַז דאָס איז אַן אומזיסטע אַרבייט און ער האָט אויפ'ן פּלאַץ און ענטשידען אומ־געענדערט זיין טאַקטיק. ער האָט דעמאָלט פּונקט אַזוי קרעפטיג און ענטשיעדען אָנגעגריפען די בורזשואַזע דעמאָקראַטען, ווי ענטוז־יאַסטיש ער איז געווען פריהער וועקענדיג און מינטערענדיג זיי צו רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען. דעם 11טען דעצעמבער פון'ם זעלביגען יאָהר 1848, אין אַ לייט־אַרטיקעל פון דער „נ. ר. צ." האָט מאַרקס באַגלייט די אויפלייזונג פון דעם ניט־געלונגענעם שידוך מיט אַזאַ קדיש, ווי די „רעוואָלוציאָנערען אויף אַ רגע" האָבען עס כשר פאַרדיענט.

„...די פּרייסישע בורזשואַזיע איז אַרונטערגעזונקען צו דער מדרגה פון אַ שיכט מיט אַ קלאָהר אָנגעצייכענטער פּאָזיציע, וואָס איז געגען דער קרוין (דער מאָנאַרכיע) און גלייכצייטיג געגען דעם פאָלק. זי איז געווען געשטימט געגנעריש צוביידע איהרע געגנער. ס'האָט איהר אָבער ניט געסטייעט קיין ענטשלאָסענהייט אין די באַציהונגען צו ביידען, ווארים שטענדיג האָט זי געזעהן ווי איינעם אַזוי דעם צווייטען קעגען זיך. זי איז אַ שיכט, וואָס איז פון סאַמע אָנהויב באַרייט געווען צו פאַרראַטען דאָס פאָלק און איינ־געהן אויף אַ פּשרה מיט די געקרוינטע פאָרשטעהער פון דער אַלטער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג..." „אַן ערד־ציטערניש האָט אַרויס־געוואָרפען די בורזשואַזיע אויף דער פלאַך פון דער נייער געזעל־שאַפט. אָהן גלויבען אין זיך, אָהן גלויבען אין פאָלק, האָט זי געבורטשעט קעגען אַלץ וואָס איז העכער פון איהר, האָט געצי־טערט פאַר אַלץ וואָס איז געשטאַנען הינטער איהר, און איז פול

געוועזן מיט עגאָאיסטישע כונות... אָהן איניציאַטיווע, אָהן גלויבען אין זיך אַליין, אָהן אַן אַלוועלטליך־היסטאָרישער מיסיע — איז זי עהנליך אויף יענעם פאַרשאַלטענעם אַלטען, וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרען אַז ער זאָל אין זיינע אייגענע אַלטערישע אינטערעסען אָנפיהרען מיט די ערשטע יוגענט־באַשטרעבונגען פון אַ מעכטיגען פאָלק. בלינד, טויב, אָהן צייהנער און מאַכטלאָז, — אַזוי האָט זיך ארויסגעוויזען די פּרייסישע בורזשואזיע ביים רודער פון דער פּרייסישער מלוכה נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע".

מיר זעהען פון אָט דעם ביישפּיעל ווי מארקס האָט געמאכט אַ כשרה, אַ קאָמפּראָמיס. אָבער צי איז ער געווען אַ קאָמפּראָמיסלער? — ניין, ער איז געווען אַן אָפּאָרטוניסט אין דעם היסטאָרישען זינען. ער האָט געמאכט אַ פּשרה מיט'ן לעבען. ער איז אָבער געגאַנגען אין דער פּשרה פּונקט אַזוי ווייט, ווי ער האָט געגלויבט, אַז דאָס איז ניצליך געווען און נויטיג אין דער ארבייט פאַר זיין ענדציעל, — די רעוואָלוציע פון און פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט. ער האָט געגלויבט, אַז אַרבייטענדיג צוזאַמען מיט דער דעמאָקראַטישער בורזשואזיע כדי צו אומשטירצען די ביז־דעמאָלטיגע פעאָדאַלע אָרדנונג, וועט ער גיכער מיטברייינגען דעם פאָלשטענדיגען צונויפבּרוך פון דעם אַלטען רעזשים, און אַ דאַנק דעם דאָזיגען צונויפבּרוך עפענען נייע מעגליכקייט פאַר'ן קאַמף פון דעם אַרבייטער־קלאַס קעגען דער בורזשואזיע גופא. ווען אָבער ער האָט איינגעזעהן, אַז די בורזשואזיע, אָדער איהר ראַדיקאַל־דעמאָקראַטישער פליגעל האָט מעהר מורא פאַר דעם ערפאָלג פון דער אַבייטער־דעמאָקראַטיע, ווי זי איז בּאַרייט צו קעמפען קעגען דעם פעאָדאַליזם און דער מאָנאַרכיע, ווען ער האָט איינגעזעהן, אַז די בורזשואזיע איז ניט מעהר קיין רעוואָלוציאָנערער כח אין לעבען, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון ווייטערדיגער צוזאַמענאַרבּייט. ער איז געווען בּאַרייט אויף אַ פּשרה צוליעב רעוואָלוציע, ער איז ניט פאַראינטערעסירט געווען אין אַ רעוואָלוציע, וואָס באַצוועקט אַ פּשרה.

מיר ווילען זיך באַשרייַנקען אויף נאָך איין ביישפּיעל פון מאַרקס'עס רייכען „אָפּאָרטוניסטישען" לעבען. דאָס מאָל — אַ פאַל וואָס איז געשעהן מיט 16 יאָהר שפּעטער, ווען ס'האָט זיך

געהאַלטען אין גרינדען די „אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער אַסאָציאַציע" (דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל). ניט מארקס האָט געגרינדעט די „אַסאָציאַציע", ווי דאָס ווערט אָפט באַהויפּטעט על פּי טעות. די אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער אַסאָציאַציע איז אַזוי צו זאָגען, אַליין ענטשטאַנען, ניט קיין סוביעקטיווער אָרגאַניזאַטאָרישער ווילען האָט זי פאַראורזאַכט. אָבער מארקס האָט געשריבען דעם „אינאַגוראַל־אדרעס" אָדער מאַניפעסט און די „צייטווייליגע סטאַטוטען" פון דע אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון די ארבייטער. דער „אינאָגוראַל־אדרעס" איז דורכגעדרונגען מיט דעם זעלביגען רעוואָלוציאָנערען געפיהל, ווי דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" און ער פאַרענדיגט זיך מיט'ן זעלביגען קאַמפּס־רוף פון ארבייטער־קלאַס — „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניגט זיך!" מארקס האָט קיין טעות ניט געהאַט אין די מעגליכקייטען פון דעם פאַרבאַנד. ער האָט דערפיהלט פון דער ערשטער מינוט, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל וועט ווערען די רעאַלע קערפּערשאַפט צו קעמפען פאַר די דערוויילע אבסטראַקטע פּרינציפּען פון דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט".

אָבער ווען מארקס האָט געשריבען דעם „אינאָגוראַל־אדרעס" פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער אַסאָציאַציע האָט אין איהם גערעדט ניט דער שריפטשטעלער־פּראָפּאַגאַנדיסט, דער פייערדיגער נביא פון דער נייער אָרדנונג, נאָר דער רעאַלער פּאָליטיקער פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס פאַר איהם איז וויכטיג דער זיעג פון דער אידעע. און דערפאַר איז דער „גענעראַל־אדרעס" איינגעהאַלטען, כמעט באַשיידען, אָדער „ניט־שטאַרק גענוג", ווי עס וואָלט זיך אויסדריקען אַ ליעבהאַבער פון שטאַרקע פראַזען. מאַרקס, דער פּראַטאַגאַניסט פון דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער דראַמאַ, דער משעמפּיאָן פון דעם ארבייטער קלאַס אין זיין היסטאָרישען קאַמף פאַר דער אידעע פון מאַכט צוליעב פרייהייט, ער זעהט זיך ניט פון אויבען אויף אין דעם שריפט, הגם, און דאָס איז פאַרשטענדליך, ער פיהלט זיך טיעף אינעווענינג אין דעם „אינאָגוראַל־אדרעס". עס איז פאַראַן פאַרבאָרגען צווישען די שורות זיין מעכטיגער סאָציאַלער טעמפּעראַמענט, זיין ליידענשאַפטליכער האַס צום קאַפּיטאַליזם און פייערדיגע ליידענשאַפט פאַר דער נייער

אָרדנונג, אָבער עס פעהלט אין דעם דאָקומענט דער שוואונג, דער העלער פלאַם, וואָס איז אַזוי רייצענדיג אין דעם „קאָמ. מאַנ.“

דאָס איז באַזונדער קענטיג, ווען ער רעדט וועגען דעם געזעץ וועגען 10 שטונדיגען ארבייטס־טאָג וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין ענגלישען פּאַרלאַמענט מיט עטליכע יאָהר צוריק. איהר זייט איבערראַשט צו לייענען מאַרקס'עס פּאָזיטיווע אָפּשאַצונג פון גע־זעץ, ווען איהר ווייסט אַז מאַרקס'עס לעבען־לאַנגער שותּף און מיט־ארבייטער, פרידריך ענגעלס, האָט אין 1850 יאָהר געשריבען וועגען דעם דאָזיגען געזעץ און כאַראַקטעריזירט דאָס געזעץ אַלס „אַן אויסגעצייכענטען פּונקט, וואו די רעאַקציאָנערע קלאַסען קאָנען טרייבען פּאָליטיק און פאַראייניגען זיך מיט דעם ארבייטער־קלאַס קעגען דער אינדוסטריעלער בורזשוּאַזיע“. ענגעלס האָט דעמאָלט באַטראַכט דאָס געזעץ וועגען דעם צעהן שטונדיגען טאָג אַלס אַ — פאַרנאַרעריי, וואָס די ענגלישע אַריסטאָקראַטיע האָט צוגעוואָרפען דעם ארבייטער־קלאַס, כדי איהם אָפּצוטיילען און שטעלען קעגען דער בורזשואַזיע און אַזוי אַרום פאַרלייכטערען די הערשאַפט פון דעם פריצישען אָדער פעאָדאַלען רעזשים. אָבער מאַרקס האָט עטוואָס גאַנץ אַנדערש צו זאָגען וועגען דעם געגענ־שטאַנד אין זיין „אינאַגוראַל אַדרעס“: „דער דאָזיגער געזעץ־פּראָיעקט“, לייענען מיר אין מאַרקס'עס פּרינציפּיעלער דעקלאַראַ־ציע פאַר דעם ערשטען אינטערנאַציאָנאַל: „איז געווען ניט נאָר אַן אומגעהייער גרויסער פּראַקטישער זיעג, נאָר אויך אַ זיעג פון פּרינציפּ. דאָ האָט די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פילאָזאָפיע פון אַר־בייטער־קלאַס צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע, אין דער העלער ליכט פון טאָג געשלאָגען די פּאָליטישע עקאָנאָמיע פון די מיטעל־קלאַסען“. און ווייטער אין „אַדרעס“ באַגריסט מאַרקס די ערשטע פאַרזוכען פון די ענגלישע ארבייטער אויפצובויען אַ קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג. ער באַצייכענט די דאָזיגע פאַרזוכען אַלס די „צווייטע פּרינציפּיעלע עראָבערונג פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע פון פּראָ־לעטאַריאַט“, טראָץ דעם וואָס ער ווייסט און זאָגט עס אָפען אַרויס, אַז קאָאָפּעראַציע אויף דעם גרונט פון פּריוואַטע, אינדיווידועלע און גרופּען־באַמיהונגען איז נאָך ווייט ניט די ישועה פון אַרבייי־טער־קלאַס: „כדי צו ראַטעווען די מאַסען, וואָס זיינען באַשעפ־

טיגט אין דער אינדוסטריע איז נויטיג, אז קאָאָפּעראַטיװע אַרבײט זאָל זיך פאַרנעמען ברײט און נאַציאָנאַל און זײַן פאַרזיכערט מיט דער שטיצע פון דער מלוכה", און אַז די שטיצע פון דער מלוכה װעט ניט האָבן קײן ממשות אַזױ לאַנג, װי די מלוכה װערט קאָנ־טראָלירט פון די לאַנד־און קאַפּיטאַל־מאַגנאַטען.

פאַר װאָס זשע האָט מאַרקס אַזױ געשריבען דעם „גענעראַל־אַדרעס"? האָט ער פאַרראַטען זיך אַלײן? איז ער געװאָרען אַ „מעסינגער"?

נײן, מאַרקס האָט װידער אַמאָל געמאַכט אַ פּשרה מיט דער װירקליכקײט, פאַרבלײבענדיג טרײ צו זײנע פּרינציפּען. ער האָט געשריבען דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט", װען עס זײנען קוים געװען אַ פּאָר טוץ מענשען, װאָס האָבען געקאָנט פאַרשטעהן דעם אינהאַלט פון „מאַניפעסט". דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט" האָט געזאָלט זײן די לחות מיט די עשרת הדברות פון פּראָלעטאַ־ריאַט, זײן לײט שנור אין דעם װײטען װעג דורכ'ן מדבר פון קאַ־פּיטאַליזם ביז צום „פאַרשפּראָכענעם לאַנד" פון סאָציאַליזם. אָבער דעם „אַדרעס" פון אינטערנאַציאָנאַל האָט מאַרקס געשריבען אונ־טער אַנדערע אומשטענדען, אין אַנאַנדער אומגעבונג און פאַר אַ קאָנקרעטער אָרגאַניזאַציע, װאָס האָט שױן און ניט דורך דער צו־קונפט געערדט צו אַ באַװעגונג פון צעהנדליגע און הונדערטער טױ־זענטער. דער „מאַניפעסט" איז געװען דער שלאַג־װאָרט, דער פּאַראָל פאַר דעם גרױסען קאַמף. דער „אַדרעס" איז געװען דער סטראַטעגישער פּלאַן פון דער שױן אָרגאַניזירטער אַרמײ, װאָס אָפּערירט אונטער באַשטימטע קריעגס־באַדינגונגען. אין ערשטען פאַל — איז עס געװען די רױטע פאָהן אין דער רײצענדער פּראַכט פון איהר קאָליר פון אױפשטאַנד. איהר אױפגאַבע איז צו רופען און צו באַגײסטערען. אין צװײטען פאַל — אַן „אָרדער אָף דהי דעי", אַ מיליטערישע אינסטרוקציע, פּאָרזיכטיג און גענױ נאַכצור־פאָלגען, פּראַקטישע אַרבײט. און מאַרקס האָט זיך גערעכענט מיט דעם כאַראַקטער פון זײנע רעגימענטען, מיט דער קראַפט פון שונא, מיט די טאָפּאָגראַפישע באַדינגונגען פון דעם װעג איבער װעלכען זײן אַרמײ האָט געזאָלט אַװאַנסירען אין דעם געגענד, װאו די פײנדליכע פעסטונג געפינט זיך. דערפאַר איז אַזױ פאַר־

שיידען דער „אינאַגוראַל אדרעס פון דעם אינטערנאַציאָנאַל" פון דעם „מאַניפעסט" פון דעם קאָמוניסטישען פאַראיין.

איז דאָס געוועזן אָפּאָרטוניזם? — יע, אין דעם ברייטען, היסטאָרישען זינען, אין דעם זינען פון צופּאַסען גרויסע אויפגאַבען צו קאָנקרעטען מעגליכקייטען. אין דעם סאָרט אָפּאָרטוניזם איז מאַרקס אַלע מאָל שולדיג געוועזן. ער האָט שטענדיג געזוכט צוצוּ־פּאַסען זיינע באַלדיגע שריט צו דער געגעבענער אָדער געשאַפענער סיטואַציע און דערביי האָט ער נאָר איינס געהאַט אין זינען: דאָס איז — צו מאַכען פּונקט די שריט וואָס וועלען איהם נעהנטער ברייגגען צום ציעל. פון גלאַט מאַכען באַוועגונג, וואָס פיהרט ניט, נאָר שטעהט אויף איין אָרט, האָט מאַרקס ניט געהאַל־טען. דאָס איז פּונקט דער היפוך דערפון, וואָס עס טוען די אָפּאָר־טוניסטען פון אַלע טאָג, וואָס האָבען ניט קיין געדולד פאַר גע־צוואונגענעם שטילשטאַנד, אָבער זיי ווערען הינגעריסען פון יעדער באַוועגונג, מעג עס זיין דאָס דרעהען זיך פון אַ וועבערקע אין ראָד, און וועגען ציעל קימערען זיי זיך אַם ווענינסטען, וואָרים סוף כל סוף גלויבען זיי ווענינ אין דעם דאָזיגען ענד ציעל. די ערשטע זיינען רעוואָלוציאָנערע אָפּאָרטוניסטען, די צווייטע — אָפּאָרטוּ־ניסטישע רעוואָלוציאָנערען, אַ חילוק ניט בלויז אין ווערטער, נאָר אין פּרינציפּ און אין מעטאָד.

נ. לענין געהערט צום ערשטען מין, צו דעם זעלביגען מין, צו וועלכען מאַרקס האָט באַלאַנגט. און דאָס האָט קיין שייכות ניט דערמיט, צי לענין איז אַלע מאָל געוועזן גערעכט, צי זיין טאַקטיק האָט אַלע מאָל געפיהרט צו זיכערען ערפאָלג. וואָרים, די ריכ־טיגקייט פון אַ טאַקטיק פאַלט ניט דוקא אַלע מאָל צונויף מיט איהר ערפאָלגרייכקייט. אַ ריכטיגע טאַקטיק קאָן זיך ארויסווייזען אַ באַלדיגער דורכפאַל, ווען זי שטיצט זיך אויף אַ פעהלערהאַפטער אָפּשאַצונג פון דער לאַגע, אויף אַ טעות אין פאָראויסזעהן די באַל־דיגע מעגליכקייטען פון אַ געוויסער סיטואַציע. פּונקט אזוי, אומ־געקעהרט, קען אַמאָל געבען, אַז אַ פאַלשע טאַקטיק זאָל גראָד פיה־רען צו ערפאָלג, אוי בעס מאַכט זיך אזוי, אַז זי טרעפט צונויף מיט אַ ניט־ריכטיגער אָפּשאַצונג און — „צוויי אָפּלייקענונגען מאַכען אַ באַשטעטיגונג". פאַר דעם ארבייטער־קלאַס, פאַר זיין קאַמף, פאַר

דער סטראַטעגיקע פון דער רעוואָלוציע איז דער עיקר די טאַקטיק, דער מעטאָד און ניט די ערפאָלגרייכקייט, וועלכע איז אָפטמאָל א פאָלגע פון א קאָמבינאַציע פון צופאַלן. און אין דעם פּרט — שטעהט לענין אויף דער ניט־אָנגרייפבאַרער פּאָזיציע, וואָס זיין טאַקטיק שטימט שטענדיג מיט זיין פּרינציפּיעלער אויפפאַסונג פון איין זייט, און, פון דער צווייטער איז זי בייגזאַם און רעכענט זיך מיט דער סיטואַציע, איז צוגעפּאַסט צום לעבען און אַלע מאָל גרייט צו מאַכען די נויטיגע, פּרינציפּיעל דערלאַזבאַרע פּשרות מיט׳ן לעבען.

### 3.

נ. לענין׳ס בייטראַג צו דער געשיכטע פון סאָציאַליסטישען געדאַנק בלייבט באַשטימט, גאַנץ אבגעזעהען דערפון, וואָס עס וועט פּאַסירען אין דער צוקונפט מיט דער סאָוועט־רעגירונג פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע, אויף וועמענס שפּיץ לענין איז געשטאַנען פון איהר געבורטסטאַג און דורך איהרע קריטישסטע מאָמענטען. נ. לענין׳ס נאָמען וועט פאַרבלייבען פאַרבונדען מיט דעם גרונט־געדאַנק פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע — מיט דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און מיט דער פאַרניכטונג פון דעם בורזשואַז־פּאַרלאַמענטאַרישען מעכאַניזם פון דעם בורזשואַזען שטאַאט.

אלס טעאָרעטיקער פון דער רעוואָלוציע האָט ער 20 יאָהר נאָכ־אנאַנד ניט אויפגעהערט צו באַטאָנען דעם ענדגילטיגען רעוואָלו־ציאָנערען ציעל פון דער אַרבייטער באַוועגונג. ער האָט אונער־מיעדליך געצוויגען צום פאָדערגרונט פון דער סאָציאַליסטישער אויפמערקזאַמקייט די טיילווייז פאַרגעסענע און טיילווייז פאַר־שטופּטע אנזיכטען פון מאַרקס׳ן און ענגעלס׳ן אויף דעם בירגערלי־כען שטאַאט, אויף דעם אומפאַרמיידליך געוואַלטזאַמען כאַראַק־טער פון דעם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם און אויף דער אַקטועלער, אנפיהרענדער ראָל, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט איז באַרופען און פאַראינטערעסירט צו שפּיעלען אין דעם דאָזיגען איבערגאַנג — די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

לענין האָט ניט פיעל שותפים געהאט אין דער דאָזיגער ארבייט. זיין לעהרער און דער גייסטיגער ריעז פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ג. וו. פּלעכאַנאָוו, וואָס איז אין דעם גראָהעם און געבעלהאַפטען באַגינען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, בעת דער מאַרקסיזם אויף דער רוסישער גאַס איז נאָך געווען א טויטער קלאַנג, ניט מיעד געוואָרען צו באַהויפּטען און צו באַווייזען דעם פּראָלעטאַרישען סוף פון דער קינפטיגער רוסלענדער רעוואָלוציע, ער האָט גראָד אַלץ מעהר אָפּגענייגט זיך פון דער „פּראָפּאַגאַנדאַ פון רעוואָלוציאָנערער טאַט", וואָס נעהנטער עס איז געוואָרען די מעגליכקייט פון דער רעוואָלוציע. מיר געפינען לענין'ען און פּלעכאַנאָוו'ן אין איין פּאַרטייאישען לאַגער ניט לענגער, ווי ביז 1903—1904, ד. ה., אין די יאָהרען פון דער פינסטערער רעאַקציע. שפּעטער, אין 1905 און 1906 קומט פאַר א דערנעהנטערונג אויף א ווייַלע, אָבער נאָר אויף א ווייַלע און קיין מאָל ניט אויף א לאַנגע ווייַלע. זינט 1907 ווערט די דערווייטערונג פון די צוויי פיהרער פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אַלץ גרינטליכער און דויערנדער. און ווען די געשיכטע שאַפט די ערשטע פאָר־באַדינגונגען פון דער שפּעטערדיגער וועלט־רעוואָלוציע, ווען עס פּלאַצט אויס דער וועלט־קריעג, געפינען מיר פּלעכאַנאָוו'ן מיט לענין'ען אויף „ביידע זייטען פון דער באַריקאַדע", האָפנונגסלאָז צוטיילט און גרינטליך צוקריגט.

אַלזאָ, ווען די רוסישע רעוואָלוציע ווערט א רעאַלע, א ממשות'דיגע מעגליכקייט, און שפּעטער — אויך א פאַקט, געפינען מיר נ. לענין'ען אַלס דעם איינציגען באַדייטענדען טעאָרעטיקער און כמעט דעם איינציגען פּראַקטיקער פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. פון זיין איינענער פּאַרטיי־ריכטונג, די באָלשעוויקעס, שטעהט מיט איהם כמעט קיינער ניט, פון גרויסער באַדייטונג. נאָר לעוו טראָצקי דער אַמאָליגער ניט־באָלשעוויק און ניט־זעלטען אויך אנטי־באָלשעוויק שטעלט זיך מיט לענין'ען. גראָד אין די טעג און יאָהרען פון דעם גרויזאַמסטען נסיון, וואָס די געשיכטע האָט נאָר געקאָנט צוטראַכטען פאַר פעלקער, פּאַרטייען און מענשען, איז לענין אין זיין שטאַרקסטער ראָלע. דער טעאָרעטיקער פון דער רעוואָלוציע, אין די זשענעווער און פּאַריזער סטודענטען־קרייז־

לעך און אין די געהיימע, ענדלאַז פּארקאַנספּירירטע ארבייטער־סכאַ׳קעס אין פּעטראָגראַד און מאָסקווע, ווערט ער דער בויער פון דעם „אויף מאָרגען נאָך דער רעוואָלוציע“. ג. לענין׳ס ראָל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג קאָן ריכטיג פארשטאַנען ווערען נאָר ווען מען באַטראַכט איהם אין דער ליכט פון די אומשטאַנדען, וואָס האָבען באַגלייט זיין אויפטריט אויף דער סצענע פון דער באַוועגונג.

מיר האָבען פריהער געזאָגט, אַז לענין׳ס ספּעציעלער בייטראַג צו דעם געדאַנקען־אוצר פון דער רעוואָלוציע איז באַשטאַנען אין זיין באַטאָנען ווי דעם רעוואָלוציאָנערען ענדציעל אזוי די רעוואָלוציאָנערע מיטלען פון דער פּראָלעטארישער באַוועגונג. אין דעם פּרט איז ער ניט געווען אַליין אין די ערשטע יאָהרען. ג. וו. פּלעכאַנאָוו איז נאָך דעמאָלט ניט געווען קיין „פּלעכאַנאָוועץ“. ריכטיגער וואָלט געווען צו זאָגען, אַז לענין האָט דעמאָלט נאָר ווידערהאָלט, אָפטמאָל אויף זיין אייגענעם, מעהר בולט׳ען, מעהר פּאָפּולער׳ען שטייגער פּלעכאַנאָוו׳ס רייד. עס איז צווישעןביידען ניט נאָר געווען א טיעפע פריינדשאַפט, נאָר לענין איז געווען פּלעכאַנאָוו׳ס שילער. ווי־זשע איז עס געקומען צו אַזא טיעפען ריס? — געקומען איז עס שפּעטער, ווען דעם פּלאַץ פון „פּראָפּאַגאַנדא“ האָט פארנומען די אגיטאַציע, ווען די רעוואָלוציע האָט פארלאָזען די „קרייזלעך“ צו גרייכען די „מאַסען“, ווען דורך דער טיעפער נאכט פון דער רוסישער הונדערטער יאָהרען לאַנגער רעאַקציע האָבען אָנגעהויבען דורכצוברעכען די ערשטע שטראַהלען פון דעם באַגינען. דעמאָלט האָט זיך שוין ניט מעהר געהאַנדעלט בלויז אום אַלגעמיינע פּרינציפּען. עס איז געקומען דער ויכוח איבער די „מעגילכקייטען“, איבער דער „סיטואַציע“, דעם „מאָמענט“. ג. לענין האָט אַנדערש אָפּגעשאַצט דעם מאָמענט“, ג. פּלעכאַנאָוו, ווידער, אַנדערש. די צוזאַמענפאָהרען און קאָנפערענצען פון דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פּארטיי האָבען געהאַט איין גרויסע פראַגע אויף דעם ערשטען קאָנגרעס פון דעם צווייטען אינטערנאַ־די שפּאַלטונג, ריכטיגער — אַלע ווייטערדיגע שפּאַלטונגען האָבען געהאַט אַלס סוף כל סוף׳דיגען יסוד אָט די פארשיידענאַרטיגע באַציהונג צום „מאָמענט“.

אָבער מיר קעהרען זיך אויף אַ ווײַלע צו גאָר די ערשטע יאָהרען פון דער רעוואָלוציע, צו די יאָהרען פון דער טעאָריע פון רעוואָלוציע. דער טעאָרעטיקער פון דער רעוואָלוציע, אין דעם פולען זינען פון וואָרט איז דעמאָלט געווען געאָרג וואלענטינאָוויטש פּלעכאַנאָוו. דאָס האָט ער געלאָזט פאלען זײַ היסטאָרישע פראגע אויף דעם ערשטען קאָנגרעס פון דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל — אין 1889 — אז „די רוסישע רעוואָלוציע וועט זיעגען אַלס אַן ארבייטער רעוואָלוציע, אָדער זי וועט איבערהויפּט ניט זיעגען". היינט זעהען מיר אין די ווערטער אַ טיעפען איינבליק אין דער צוקונפט, אַ נבואה מיט 28 יאָהר פאָראויס וואָס איז טאַקע ווערטערליך מקוים געוואָען. אָבער פאַר יענער צייט איז דאָס געווען ווייט מעהר ווי אַ נבואה. עס איז געווען אַן אמת'ע ענטפּלעקונג. מען דאַרף געדענקען, אז דעמאָלט, אין 1889, איז נאָך בנמצא ניט געווען אזא זאַך, ווי אַ רוסישער פּראָלעטאַריאַט, ווען פּלעכאַנאָוו האָט געוואָרפען זײַן מערקווירדיגען וואָרט. רוסלאַנד איז דעמאָלט געווען אַ פויערען־לאַנד, אין דעם פולען זינען פון וואָרט. ס'איז ניט געווען קיין אינדוסטריע, קיין אינדוסטריעלער לעבען און קיין אינדוסטריעלער קלאַס. און דעמאָלט ווען אויסער פויערען איז קיין פאָלק ניט געווען, און אויף וויפיעל עס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, איז זי באַשטאַנען פון דער אינטעליגענץ, האָט עס פּלעכאַנאָוו פּראָקלאַמירט די פיהרערשאַפט פון'ם פּראָלעטאַריאַט אַלס דעם אויסשליסליכען תנאי פון דעם ערפאָלג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דאָס איז געווען מערקווירדיג. און „אויב ראָזא לוקסעמבורג'ס וואָרט וועגען קאַרל מאַרקס'ן איז ריכטיג, אז ק. מאַרקס'עס גרעסטער אויפטו איז געווען, וואָס ער האָט ענטפּלעקט דעם ארבייטער־קלאַס פאַר דער מענשהייט (אַלס דעם גרויסען כח, וואָס וועט אַרויספיהרען די מענשהייט פון דעם פאַרכשופ'טען קרייז פון איהר ניט־געזונטער ענטוויקלונג), איז דאָסזעלביגע אויך אַנווענדבאַר, עטוואָס אומגעענדערטערהייט, אויף פּלעכאַנאָוו'ן: זײַן גרעסטער אויפטו איז, וואָס ער האָט ענטפּלעקט דעם רוסישען ארבייטער־קלאַס פאַר רוסלאַנד"*). פּלעכאַ־

---

*) ג. זינאָוויעוו: ג. וו. פּלעכאַנאָוו, אַנשטאָט אַ הספד בײַ זײַן קבר. אין רוסיש, אַרויסגעגעבען פון דער רוסישער סאָצ. פעדעראַציע.

נאָוו, דער גרעסטער מארקסיסטישער דענקער און באגאבטעסטער מענש נאָך מארקס'ן און ענגעלס'ן, איז, אלזאָ, געווען דער טעאָרעטיקער, דער אָנזאָגער פון דער פּראָלעטארישער פיהרערשאפט אין דער אומפארמיידליך פּראָלעטארישער רעוואָלוציע אין רוסלאנד.

פּלעכאנאָוו איז געווען פּונקט אזוי רעוואָלוציאָנער אין די פראגען פון טאקטיק. נעהמט, צוםביישפּיעל, די פראגע וועגען: יע, א רעוואָלוציע אָדער ניט א רעוואָלוציע, ס'הייסט וועגען א רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק אָדער א פּאָליטיק פון רעפאָרמעס. מיר וועלען ציטירען ווידער אמאָל ג. זינאָוויעוו'ס רעדע אויף דער טרויער־פארזאמלונג אין פּעטראָגראד נאָך פּלעכאנאָוו'ס טויט:

„פּלעכאנאָוו האָט געקרייציגט שווערדען מיט לעוו טיכאמיראָוו'ן, דעם געוועזענעם פיהרער פון די נאראָדניקעס *), וואָס איז שפּעטער אריבער אויף דער זייט פון דער מאָנארכיע...

טיכאמיראָוו האָט אין דעם ליטערארישען ויכוח געמאכט א הנחה דער וואקסענדיגער ארבייטער באוועגונג און ער האָט געזאָגט: יע, איך גיב צו, אז איצטער ווען דער ארבייטער־קלאָס אין רוסלאנד ענטשטעהט און וואקסט מיט יעדען טאָג, איצטער אנערקען איך, אז דער ארבייטער קלאָס ווערט זעהר וויכטיג פאר דער רעוואָלוציע. דארויף האָט פּלעכאנאָוו געענטפערט מיט זיין כאראקטעריסטישען גלאנץ: ניין, בירגער טיכאמיראָוו, ניט אום דעם האנדעלט עס זיך, וואָס דער ארבייטער קלאָס איז וויכטיג פאר דער רעוואָלוציע, עס געהט אום דעם אז די רעוואָלוציע איז וויכטיג פאר דעם ארבייטער־קלאָס.

דער תמצית פון דעם דאָזיגען ווערטער־שפּיעל באשטעהט דארין, וואָס פּלעכאנאָוו האָט דעמאָלט געגלויבט, אז ניט דארף דער ארבייטער־קלאָס שפּיעלען די ראָל פון א מיטעל פאר עמיצען אָן

---

*) די נאראָדניקעס האָבען געגלויבט אַז רוסלאַנד וועט אויסמיידען די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג און אָהן אַן ארבייטער־קלאַס, נאָר אַ דאַנק דעם שטימונגס־סאָציאַליזם, מיט וועלכען עס זיינען אָנגעשטעקט די פּויערען, וועט רוסלאַנד גלייך אַריבער פון דער פּעאָדאַלער אָרדנונג צו דער סאָציאַליסטישער.

אַנדערענס ציעל: די רעוואָלוציע, נאָר די רעוואָלוציע איז זיין זאַך און זיין מיטעל צו זיין אייגענעם ציעל, און פאָלגליך דאַרף זי זיין אַזאַ, וואָס וועט ברענגען צו זיין סאָציאַלער באַפרייאונג.

און — נאָך איין פונקט, דער לעצטער: פּלעכאַנאָוו האָט געוואוסט, אַז כדי „די רוסישע רעוואָלוציע זאָל זיגען אַלס אַן אַרבייטער־רעוואָלוציע", און ווייל „די רעוואָלוציע איז וויכטיג פאַר דעם אַרבייטער־קלאַס" מוז קלאָר אוועקגעשטעלט ווערען דאָס פּראָבלעם פון ענטשיידענעם קאַמף פאַר מאַכט, דאַרף מען זיך ניט אָפּשטעלען פאַר דאָס ניט אָנגענעמע — פ א ר כ א פ ע ן די מאַכט און די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. די ווערטער, וואָס ווערען דאָ געבראַכט האָט געשריבען ניט קיין אַנדערער, ווי פּלעכאַנאָוו אין זיין פאָרוואָרט צום „קאָמוניסטישען מאַניפעסט" פון ק. מאַרקס און פ. ענגעלס:

„די אויפגאַבע פון דעם... פּראָלעטאַריאַט באַשטעהט פריהער פון אַלץ אין דעם, וואָס ער זאָל באַזייטיגען די אומשטענדען וועלכע מאַכען די... דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע מעגליך. צו דער צאָהל פון די וויכטיגסטע אומשטאַנדען אַזעלכע געהערט די אונענטוויקעלטקייט פון דעם קלאַסען־באַוואוסטזיין פון די פּראָדוצירער, אַ באַדייטענדע טייל פון וועלכע איז נאָך אַלץ אונטער דעם איינפלוס פון די עקספּלואַטאַטאָרס. איינע פון די וויכטיגסטע פּראַקטישע אויפגאַבען פון דער פּאַרטיי באַשטעהט דעריבער אין דער אויפקלערונג פון די ניט־אויפקעקלערטע, אין דעם אונטערטרייבען די אָפּגעשטאַנענע, אין דער ענטוויקלונג פון די ניט־ענטוויקעלטע. די פּאַרלאַמענטאַרישע און אַנדערע לעגאַלע פּאָליטישע טעטיגקייט פון די פאָרשטעהער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע העלפט צו פאַרווירקליכען די דאָזיגע אויפגאַבע און דעריבער פאַרדיענט די דאָזיגע טעטיגקייט י ע ד ע אַ כ־ ט ו נ ג און שט י צ ע. זי איז גוט מיט דעם וואָס זי באַזייטיגט די גייסטיגע באַדינגונגען פאַר דער מעגליכקייט פון אַ דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע און באַשאַפט גייסטיגע באַדינגונגען פאַר דער מעגליכקייט פון אַ צוקינפטיגער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט; זי גרייט צו דעם באָדען

פאַר איהם. אַנצורופען די אַנווייזונג צו די פּראָלעטאַריער אויף דער נויטווענדיגקייט פון אַ דיקטאַטור פון זייער קלאַס מיט דעם נאָמען פ ר אַ ז ע קען נאָר דער, וואָס האָט פאַר־לאָרען יעדען באַגריף וועגען דעם ענד־ציעל און וואָס דענקט בלויז וועגען דער באַוועגונג אין דער ריכטונג פון בורזשואַזען סאָציאַליזם".

פאַר פּלעכאַנאָוו'ן איז דער ענד־ציעל פון סאָציאַליזם ניט געווען דענקבאַר אָהן דער דיקטאַטור פון דעם אַרבייטער־קלאַס. און ער האָט, פאַרשטעהט זיך, גוט געוואוסט, אַז די דיקטאַטור וועט ניט אַרונטערפאַלען פון הימעל אין'ם מויל פון פּראָלעטאַריאַט גראַד בעת ער וועט פּוילערהייט גענעצען... יע, אודאי די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וויל קומען צו דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אויף דעם פרידליכסטען אופן, ווי דאָס איז נאָר מעגליך. אָבער, ס'קאָן גרייליך פּאַסירען, אַז דאָס זאָל ניט מעגליך זיין, וועט דאָך די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע ניט אָפּזאָגען זיך פון איהר צוועק (די דיקטאַ־טור פון פּראָלעטאַריאַט):

„...קיין צוועק קען זיך ניט ענדערען דערפאַר בלויז וואָס מענשען זוכען צו ערגרייכען איהם מיט וואָס וועניגער אנ־שטרענגונגען. אָבער איינמאָל האָבען מענשען באַשלאָסען צו ערגרייכען דעם ציעל, וועגדעט זיך דער אויסוואהל פון מיטלען שוין ניט אָן זיי אליין, נאָר אָן די אומשטענדען. און טאָקע דערפאַר וואָס די סאָציאַל דעמאָקראַטיע איז ניט אימשטאַנד פאָראויסצוזעהן אַלע אומשטענדען, אונטער וועלכע עס וועט אויסקומען דעם אַרבייטער־קלאַס אויסצוקעמפען זיין ה ע ר־ש אַ פ ט, קען זי זיך פּרינציפּיעל ניט אָפּזאָגען פון דעם מיטעל פון אַ ק צ י אָ ן ד ו ר ך ג ו וּ אַ ל ד. זי מוז געדענקען דעם אַלטען, אויסגעפּרואווטען כלל: ווילסטו שלום, טאָ גרייט זיך צו קריעג".

און — אַז עס זאָל קומען דערצו — צו אַן ענטשידענעם קריעג אין נאָמען פון אַ דויערנדען און העכערען שלום, וועט זיך פּלעכאַנאָוו ניט אָפּשטעלען פאַר פאַרלעצען אַזעלכע איינגעפונדע־ווערטע און פאַרהייליגטע אינסטיטוציעס, ווי די פאָרשריפטען פון דער פאָרמעלער דעמאָקראַטיע, ווייל די דעמאָקראַטיע, וואָס הערשט

אין אונזער אָרדנונג איז, ווי דאָס איז שוין פריהער ציטירט געוואָרען, נאָר א פאָרמעלע דעמאָקראַטיע, אַן אָנשטעל פון דעמאָקראַטיע, אַזאַ וואָס איז גאָר דער ווירקליכקייט די דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע. אַזוי לייענען מיר אין די פּראָטאָקאָלען פון דעם צווייטען צוזאַמענפאָהר פון דער רוסלענדער סאָציאַל דעמאָקראַטיע (1903), ווי פּלעכאַנאָוו זאָגט זיך אַרויס גאָר ניט צווייזייטיג און העכסט ניט שעמעוודיג וועגען אונזער באַציהונג צו די פּרינציפּען פון דעמאָקראַטיע אין צייט פון דער רעוואָלוציע:

„...דער ערפאָלג פון דער רעוואָלוציע איז דאָס העכסטע געזעץ. אויב עס זאָל נויטיג זיין צוליעב דעם ערפאָלג פון דער רעוואָלוציע צייטווייליג באַשריינקען די ווירקונג פון איין פּרינציפּ צי פון א צווייטען, וואָלט עס געווען פאַרברעכעריש די באַשרענקונג ניט צו מאַכען. ...אַפילו דעם פּרינציפּ פון אַלגעמיינעם וואַהל־רעכט דאַרף מען באַטראַכטען פון'ם שטאַנדפּונקט פון דעם נאָר וואָס אָנגעוויזענעם גרונט־פּרינציפּ פון דעמאָקראַטיע. מיר קאָנען זיך פאָרשטעלען אַזאַ פאַל ווען מיר, דעמאָקראַטען, זאָלען זיך אַרויסזאָגען געגען אַלגעמיינעם וואַהל־רעכט. די בורזשואַזיע פון די איטאַליענישע רעפּובליקען (צום סוף פון מיטעלאַלטער) פלעגט אַמאָל באַשרענקען די פּאָליטישע רעכט פון פּערזאָנען, וואָס האָבען געהערט צו דער אַריסטאָקראַטיע. דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט, קאָן זיין, זאָל מוזען באַשיינקען די פּאָליטישע רעכט פון די העכערע קלאַסען, פּונקט אַזוי ווי די העכערע קלאַסען פלעגען אַמאָל באַרויבען דעם אַרבייטער־קלאַס פון זיינע פּאָליטיש רעכט. צי איז אַזאַ מיטעל פּאַסיג? — דער ענטפער דאַרויף מוז אַרויס פון דעם כּלל: דאָס וואוילזיין פון דער רעוואָלוציע איז דאָס אַלערהעכסטע געזעץ. אויף דעם זעלביגען כּלל דאַרפען מיר בויען אונזער באַציהונג צו דער דויערנדקייט פון פּאַרלאַמענטאַרישע אינסטיטוציעס. ווען צ. ב., דאָס פאָלק, הינגעריסען פון רעוואָלוציאָנערען ענטוזיאַזם, זאָל ערוועהלען זעהר א גוטען פּאַרלאַמענט, — אַזאַ וואָס בעסער קאָן ניט געבען, — דאַרפען מיר סטאַרען זיך צו פאַרוואַנדלען איהם אין א לאַנגען פּאַרלאַמענט *). און אויב,

*) אַן אָנדייטונג אויף דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט, וואָס האָט דורכ־

פארקעהרט, די וואהלען זאָלען זיך ארויסווייזען ניט געלונגען, וואָלט עס געווען אונזער פליכט צו באמיהען זיך צו צוטרייבען ד'עם דאָזיגען פארלאמענט ניט אין צוויי יאָהר, אויב ער איז אויס־געוועהלט אויף צוויי יאָהר צייט, נאָר אין צוויי וואָכען, אויב מעגליך".

עס איז ניטאָ אין דער דאָזיגער רעדע וועגען דעמאָקראטיע און פארלאמענטאריזם און אין די פריהערדיגע ציטאטען וועגען דיקטאטור און גוואלדטאט קיין פארשיידענעם דערפון, וואָס לענין האָט געשריבען אין די שפּעטערדיגע יאָהרען און ווי ער האָט געהאנדעלט לעצטענס. דער איינציגער חילוק איז אפשר נאָר דער, וואָס לענין'ען האָט ניט גענומען אפילו קיין צוויי וואָכען צו צוטריי־בען א שלעכטען פארלאמענט (די גרינדונגס־פארזאמלונג), נאָר — וועניגער נאָך ווי צוויי שעה. אין פרינציפּ האָבען זיי ביידע מסכים געווען, דער איינציגער חילוק איז נאָר געווען אין דער ווירק־ליכקייט. פלעכאנאָוו האָט געזאָגט: אויב מעגליך, און לענין האָט געמאכט עס זאָל זיין מעגליך.

מיר האָבען זיך פארהאלטען אזוי לאנג און געבראכט די מעהרערע אויסצוגען פון פלעכאנאָוו'ן כדי צו באווייזען, אז עס איז ניט געווען לכתחלה קיין פרינציפּיעלער חילוק צווישען די הויפּט־טעאָרעטיקער פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאנד, און אז ניט אין שאפען די טעאָריע פון דער רעוואָלוציע בכלל באשטעהט לענין'ס גרעסערער אויפטו. ערשט נאָך דעם, ווי דער „אויף מאָרגען נאָך דער סאָציאלער רעוואָלוציע" איז געווען א שיער־שיער היינט, ווען דאָס וואָרט פון דער רעוואָלוציע האָט געהאלטען ביים פארוואנדלען זיך אין טאט, דעמאָלט איז עס געקומען די טיעפע חילוקי־דעות, און פון דעמאָלט אָן וואקסט נ. לענין'ס באדייטונג, אלס טעאָרעטיקער פון דער ב א ל ד י ג ע ף רעוואָלוציע. פאר דעם פראָסטעוואטער מח פון דעם מין וואָס דענ־

---

געפיהרט די רעוואָלוציע אין ענגלאנד געגען דער קעניגליכער מאכט און וואָס האָט זיך פארענדיגט מיט דער הינריכטונג פון קעניג אין יאָהר 1649. דער פארלאמענט האָט זיך ניט אויפגעלייזט, אזוי לאנג ווי דאָס איז נויטיג געווען צו פארווירקליכען די רעוואָלוציע.

קען און קריינקען איז ביי איהם אלץ איינס, שטאמט דערפון דער האסטיגער שלום: לענין איז געווען אן אמת'ער סאָציאַליסט און א רעוואָלוציאָנער, און אלע אנדערע — פאררעטער, און מיט דער דאָזיגער „ערקלערונג" טייטשט מען אויס דעם וויטערדיגען אידעען־קאמף אין דע רוסישער רעוואָלוציע. אָבער, ווי זאָגט מארקס, אין זיין „רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע": ניט פיעל באַזיצט דער היסטאָריקער, וואָס ווייס איין ערקלעהרונג פון דעם ערפאָלג אָדער דורכפאַל אין גרויסע געשיכטליכע אונטערנעמונגען, און די דאָזיגע ערקלעהרונג באשטעהט פון דעם איין פונקט, אז דער און דער פיהרער, אז די און די טוער האָבען „פאררראטען". דער אמת'ער גרונט פון די דיפערענצען, וואָס האָבען געבראכט פיעלע פון די אמאָליגע „שותפים אין געוועהר" ביז צו „ביידע זייטען פון דער באריקאדע", איז אין גרונט גענומען די פארשידענע אָפּשאצונג פון מאָמענט, און מענשען קאָנען זיך פאנאנדערגעהן אין דער אָפּשאצונג פון א געוויסען מאָמענט ניט ווייניגער עהרליך, ווי אין דער אנערקענונג פון א געוויסען פּרינציפּ. אזא ערקלערונג דערנידעריגט אפשר ניט גענוג די אלע וואָס האָבען געמאכט א מעות אין דער דאָזיגער אָפּשאצונג, אָבער זי ווייזט ארויס א גרעסערען אנאליטיקער, א שארפערען מוח, א גרעסערען סטראטעג אין דעם פיהרער פון דער ריכטונג אין דער באוועגונג, וואָס האָט פריהער אנגעטאפּט דעם דופק פון דער געשיכטע. לענין'ס פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג איז דער פּלאַץ פון דעם פעהיגסטען סטראטעג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ער איז ניט געווען דער סטראטעג פון דער פּאָליטישער רעוואָלוציע אין 1905. ער האָט זי דעמאָלט ניט געפריידיגט. עס איז נאָך ניט געווען געקומען איהר טאָג. ער איז ערשט ארויף אויבענאויף אין 1917, ערב און בעת דער רעוואָלוציע, וואָס האָט געמאכט א סוף צו דער בורזשואזיע אין רוסלאנד. דעמאָלט האָט לענין ארויסגעוויזען זיך טיעפזיניגער און גרעסער פון זיינע חברים און אפילו פון זיינע לעהרער. ער האָט באזיעגט זיינע געגנער אין דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע. זיין אידעע האָט טריאומפירט, און דאָס איז דער גרעסטער נצחון.

.4

20 יאָהר האָט לענין געפריידיגט זיין באַציהונג צו דער רעוואָלויע, אויסגעאַרבייט זיין סטראַטעגיע און ער האָט דאָך דערוויזען ניט צו ווערען ניט דער אויטאָקראַט און ניט דער פאַנאַטיקער פון דער רעוואָלוציע, ווען די רעוואָלוציע איז צושטאַנד געקומען. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזען, ווען די געשיכטליכע ענטוויקלונג, ווען דער ווילען פון זיין פּראָלעטאַרישער מאַיעסטעט דעם אַרבייטער קלאַס אין רוסלאַנד, און, ענדליך, לענין'ס אייגענע פעהיגקייטען און אייזערנע ענטשלאָסענהייט האָבען איבערגעגעבען צו איהם אין די הענד אַריין דעם רודער פון דעם לעבען פון אַ ריזיגען פאָלק אין דער אייגענאַרטיגסטער היסטאָרישער לאַגע, וואָס די געשיכטע פון דער מענשהייט ווייסט. דעמאָלט האָט לענין דערוויזען, אַז ער איז ניט קיין פאַנאַטיקער, נאָר אַן אמת'ער פיהרער. ער האָט באַוויזען די גרויסע קראַפט, די פעהיגקייט צו לערנען פון לעבען, צו מאַכען קאָמפּראָמיס מיט'ן לעבען, ערשט און גראָד דעמאָלט, ווען ער איז געוואָרען דער מייסטער פון לעבען.

אזוי איז געווען דער פאַל אין דער לפי ערך קורצער ווייל, אין 1918, ווען אויף אַ רגע האָט עס אויסגעקוקט, ווי די סאָוועט־רעפּובליק וואָלט פּטור געוואָרען פון דעם ביטערען בירגער קריעג און זי קאָן זיך אָפּגעבען מיט דער אַזוי נויטיגער אינערליכער קאָנסטרוקטיווער אַרבייט. דעמאָלט האָט זיך אַרויסגעוויזען לענין'ס באַוואונדערונגסווערטע בויגזאַמקייט. צו יענער צייט געהערט זיין רעדע „די סאָוועטען ביי דער אַרבייט“, וואָס געהט אַריין אין דעם פאָרליגענדען באַנד, און וואָס איז פאָרלויפיג די איינציגע אַרבייט און וועגווייזער אין דער פּראַקטיקע פון רעוואָלוציע. עטוואָס מיעד, ווייזט אויס, פון די אפשר אומפאַרמיידליך אָבער גרויזאַמע מעטאָדען מיט וועלכע עס איז אויסגעקומען פּטור צו ווערען פון דעם אָרגאַניזירטען ווידערשטאַנד פון די קעגען־רעוואָלוציאָנערע כחות, איילט זיך לענין צו פאַרזיכערען די געגנער און צו וואָרנען די פריינד, אַז די „רויטע גוואַרדיע מעטאָדען“ פון אָנגרייפען די קאָנטר־רעוואָלוציע זיינען בשום אופן ניט די מעטאָדען, מיט וועלכע עס זאָל געבויט ווערען די באַפעסטיגטע נייע אָרדנונג. די „רויט־

טע גוואַרדיע מעטאָדען" זאָגט לענין, דער זיעגרייכער פיהרער, זיינען גוט צו שלעכט, אַזוי לאַנג ווי דער אָרגאַניזימער און באַוואַ־פענטער ווידערשטאַנד פון דער בורזשואַזיע פּראָוואָצירט זיי, אָבער ניט אויף איין ווייל לענגער. נקמה און האַס זיינען ניט די מדות פון אַ רעוואָלוציאָנער, און ניט פון דער רעוואָלוציע. טיעף אינערליך דורשט די רעוואָלוציע נאָך פריעדען און פריעדליכקייט, און יעדער פאָרמע פון גוואַלד צו פון צוואַנג איז איהר דערווידער. זעלבסט־דיסציפּלין, אַליין־קאָנטראָל און אחריות — מיט די מדות דאַרף די רעוואָלוציע געווינען, און בלויז דעמאָלט וועט איהר גע־ווינס זיין דויערנדיג, אַזוי לערנט לענין זיינע פריינד. דאָס איז דער היפּוך פון פאַנאַטיזם, דער אמת'ער סימן פון גרויסער פיה־רערשאַפט.

נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע ווערט לענין ניט בלויז דער סטראַטעג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, נאָר אויך איהר פּראַק־טיקער און דיפּלאָמאַט. פריהער, פאַר דער רעוואָלוציע איז זיין אויפגאַבע געווען צו טרייבען פאָרוערטס, צו באַטאָנען די רעוואָ־לוציע, ניט אָפּצוטרעטען פון פלעק און צו באַשטעהן אויף יעדער אות פון פּראָגראַם. איצטער ווערט לענין גאַנץ אָפּט דער רעגו־לירענדער עלעמענט אין דעם שפּיעל פון די רעוואָלוציאָנערע כחות. ער ווערט אָפּטמאָל דער קאָנסערווירענדער כח פון דער רעוואָלוציע.

ער האָט געוואוסט, ווי לויז צו לאָזען די איינגעצאַהמטע קרעפ־טען פון דעם סאָציאַלען וואולקאַן. אָבער אויך ווייס ער ווי זיי איינצוהאַלטען. ער וואַגט צו פאַרהאַלטען די אינסטינקטיווע שטרעמונג פון די מאַסען צו אַנאַרכיע, און ער שאָנעוועט ניט דעם דאָגמאַטישען רעוואָלוציאָנאַריזם פון די פיהרער. ער גיט נאָך די מאַסען, ווייל בלויז מיט די מאַסען קאָן די סאָציאַל דעמאָקראַטיע ארויס פון אונטער דער ערד. ער געהט מיט'ן שטראָם, אָבער נאָר אַזוי ווייט ווי דאָס ענטשפּרעכט די ציעלען פון דער סאָציאַליס־טישער רעוואָלוציע, און דאָס איז — די הערשאַפט פון באַוואוסט־זיניגקייט איבער די אינסטינקטען.

דאָן קיכאָטסטוואָ און אוטאָפּיזם זיינען לענין'ן פרעמד. ער איז אַ רעוואָלוציאָנערער רעאַליסט אין'ם בעסטען זינען פון וואָרט. ער איז אָפּטמאָל מקריב פונקטען פון טעאָריע צוליעב פּראַקטישען

אויפטו, אָבער ער ציעלט נאָר אין דעם אויפטו וואָס דיענט דעם פּרינציפּיעלען רעוואָלוציאָנערען ענדציעל.

צי עס איז ריכטיג צי ניט, נאָר מען דערצעהלט וועגען לע־נין'ען און דאָס איז פאַר איהם העכסט כאַראַקטעריסטיש, אז ווען עמיצער האָט איהם אויפגעוואָרפען, אז עפּעס ערגיץ אין זיינע פריהערדיגע שריפטען שטימט ניט מיט זיינער א שפּעטערדיגע האַנדלונג אָדער אויסערונג, האָט לענין אַן עצה געגעבען:

„רייסט אוים יענעם בלעטעל".

דער וואָס וויל אויסרייסען מיט'ן וואָרצעל די היינטיגע געזעל־שאַפטליכע אָרדנונג מוז באַרייט זיין, אייב נויטיג, אויסרייסען בלעטלאך פון כתבים וואָס זיינען אפשר גילטיג געווען אין זייער צייט אָבער שטימען ניט מעהר מיט'ן לעבען.

מען דאַרף קאָנען צוגעבען טעות'ען און לערנען פון אַלטע טעות'ען, ווי אַזוי קיין נייע ניט צו מאַכען.

## II. ג. לענין און די שטרייט־פראגען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער רעוואָלוציע פון 1905.

**א. וועגען דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע אין דער ס. ד. פּאַרטיי.**

צווישען די סכסוכים וואָס האָבען צוטיילט די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אויף צוויי טיילען — באָלשעוויקעס, די מערהייט, און — מענשעוויקעס, די מינאָריטעט, האָט אַ גרויסע ראָלע געשפּיעלט די אַזוי גערופענע אָרגאַניזאַציאָנס־פּראַגע. שוין די ערשטע טיילונג פון דער פּאַרטיי אויף באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס איז פאָרגעקומען אויף דעם צווייטען צוזאַמענפאָהר פון דער פּאַרטיי, אין 1903, צוליעב דעם ערשטען פּאַראַגראַף פון די פּאַרטיי־סטאַטוטען וואָס האָט געזאָלט באַשטימען, ווער עס האָט רעכט צו רופען זיך פּאַרטיי־מיטגליעד, אָדער אין אַנדערע ווערטער: ווי אַזוי זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערען די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון דעם ארבייטער קלאַס. פּאַרטייידיגענדיג זיין שטאַנדפּונקט, אַז די פּאַרטיי דאַרף זיין אַ צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע פון איבערצייגטע און אַקטיווע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, זאָגט לענין (אין „שאַג וופּעריאָד, דוואַ שאַגאַ נאַזאַד", זשענעווו, 1904. ז. 41):

„...מיר זיינען אַ פּאַרטיי פון אַ קלאַס, און דערפאַר דאַרף כמעט דער גאַנצער קלאַס — און אין צייט פון בירגער־קריעג טאַקע דער גאַנצער קלאַס — ארבייטען אונטער דער לייטונג פון אונזער פּאַרטיי און צושטהען אַזוי ענג ווי מעגליך צו אונזער פּאַרטיי. עס וואָלט אָבער געווען זינלאָז צו טראַכטען, אַז ווען עס איז, אונטער'ן קאַפּיטאַליזם, זאָל דער גאַנצער ארבייטער־קלאַס דערהויבען זיך צו דער זעלביגער שטופע פון באַוואוסטזיניגקייט און אַקטיוויטעט, ווי זיין אַוואַנגאַרד, זיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. קיין סאָציאַלדעמאָקראַט, וואָס איז ביים פולען פאַרשטאַנד, צווייפעלט ניט, אַז אפילו די פּראָפעסיאָנעלע

פאַראיינען, וואָס אַ דאַנק דער איינפאַכקייט פון זייערע אויפגאַ־
בען, זיינען זיי מעהר צוגענגליך פאַר די ניט אַנטוויקעלטע מאַסען,
זיינען אויך ניט אומשטאַנד, אַזוי לאַנג ווי דער קאַפּיטאַליזם
גילט, ארומצונעמען דעם גאַנצען ארבייטער קלאַס אָדער כמעט
דעם גאַנצען ארבייטער קלאַס... מיר זיינען אַ פּאַרטיי פון קלאַס,
אויף וויפיעל מיר פיהרען אָן סאָציאַלדעמאָקראַטיש, אין
דער ווירקליכקייט, דעם כמעט גאַנצען אָדער זאָל
זיין דעם גאַנצען ארבייטער קלאַס. אָבער דערפון דרינגט ניט,
אַז מיר זאָלען, אין דער טעאָריע ערקלעהרען פאַר
אַלץ איינס דעם ארבייטער קלאַס און די פּאַרטיי פון ארבייטער
קלאַס... דערמיט וויל איך אָבער אויך ניט זאָגען, אַז די פּאַרטיי־
אָרגאַניזאַציעס דאַרפען באַשטעהן נאָר פון פּראָפעסיאָנעלע
רעוואָלוציאָנערען. מיר דאַרפען האָבען די פאַרשיידענאַרטיג־
סטע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע מינים, כאַראַקטערען און שאַטי־
רונגען, אָנהויבענדיג פון די גאָר ענגע און קאָנספּיראַטיווע און
ענדיגענדיג מיט די גאָר ברייטע, פרייע און לויזע אָרגאַניזאַציעס...
כדי צו זיין אַ סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי דאַרפען
מיר דערשלאָגען זיך, אַז דער ארבייטער קלאַס זאָל אונז
שטיצען. ניט די פּאַרטיי דאַרף ארומכאַפּען דעם ארבייטער
קלאַס, ווי מיינע געגנער ווילען מיך אויסטייטשען, נאָר דער אר־
בייטער קלאַס דאַרף אָרומכאַפּען די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

„...פאַר דעם עקאָנאָמישען קאַמף דאַרפען די ארבייטער
האָבען פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. יעדער סאָציאַלדעמאָקראַט איז
מחויב לויט זיינע כחות ארבייטען און אַקטיוו העלפען אין אַזעלכע
(עקאָנאָמישע) אָרגאַניזאַציעס... אָבער עס איז דורכאויס ניט אין
אונזערע אינטערעסען צו פאָדערען, אַז נאָר סאָציאַלדעמאָקראַטען
זאָלען זיין מיטגליעדער פון די פאַכאָווע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיי־
נען.. דאָס וואָלט פאַרשמעלערט אונזער ווירקונג אויף די מאַסען.
זאָלען אריינטרעטען אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אַלע אר־
בייטער, וואָס באַגרייפען די נויטווענדיגקייט פון פאַראייניגען זיך
צוליעב דעם קאַמף מיט די בעלי בתים און מיט דער רעגירונג. די
ציעלען פון די פאַכאָווע פאַראיינען וואָלטען ניט געווען דער־
גרייכבאַר אויב זיי זאָלען ניט פאַראייניגען אַלע ארבייטער, וואָס

באַגרייפען כאָטש אַ ביסעל זייערע אינטערעסען. די פאַכאָווע פאַראיינען דאַרפען זיין ברייטע מאַסען־אָרגאַניזאַציעס. און וואָס ברייטער זיי וועלען זיין אַלץ ברייטער וועט זיין אונזער ווירקונג אויף זיי, ניט בלויז אין דעם זינען, וואָס זיי וועלען אינסטינקטיוו און סטיכיש הינגעריסען ווערען פון עקאָנאָמישען קאַמף, נאָר טאַקע דערמיט וואָס אונזערע גענאָסען די סאָציאַליסטישע מיטגליעדער אין די אָרגאַניזאַציעס וועלען באַוואוסטזיניג און צוועקמעסיג וויר־קען אויף זיי...

„... עס קאָן ניט זיין קיין צוויי מיינונגען, אַז די דאָזיגע פאַראיינען דאַרפען אַרבייטען אונטער דעם קאָנטראָל און לייטונג פון די סאָ־ציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס. אָבער עס איז דורכאויס זינ־לאָז, אַז אויף דעם סמך זאָל מען געבען יעדער מיטגליעד פון אַזעל־כע פאַראיינען דאָס רעכט צו ערקלעהרען זיך פאַר סאָציאַלדעמאָ־קראַטען. דאָס וואָלט, ערשטענס, באַשריינקט די פאַכאָווע באַווע־גונג און וואָלט אָפּגעשוואַכט די סאָלידאַריטעט פון די אַרבייטער אויף דעם עקאָנאָמישען געביט. און, צווייטענס, וואָלט דאָס געמאַכט פלאַץ פאַר צושוואומענקייט און וואַקלונגען אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי... די פאַרטיי דאַרף און וועט זיך סטאַ־רען דורכצודרינגען מיט אהיר גייסט די פאַכאָווע פאַראיינען און האַלטען זיי אונטער איהר ווירקונג, אָבער כדי צו פאַרשטאַרקען אָט די ווירקונג איהרע, וועט זי מוזען אויסטיילען און אָפּזונדערען די פולשטענדיג סאָציאַלדעמאָקראַטישע עלעמענטען אין די פאַר־איינען פון די ניט אינגאַנצען באַוואוסטזיניגע און ניט אינגאַנצען פּאָליטיש־אַקטיווע.

„... די צענטראַליזירונג פון די מעהר קאָנספּיראַטיווע פונק־ציעס אין דער אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערען וועט ניט אָפּ־שוואַכען, נאָר, פאַרקעהרט, ערשט רייכער מאַכען די פאָרמע און דעם אינהאַלט פון דער טעטיגקייט פון דער גרויסער מאַסע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געשאַפען פאַר די ברייטערע מאַסען און זיינען דערפאַר ווייניגער באַשטימט און אַזוי ווייניג קאָנספּיראַ־טיוו, ווי נאָר מעגליך, ווי, צ. ב. : פאַכאָווע אַרבייטער פאַראיינען, זעלבסט־בילדונגס־קרייזלעך פון אַרבייטער, סאָציאַליסטישע און אויך דעמאָקראַטישע קרייזלעך אין אַלע אַנדערע שיכטען פון דער

באפעלקערונג, און ד. גל. מען דארף וואס מעהר און אומעטום אזעלכע פאראיינען, קרייזלעך און ארגאניזאציעס מיט די פארשייד־דענארטיגסטע אויפגאבען, אבער עס איז אומזיניג און שעדליך צונויפצומישען זיי מיט דער ארגאניזאציע פון רעוואלוציאנערען און אפצומעקען דעם גרעניץ צווישען זיי...

„... דער פלאן, אז יעדער איינער, וואס אנערקענט דאס פראגראם פון דער פארטיי, שטיצט די פארטיי מיט מאטעריעלע מיטלען און טוט פאר איהר רעגעלמעסיגע ארבייט אונטער דער השגחה פון וועלכער עס איז פארטיי־ארגאניזאציע, זאל באטראכט ווערען אלס א פארטיי מיטגליעד, וועט נאר נוצען ברייננגען די אינ־טעליגענטען, וואס זיינען דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט בור־זשואזען אינדיווידואליזם און ווילען ניט אריין אין אן ארגאניזאציע. מען גיט אונז אן אין נדן, אז אט די פארמולע באשיצט די רעכט פון די ברייטע שיכטען ארבייטען אין אונזער פארטיי. אבער דאס איז נאר אזוי אויפ'ן ווארט. אין דער ווירקליכקייט וועט ער נאר העלפען דער בורזשואזער אינטעליגענץ וואס וייכט ווי פון פייער פון פראלעטארישער דיסציפלין און ארגאניזאציע. קיינער וועט ניט איינשטעלען זיך צו לייקענען, אז די אינטעליגענץ, אלס גאנצע, אלס א באזונדער שיכט פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, צייכענט זיך אויס מיט איהר אינדיווידואליזם און איז ניט פעהיג צו דיסציפלין און ארגאניזאציע. דערמיט, אגב אורחא, צייכענט זיך אויך אויס אזוי ניט־גינסטיג פון דעם פראלעטאריאט דער דא־זיגער געזעלשאפטליכער שיכט. דערמיט ערקלעהרט זיך די אינטע־ליגענטישע צוקראכענהייט און ניט־שטאנדהאפטיגקייט, וואס לאזט זיך אזוי אפט פיהלען אינ'ם פראלעטארישען קאמף...”

אין די געבראכטע שטעלען רעדט לענין גאנץ גענוי וועגען דער פארטיי, וואס איז אינ'ם ענגערען זינען, „אן ארגאניזאציע פון רע־וואלוציאנערען.” עס וועט זיין ניט אינטערעסאנט צו ברייננגען א נעגאטיוון בילד, וואס ער מאהלט פון די פראפעסיאנעלע רעוואָ־לוציאנערען אין די 90־ער יאהרען, ווייזענדיג דערמיט, וואס א פראַ־פעסיאנעלער רעוואלוציאנער זאל ניט זיין. אזוי שרייבט לענין אין זיין באריהמטער ארבייט „וואס טוט מען (שטא דיעלאט)”:

„א דאנק אונזער פרימיטיווקייט (ניט גענינגענדער ענטוויק־

לונג) האָבען מיר דערנידעריגט דעם פרעסטיזש פון דעם רעוואָלוציאָנער אין רוסלאַנד. שוואַך און וואַקלענדיג אין פראַגען פון טעאָריע, מיט אַן ענגען, באַשריינקטען אויסבליק, מיט טענות אַז די מאַסען זיינען ניט דיסציפּלינירט כדי צו רעכטפערטיגען זיין אייגענע שוואַכקייט, מעהר עהנליך אויף אַ סעקרעטער פון אַן ענגלישען טרעיד־יוניאָן ווי אויף אַ פאָלקס־טריבון, אומפעהיג אויסצוארבייטען גרויסע און געוואַגטע פּלענער, וואָס זאָלען אַרויסרופען דרך ארץ אפילו ביי די געגנער, אונערפאַהרען און ניט פלינק אויף זיין אייגענטליך פּראָפעסיאָנעלען געביעט, ד. ה. אין קאַמף מיט דער פּאָליטישער פּאָליציי, איז ער, כ׳לעבען, ניט קיין רעוואָלוציאָנער, נאָר אַ ניט־געלונגענער אמאַטאָר (ליעבהאָבער).

„זאָלען מיר אונזערע קעמפּער מוחל זיין דעם הארבען וואָרט, וואָרים אויף וויפיעל איך רייד פון מאַנגעל אין פּאָרבארייטונג רייד איך וועגען זיך אין דער ערשטער שורה. איך אַרבייט אין אַ גרופּע, וואָס שטעלט זיך זעהר גרויסע און ברייטע ציעלען און מיר, מיטגליעדער פון דער גרופּע, מיר ליידען ביטער פון דעם געדאַנק, אַז מיר זיינען ניט מעהר ווי ליעבהאָבער (אַמאַטאָרען) און דאָס גראַד אין אַ צייט פון דער געשיכטע, ווענען וועלכער עס לאָזט זיך זאָגען דאָס באַקאַנטע וואָרט, עטוואָס אומגעענדערט: גיט אונז אַן אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערען און — מיר וועלען גאַנץ רוסלאַנד איבערקעהרען! און אָפט דערהויבט זיך אין מיר דער געפיהל פון פלאַמיגער שאַנדע און איך פיהל זעהר ביטער קעגען די פאַלשע סאָציאַלדעמאָקראַטען, וואָס האָבען מיט זייערע דרשות ענטעהרט דעם נאָמען פון אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס פאַרשטעהען ניט, אַז ניט איז עס זייער פליכט צו פאַרטיידיגען די ארונטערזעצונג פון׳ם רעוואָלוציאָנער ביז דער שטופע פון אַ ל י ע ב ה אָ ב ע ר, נאָר צו דערהויבען די ליעבהאָבער ביז צו דער מדרגה פון רעוואָלוציאָנערען...”

ב. לענין׳ס בליק אויף דער באַטייליגונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין אַ צייטווייליגער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

די פראַגע וועגען דעם צי די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי זאָל זיך באַטייליגען אין אַ צייטווייליגער רעוואָלוציאָנערער רעגיע-

רונג, וואָס וועט געשאפען ווערען אין דער ערפאָלגרייכער ענטוויק־
לונג פון דער רעוואָלוציע, איז היים דעבאטירט געוואָרען אין די
יאָהרען 1903—1905. לענין׳ס שטעלונג אין דער פראגע איז אם
קלאָהרסטען אויסגעדריקט אין זיין רעדע וועגען דעם ענין אויף
דעם דריטען (באָלשעוויסטישען) צוזאמענפאָהר פון דער פארטיי
אין 1905. מיר ברייגגען די פאָלגענדע אויסצוגען פון דער רעדע
(פראָטאָקאָלען פון 3טען צוזאמענפאָהר פון דער רוסלענדער סאָצ.־
דעמ. ארב. פארטיי, זשענעוו, 1905. ז. 161 און ווייטער):

„... מען ווייזט אונז אָן דערויף, אז אויב מיר זאָלען נעמען
אָן ענטשיידענדען אנטייל אין אויפשטאנד וועלען מיר זיין אין גע־
פאהר, אז דער פראָלעטאריאט וועט אונז צווינגען פארנעמען די
מאכט... מען דערמאָנט אונז אָן ענגעלס׳עס באריהמטע ווערטער וועגען
דער געפעהרליכער לאגע פון דעם פיהרער, וואָס האָט באקומען
די מאכט פון די הענט כון א קלאס, וואָס איז נאָך ניט דערוואקסען
פאר פולער הערשאפט... האָבען מיר געענטפערט, אז ענגעלס זעהט
די סכנה, ווען דער דאָזיגער פיהרער האָט ערשט א ח ר
ה מ ע ש ה איבערצייגט זיך אין דעם גענענזאץ צווישען דער
ווירקליכקייט און די פרינציפען. אזא געגענזאץ פיהרט צום אונ־
טערגאנג אינ׳ם פאָליטישען זינען, ניט אין זינען פון פיזישער ני־
דערלאגע. איהר זייט דעמאָלט געצוואונגען צו באהויפטען, אז די
איבערקעהרעניש איז א סאָציאליסטישע, בעת אין דער אמת׳ען איז
זי נאָר א דעמאָקראטישע. און וואָלטען מיר איצטער צוגעזאָגט
דעם ארבייטער קלאס, אז מיר קאָנען פאר איהם פארזאָרגען די
פולע מאכט, וואָלט מען געקאָנט ליידען וועגען אזא טעות. מיר
וואָלטען דעמאָלט געמאכט דעם זעלביגען טעות, וואָס די סאָציאַ־
ליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען אלעמאָל פארזיכערט דאָס
פאָלק, אז די רעוואָלוציע וועט זיין ׳ניט א בורזשואזע, נאָר א דע־
מאָקראטישע׳. מיר, סאָציאלדעמאָקראטען פלעגען דערפון לאכען.
ניין, פלעגען מיר זאָגען, פון דער רעוואָלוציע וועט געניסען די בור־
זשואזיע, אָבער דער פראָלעטאריאט וועט געווינען די באדינגונגען
וואָס וועלען מעגליך מאכען זיין ערפאָלגרייכען קאמף פאר דעם סאָ־
ציאַליזם.

„וויבאלד עס האנדעלט זיך אום א דעמאָקראטישער איבער־

קעהרעניש האָבען מיר פאַר אונז צוויי כחות: די זעלבסטהערשונג און דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק, ס'הייסט, דער פּראָלעטאַריאַט אַלס דער וויכטיגסטער קעמפענדיגער כח און דאָס פּויערטום און אַלערליי קליין־בירגערליכע עלעמענטען. די אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט זיינען ניט די זעלבינע וואָס פון דעם פּויערטום און קליין־בורזשואזיע. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אַלעמאָל באַהויפּטעט, אַז סוף כל סוף איז אוממעגליך אַן אויפשטאַנד פונ'ם רעוואָלוציאָנערען פאָלק. אין קאָנקרעטען קאַמף איז מעגליך, אַז דאָס צוליעב וואָס עס פיהרט זיך דער קאַמף זאָל אריבער פון האַנט צו האַנט. דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק שטרעבט צו דער זעלבסטהערשונג פון פאָלק, אַלע רעאַקציאָנערע עלעמענטען שטרעבען צו דער זעלבסטהערשונג פון צאַר. דערפאַר איז עס אַנדערש ניט מעגליך, אין פאַל פון אַן ערפאָלגרייכען אויפשטאַנד סיידען ווי אַ דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, וועמענס אינטערעסען קעגען דער זעלבסטהערשאַפט זיינען איינע און דיזעלבינע. צו דעם טעזיס: געהן באַזונדער, שלאָגען צוזאַמען, גיבען מיר צו: אויב ש ל אָ ג ע ן צוזאַמען, טאָ זאָלען מיר אויך ד ע ר ש ל אָ ג ע ן צוזאַמען און צוזאַמען אויך אָפּשלאָגען יעדער פּאַרזוך פון דער זעלבסטהערשונג צוריק־צו־געווינען, וואָס זי האָט פאַרלאָרען. נאָך דער אומשטירצונג פון דער זעלבסטהערשונג, וועט דער קאַמף ניט אויפהערען, ער וועט נאָך שאַרפער ווערען. די כחות פון דער רעאַקציע ווועלען ערשט דעמאָלט זיך אָרגאַניזירען פאַר אַ געהעריגען קאַמף. איז — אויב מיר געברויכען דעם רוף צו אויפשטאַנד, טאָ זאָלען מיר ניט סטראַשען די סאָצ.־דעם. מיט דער מעגליכקייט פון אַ זיעג פון אויפשטאַנד. ווועלען מיר אויסקעמפען די זעלבסטהערשונג פון פאָלק, דאַרפען מיר זעהן זי איינצוהאַלטען, און דאָס איז דאָך — רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע דיקטאַטור. מיר האָבען ניט קיין גרונט פאַר איהר מורא צו האָבען. דאָס ערקעמפען פון דער רעפּובליק איז אַ ריזיגער געווינס פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט, הגם אַ רעפּובליק איז ניט דער אבסאָלוטער אידעאַל פאַר דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, ווי פאַר די בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערען. זי איז נאָר די ערבות פון מעהר פרייהייט אין קאַמף פאַר'ן סאָציאַליזם... די גאַנצע פראַגע ווענען דער רע־

וואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישער דיקטאַטור האָט נאָר אַ זינען ווען די זעלבסטהערשונג זאָל ענדגילטיג אַרונטערגעוואָרפען ווערען. ס'איז אָבער אויך מעגליך, אַז אונזער רעוואָלוציע זאָל זיך אויסלאָזען, ווי די רעוואָלוציע פון 1848—1850 אין דייטשלאַנד. דעמאָלט וועט, פאַרשטעהט זיך, קיין רייד ניט זיין וועגען וועלכער עס איז דעמאָקראַטישער דיקטאַטור. אָבער אויב די זעלבסטהערשונג זאָל ווירקליך פאַלען, וועט מען דאָך דאַרפען פאַרבייטען זי אויף אַן אַנדער רעגיערונג און דאָס קאָן נאָר זיין — אַ צייטווייליגע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, און זי קאָן זיך שטיצען נאָר אויף דעם רעוואָלוציאָנערען פאָלק, ס'הייסט, אויף די אַרבייטער און דאָס פויערטום. אויך קאָן זי ניט זיין קיין אַנדער זאַך ווי אַ דיקטאַטור, ס'הייסט, ניט אַן אָרגאַניזאַציע פון „אָרדנונג", נאָר אַן אָרגאַניזאַציע פון מלחמה. ווער עס גיהט אַטאַקירען אַ פעסטונג דער קאָן זיך ניט אָפּזאָגען פון פאָרטצוזעצען דעם קריעג אויך נאָכדעם, ווי ער וועט איינגעמען די פעסטונג. ענטוועדער — אָדער. ענטוועדער — מיר זאָלען נעמען די פעסטונג כדי זי איינצוהאַלטען, אָדער — מיר אַטאַקירען זי ניט און מיר זאָגען לכתחילה, אַז מיר ווילען נאָר אַ קליין שטיקעל פּלאַץ נעבען דער פעסטונג."

### ג. דאָס אַגראַר־פּראָגראַם פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

„...עס וואָלט געווען זעהר לייכט אויפצוקלעהרען אונזער פּראָגראַם אין דער פאָרמע פון איינפאַכע און קלאָהרע עצות, וואָס די סאָציאַלדעמאָקראַטיע דאַרף געבען דעם פּראָלעטאַריאַט און פויערטום אין דער צייט פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע.

„די ערשטע עצה מוז אומפאַרמיידליך זיין אזא: שטרענגט אָן אַלע כחות אַז דער אויפשטאַנד פון די פויערען זאָל דורכאויס און אין גאַנצען זיין ערפאָלגרייך. אָהן אזא זיעג קאָן קיין רייד ניט זיין וועגען „אָוועקנעמען" די ערד פון די פּריצים אָדער וועגען באַשאַפען אַן אמת דעמאָקראַטישען לאַנד. ווידער, דער איינציגער רוף, וואָס קאָן היגרייסען די פויערען אויף אַן אויפשטאַנד איז: די קאָנפיסקירונג פון אַלע פּריצישע לענדערייען (פאַר קיין אַרט ניט „ענטפרעמדען" אָדער „עקספּראָפּריאירען" בכלל, ווערטער וואָס

לאָזען אונטער ספק די גאנצע פראגע וועגען באצאָהלען די פריצים פאר „זייער" לאנד), און ניט אנדערש די קאָנפיסקירונג פון דעם לאנד דורך א קאָמיטעט נאָך איידער עס וועט זיך צונויפקלייבען א גרינדונגס־פארזאמלונג.

יעדער אנדער עצה פיהרט דערצו, אז די פראגע זאָל געשליכ־טעט ווערען ניט דורך אַן אויפשטאנד, נאָר דורך א פשרה מיט די פריצים, מיט דער רעאקציאָנערער צענטראלער מאכט, און איז ניט קיין רעוואָלוציאָנערע נאָר אַ ביוראָקראטישע לייזונג פון דער פרא־גע. וואָרים די דעמאָקראטישסטע פראָווינציעלע און „זעמסקע"*) אָרגאניזאציעס זיינען ניט מעהר ווי ביוראָקראטיש אין פארגלייך מיט רעוואָלוציאָנערע פויערען־קאָמיטעטען, וואָס צוטיילען די ערד גלייך אויפ'ן שטעל, נאָך דעם רעוואָלוציאָנערען אויפשטאנד, מא־כען א סוף מיט די פריצים און פארנעמען די רעכט, וואָס זאָלען ערשט שפעטער קריגען דעם הסכם פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג.

„די צווייטע עצה (פון דער ס. ד. פארטיי צו די ארבייטער און פויערען) דארף זיין ווי פאָלגט: סיידען די פאָליטישע אָרדנונג זאָל דורכאויס דעמאָקראטיזירט ווערען, די רעפובליק זאָל באפעס־טיגט ווערען און די זעלבסטהערשונג פון פאָלק זאָל זיין פולשטענ־דיג פארזיכערט, וועלען קיין ממשות ניט האָבען די עראָבערונגען פון דעם פויערען־אויפשטאנד און ס'וועט איבעריג זיין צו טראכטען וועגען וועלכע אנדערע שריט... און דערפאר דארפען מיר ריידען קלאָהר מיט די פויערען: האָט איהר פארנומען די ערד, דארפט איהר אויך געהן ווייטער, א ניט — וועלען די פריצים און די גרויסע בורזשואזיע אונפארמיידליך צוקלאפען אייך און פארשטויסען אייך צוריק. מען קאָן ניט פארנעמען די ערד און זי איינהאלטען אָהן ווייטערדיגע פאָליטישע עראָבערונגען און אָהן ווייטערדיגע קלעפ איבער פריוואט־אייגענטום בכלל. אין דער פאָליטיק, ווי בכלל אין געזעלשאפטליכען לעבען איז ניט געהן פאָרווערטס — א שריט

*) אונטער'ן נאָמען „זעמסטוואָ" איז באקאנט געווען אין דעם פאר־סאָוועטישען רוסלאנד די אָרטיגע זעלבסטפארוואלטונג, אויסער די שטעדט, אין וועלכע די פריצים האָבען געשפיעלט די ערשטע ראָלע און די פויערען — די לעצטע.

ריקווערטס. אָדער די בורזשואַזיע, וואָס וועט ערשט פאַרשטאַרקט ווערען פון דער דעמאָקראַטישער איבערקעהרעניש, וועט אַוועקנע־מען די ערֹאָבערונגען פון די ארבייטער און פון פויערען, אָדער — דער פּראָלעטאַריאַט און די פויערען־מאַסען וועלען זיך דורכשלאָגען דעם וועג פאָראויס. און דאָס באַדייט די רעפּובליק און די פולע זעלבסטהערשונג פון פאָלק. בתנאי, אז די רעפּובליק איז ערוואָר־בען, די גאַנצע לאַנד נאַציאָנאַליזירט און דער מאַקסימום פון אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע איז דערגרייכט, באַדייט עס, אַז עס ווערט געמאַכט דער ערשטער נאַטירליכער און אומפאַר־מיידליכער שריט פאָרווערטס פון דעם זיעג פון דעם בורזשואַזען דעמאָקראַטיזם צו דעם אָנהויב פון דעם ריכטיגען קאַמף פאַר דעם סאָציאַליזם.

„די דריטע און די לעצטע עצה: אָרגאַניזירט זיך זעלבסט־שטענדיג, איהר פּראָלעטאַריער פון שטאָדט און דאָרף. טרויט קיינע קליינע בעלי־בתים׳לאַך, מעגען זיי זיין ווער ווייסט ווי קליין און אויך אליין ארבייטען. לאָזט זיך ניט פאַרנאַרען מיט דער קליין־בעלי־בתישקייט בעת עס האַנדעלט זיך אום דער אָנהאַלטונג פון דער וואַארען־פּראָדוקציע. וואָס נעהענטער עס וועט האַלטען ביי דעם זיעג פון דעם פויערען־אויפשטאַנד, אַלץ ענטשיידענער וועלען זיך שטעלען געגען פּראָלעטאַריאַט די פויערען־בעלי־בתים, און אַלץ נויטיגער וועט עס זיין אַ זעלבסטשטענדיגע פּראָלעטאַרישע אָרגאַ־ניזאַציע, אַלץ ענערגישער, דרינגענדער און ענטשיעדענער וועלען מיר רופען צו דער פולער סאָציאַליסטישער איבערקעהרעניש. מיר שטיצען די פויערען באַוועגונג ביז צום סוף, אָבער — מיר דאַרפען געדענקען, אַז דאָס איז אַ באַוועגונג ניט פון אונזער קלאַס, ניט פון דעם קלאַס וואָס קאָן און וועט מאַכען די סאָציאַליסטישע איבער־קעהרעניש. מיר לאָזען דערפאַר אינגאַנצען אָפען די פראַגע וואָס צו טאָן מיט דער ערד אינ׳ם זינען פון בעל־הבית׳ישקייט. דאָס וועלען אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט ענטשיידען די קליינע און גרויסע בעלי־בתים. אונז אינטערעסירט: וואָס זאָל טאָן דער דאָרפישער פּראָלעטאַריאַט?... און מיר ענטפערען אָט אויף דער גרונט־פראַגע פון דעם נייעם רוסלאַנד: דער פּראָלעטאַריאַט אין דאָרף דאַרף זיך אָרגאַניזירען זעלבסטשטענדיג און צוזאַמען מיט׳ן

דאָרפישען פּראָלעטאַריאַט קעמפען פאַר דער פולער סאָציאַליסטי־שער איבערקעהרעניש.

„פאָלגליך, דאַרף אונזער אַגראַר־פּראָגראַם באַשטעהן פון דריי טיילען: ערשטענס, פאָרמולירען דעם ענטשיידענסטען רוף צום רעוואָלוציאָנערען פויערטום צו מאַכען אַן אַנגריף אויף דעם פּריצים׳שען ערד־באַזיץ; צווייטענס, גענוי אָנווייזען אַלע ווייטערדיגע שריט, וואָס עס זיינען נויטיג צו באַפעסטיגען די פויערים׳שע עראָבערונגען און צו מאַכען מעגליך דעם איבערגאַנג פון דעם זיעג פון דער דעמאָקראַטיע צו דעם באַלדיגען פּראָלעטאַרישען קאַמף פאַר׳ן סאָציאַליזם; דריטענס, אָנווייזען די פּראָלעטארישע קלאַסען־אויפגאַבען פון דער פּאַרטיי, וואָס ווערען אַלץ דרינגענדער און פאָדערען אַ קלאָהרע פאָרמולירונג מיט דער דערנעהענטערונג פון אַ זיעגרייכען פויערען־אויפשטאַנד" (נ. לענין צו דער רעוויזיע פון דעם אַגראַר־פּראָגראַם פון דער אַרבייטער פּאַרטיי, פּעטערבורג, 1906. זייטען 25־28).

ד. לענין און די פּאָליטיק אין דער דומאַ.

נ. לענין׳ס ריכטונג אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי איז באַשטאַנען אויף דער באַיקאָט־טאַקטיק אין באַצוג אויף דעם ערשטען רוסישען „פּאַרלאַמענט" — די דומאַ. די וואַהלען צו דער ערשטער דומאַ האָט די פּאַרטיי באָיקאָטירט. נאָר געצעהלטע מענשעוויסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך באַטייליגט אין די וואַהלען און ערוועהלט די קליינע אין צאָהל סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע אין דער ערשטער דומאַ. געזיעגט אין יענע וואַהלען האָבען די „קאַדעטען", די קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. זיי האָבען געהאַט די אויבערהאַנט אין דער ערשטער דומאַ. דאָס לאַנד איז געווען פול מיט האָפנונגען, אַז די קאַדעטישע פּאַרטיי וועט אויפטאָן נסים, אָבער ניט — לענין. ער האָט ניט געגלויבט אין דער קאַדעטישער פּאַרטיי. אין אַ שאַרפען פּאָליטישען פּאַמ־פלעט (נ. לענין, „דער זיעג פון די קאַדעטען און די אויפגאַבען פון דער אַרבייטער פּאַרטיי", פּעטערבורג, 1906, זייטען 32—40), צו־קלאַפּט לענין די ניט־באַגרינדעטע האָפנונגען אויף דער קאַדעטישער

פּאַרטיי. מיר וועלען דאָ ברייגנען אַ פּאָר כאַראַקטעריסטישע אינ־טערעסאַנטע שטעלען פון דעם פּאַמפלעט.

„די טאַקטיק פון די קאַדעטען וועט אומפאַרמיידליך ברייגנען דערצו, אַז זיי וועלען לאַווירען צווישען דער זעלבסט־הערשונג אין דעם זיעג פון רעוואָלוציאָנערען פאָלק, ניט דערלאָזענדיג, אַז איין געגנער זאָל ענטשיידען און ענדגילטיג דערשטיקען דעם צווייטען...

זיי ווילען פאַרזיכערען זיך, די קאַדעטישע פּאַרטיי מיט דער אונ־טערשטיצונג פון דעם רעוואָלוציאָנערען פאָלק. אָבער „אונטערשטי־צונג" פאַרשטעהען זיי אין דעם זינען, אַז די האַנדלונגען פון פאָלק זאָלען געלייטעט ווערען פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי, פון איהרע אינטערעסען, און זיי זאָלען ניט זיין צו ענטשיידען, צו אָנגרייפענ־קעגען דער אַלטער מאַכט.

„מען דערמאָנט אונז, אַז אונזער פּראָגראַם און די ערפאַהרונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאַרפליכטעט אונז, אַז אין דער צייט פון אַ דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע זאָלען מיר שטיצען די רעוואָלוציאָנערע און אָפּאָזיציאָנעלע בורזשואַזיע. און אויב ניט — זיינען מיר שולדיג אין אַנאַרכיזם, אוטאָפּיזם, בונטאַרסטווע, זינלאָזע רעוואָלוציאָנערישקייט... דאָס איז אמת. מיר אַנערקענען דעם פּרינציפּ. אָבער מיר דאַרפען זעהן צי אין אונזער געגעבענעם פאַל איז דער פּרינציפּ אָנווענדבאַר. עס איז ניטאָ קיין אבסטראַקטער אמת, דער אמת איז אַלע מאָל קאָנקרעט.

„...די קאַדעטען זיינען — בורזשואַזע דעמאָקראַטיע? אמת. אָבער די פּויערען־מאַסען וואָס שטרעבען צו אָפּנעהמען די ערד פון די פּריצים און ווילען גראָד דאָס, וואס די קאַדעטען ווילען ניט, איז אויך בורזשואַזע דעמאָקראַטיע. דאָס זיינען צוויי טיילען פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע וואָס זיינען פאַרשיידען און וועמענס אינטערעסען עס זיינען געגענזעצליך. וועמען, אַלזאָ, זאָ־לען מיר שטיצען? די קאַדעטען צי די פּויערען?

„...דערצעהלט מען אונז: די קאַדעטען זיינען אַן איינהייט־ליכע, אַ שטאַרקע, לעבענס־פעהיגע פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרטיי! „דאָס איז ניט אמת. זיי זיינען ניט איינהייטליך, ניט שטאַרק, ניט לעבענס־פעהיג און ניט פּאַרלאַמענטאַריש. ניט איינהייטליך, וואָ־רים פאַר זיי האָבען געשטימט אַ סך מענשען וואָס זיינען פעהיג

צו געהן ביז'ן סוף אין קאמף און ניט קיין בעלנים אויף בלויז פשרות. אויך זיינען זיי ניט איינהייטליך דערפאר, וואָס זייער סאָציאַלער באַדען איז אינערליך געגענזעצליך: זיי שטיצען זיך אויף אַלעמען, אָנהויבענדיג פון דער דעמאָקראַטישער קליין־בור־זשואזיע און ענדיגענדיג מיט דעם קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען פריץ. זיי זיינען ניט שטאַרק, ווייל אלס פאַרטיי ווילען זיי ניט און זיי קאָנען ניט אנטייל נעמען אין דעם שאַרפען אָפענעם בירגער־קריעג, וואָס האָט אויפגעפלאַקערט אין רוסלאַנד אין ענדע 1905 און וואָס האָט אַלע אויסזיכטען אויפצופלאַקערען מיט נייער קראַפט אין דער ניט ווייטער צוקונפט. זיי זיינען ניט לעבענס־פעהיג, וואָרים אויב זייערע אידעאַלען זאָלען פאַרווירקליכט ווערען, וועט ערשט הערשען אין דער געזעלשאַפט וואָס נאָך זייער אידעאַל, ניט דער קאַדעט, נאָר די „ערנסטע" בורזשוא, די שיפאָווס, די גוטשקאָווס און זייער מין. זיי זיינען ניט קיין פאַרלאַמענטאַרישע פאַרטיי, ווייל מיר האָבען ניט קיין פאַרלאַמענט. ניט קיין קאָנסטיטוציע האָבען מיר, נאָר א קאָנסטיטוציאָנעלע זעלבסטהערשונג און קאָנסטיטוציאָנעלע איינ־בילדונג (אילוזיעס), וואָס די קאַדעטען העלפען האָדעווען און פאַר־שפּרייטען, און וואָס זיינען באַזונדער שעדליך אין דער צייט פון א פאַרשאַרפטען בירגער־קריעג.

„זאָגען אז עס איז די אויפגאַבע פון דער ארבייטער פאַרטיי צו שטיצען די קאַדעטען אין דעם איצטיגען מאָמענט איז דאָס זעלבע ווי צו זאָגען, אז — די אויפגאַבע פון דאמף איז ניט צו באַוועגען די דאמף־מאַשין פון שיף, נאָר צו העלפען בלאָזען אין פייפעל פון דאמף־שיף. וועט זיין דאמף (פּאַרע) אין די קעסלען, וועלען די פייפלאַך פייפען. וועט זיין קראַפט ביי דער רעוואָלוציע, — וועלען אויך די קאַדעטען פייפען. פייפלאַך קאָן מען נאָכמאַכען, און אין דעם לויף פון'ם קאמף פאַר'ן פאַרלאַמענטאַריזם האָבען א סך פאַררעטער פון דער פאָלקס־פרייהייט נאָכגעמאַכט אַלערליי פייפלאַך און געפיהרט פאַר'ן נאָז די נאאיווע מענשען, וואָס האָ־בען זיך אנפאַרטרויט אין די „ערשטע רעפּרעזענטאַטיווע פאַרזאַמ־לונגען".

„ניט שטיצען די קאַדעטישע דומא איז אונזער אויפגאַבע, נאָר אויסנוצען אַלע קאָנפליקטען אין דער דומא גופא און ארום

איהר, כדי אויסצוקלייבען דעם פאסיגסטען מאָמענט, ווען אָנ־צופאלען אויפ׳ן שונא און אויפצושטעהן געגען דער זעלבסטהער־שונג. מיר דארפען זיך רעכענען דערמיט, ווי עס וואקסט און עס ווערט שארף דער קריזיס אין דער דומא און ארום איהר... די דומא האָט א ווערט פאר אונז, א גרויסען ווערט, אָבער נאָר אלס סימן, אלס סימפּטאָם, אָבער פאר קיין פאל ניט אלס — א פעלד פאר ממשות׳דיגען פּאָליטישען קאמף... אונזער אויפגאבע איז צו שטעהן אויף דער וואך ווען די דומא קאָמעדיע וועט אויספלאצען אין א גרויסען פּאָליטישען קריזיס, און דעמאָלט וועט אונזער ציעל זיין ניט צו שטיצען די קאדעטען, נאָר דאָס ארונטערוואַרפען פון דער זעלבסטהערשענדיגער רעגירונג און דער איבערגאנג פון דער מאכט צום רעוואָלוציאָנערען פאָלק... ווען דער פּראָלעטא־ריאַט און פויערטום זיגען אין אויפשטאנד, וועט די קאדעטישע דומא אין א פּאָר מינוט מיט׳חתמ׳ענען דעם מאניפעסט פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג וועגען צונויפרופען א גרינדונגס־פאר־זאמלונג; וועט דער אויפשטאנד דערשטיקט ווערען, און די אל־טע מאכט וועט זיעגען, אָבער זייענדיג אויסגעמאטערט פון קאמף וועט זי טיילען זיך אין דער מינוט מיט דער דומא, דעמאָלט וועט די קאדעטישע דומא זעצען זיך צום שיסעל מיט א רעזאָלוציע פון באדויערן, וועגען דעם „זינלאָזען" אויפשטאנד פון פאָלק אין אזא וויילע, ווען אָט־אָט איז מעגליך געווען א ריכטיגע קאָנסטיטוציאָ־נעלע אָרדנונג... זאָלען טאָר זיין פגרים, קיין ווערים וועט ניט פעהלען.

אונטער'ן נאָמען „די סאָציאַליסטען און דער שטאַאַט" געהט דאָ דער גרעסטער טייל פון נ. לענינ'ס שריפט „דער שטאַאַט און די רעוואָלוציע", וואָס איז ערשינען אין הערבסט פון 1917, סאַמע ערב דער אָקטאָבער רעוואָלוציע. די גאַנצע אַרבייט ווערט געווידמעט דער באַטראַכטונג פון דעם, ווי אַזוי די גרינדער פון רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם האָבען זיך באַציגען צום שטאַאַט, צו זיין ראָל אונטער'ן קאַפּיטאַליזם און בעת און נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. פיעל אויפמערקזאַמקייט קריגען אין דער אָפּהאַנדלונג אויך די פראַגען פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין דער איבער־גאַנגס־צייט פון קאַפּיטאַליזם צו קאָמוניזם, פון גוואַלד־מיטלען און קאַמף פאַר דער דיקטאַטור און פון דעמאָקראַ־טיע אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט און אויך מאָרגען נאָך איהר. עס האָט געזאָלט פאַרהאַנדעלט ווערען אין דער שריפט אויך די ערפאַהרונג פון דער רוסישער רע־וואָלוציע אין 1905 און 1917, אָבער נ. לענין האָט מעהר ניט דערוויזען, ווי אָנצושרייבען דעם נאָמען פון דעם באַ־טרעפענדען קאַפּיטעל. „געשטערט" האָט די אָקטאָבער־רע־וואָלוציע, און נ. לענין, ווי ער דריקט זיך אַליין אויס, איז נאָר צופרידען געווען פון אַזאַ שטערונג: „עס איז אַנגע־נעמער און ניצליכער דורכצומאַכען די ערפאַהרונגען פון דער רעוואָלוציע, איידער וועגען זיי צו שרייבען."

פון דער איבערזעצונג זיינען אויסגעלאַזען דער קאַפּי־טעל 2 פון אָריגינאַל, די אונטער־אָפּטיילונגען 1—4 פון קאַפּיטעל 4 און דער קאַפּיטעל 6. אַלע אַנדערע קאַפּיטלען זיינען געטריי און אָהן ענדערונגען איבערזעצט. דער ווערט פון די אויסגעלאָזענע טיילען איז נאָר אַ פּאָלעמישער, און דער עיקר פון זייער אינהאַלט געהט אַריין אין די איבע־ריגע קאַפּיטלען אין א מעהר פּאָזיטיווער און דערפאַהר מעהר ווערטפולער פאָרמע.

די נומעראַציע פון די קאַפּיטלען אין דער אידישער איבערזעצונג איז ענטשפּרעכענד געענדערט.

**רעדאַקטאָר פון דער אידישער אויסגאַבע.**

## ערשטער קאַפּיטעל

# די קלאַסען־געזעלשאַפט און דער שטאַט

1. דער שטאַט איז אַ פּראָדוקט פון דעם, וואָס די קלאַסען־געגענזאַצען קענען ניט ווערען אויסגעגלייכט.

מיט דער לעהרע פון מארקס'ן קומט איצט פאָר דאָס, וואָס עס איז אין דער געשיכטע שוין ניט איינמאָל פאָרגעקומען מיט די לעהרען פון רעוואָלוציאָנערע דענקער און פיהרער פון אונטערדריקטע קלאַסען אין זייער קאַמף פאַר באַפרייאונג. כל זמן זיי האָבען געלעבט, פלעגט מען די דאָזיגע גרויסע רעוואָלוציאָנערען כסדר פאַרפאָלגען. די הערשענדע קלאַסען פלעגען באַגעגענען זייערע לעהרען מיט דער ווילדעסטער פיינדשאַפט, מיט דעם ווילדעסטען האַס, מיט אַן אונפארשעהמטען צוג פון ליגען און רכילות. אָבער נאָך דעם טויט פון די רעוואָלוציאָנערען פלעגט מען כסדר פאַרזוכען צו פאַרוואַנדלען זיי אין שאָדלאָזע געטצקעס; מען פלעגט זייערע נעמען אריינרעכענען אין דעם צעטעל פון הייליגע און ריהמען זייער זכרון, בכדי דערמיט צו „טרייסטען“ און נאַרען די אונטערדריקטע קלאַסען, בעת דעם אינהאַלט פון די רעוואָלוציאָנערע לעהרען פלעגט מען פאַרוואַסערען און פאַרגראָבען, און אויף אזא אופן אָפּטעמפּען זייער רעוואָלוציאָנערען שאַרף. אזוי צו „בעאַרבייטען“ דעם מארקסיזם האָבען זיך איצט גענומען די בורזשואַזיע און די אָפּאָרטוניסטען אין דער ארבייטער באַוועגונג. זיי פאַרווישען, מעקען אָפּ און פאַרדאַרבען דעם רעוואָלוציאָנערען זייט פון דעם מאַרקסיזם, זיין רעוואָלוציאָנערע נשמה. זיי רוקען ארויס צום פאָדערגרונד און ריהמען דאָס, וואָס עס איז אָנגעהמבאַר, אָדער שיינט צו זיין אָננעהמבאַר פאַר דער בורזשואַזיע. אַלע סאָציאַל־שאָוויניסטען זיינען היינט „מאַרקסיסטען“ — אָהן שפּאַס! — און אַלץ אָפטער רעדען די דייטשע בורזשואַזע געלעהרטע

די נעכטיגע מומחים אין הילכות פארניכטען דעם מארקסיזם, ווע־גען אונזער „נאַציאָנאַל־דייטשען מארקס׳ן", וואָס האָט כלומרשט ערצויגען די ארבייטער פאראיינען, דיזעלבע פאראיינען, וואָס האָבען זיך ארויסגעוויזען אזוי גלענצענד אָרגאַניזירט צו פיהרען אַ רויבערישע מלחמה. אונטער אזעלכע אומשטענדען און ביי אזאַ פארשפרייטונג פון פאַלשען מארקסיזם, איז עס פריהער פאר אַלץ אונזער אויפגאַבע פעסטצושטעלען די אמת׳ע לעהרע פון מארקס׳ן בנוגע צום שטאאט. פאר דעם צוועק וועט זיין נויטיג צו ברענגען א גאַנצע רייהע לאַנגע ציטאַטען פון מארקס׳ און ענגעלס׳עס אייגענע ווערק. דאָס וועט אודאי מאַכען שווער דעם אינהאַלט פון אונזער געגענשטאנד און ניט פּאָפּולער. אָבער אָהן די ציטאַטען איז דורכאויס אונמעגליך צו באגעהן זיך. אַלע, אָדער אַמווייניגסטען אַלע וויכטיגסטע, פּלעצער פון די ווערק פון מאַרקס און ענגעלס אין דער פראגע פון שטאאט מוזען געבראכט ווערען אזוי פול ווי מעגליך, בכדי דער לעזער זאָל זיך קענען אויסבילדען אַן אייגענע פאָרשטעלונג וועגען די געזאַמטע אנזיכטען פון די גרינדער פון דעם וויסענשאפטליכען סאָציאַליזם און וועגען דער ענטוויקלונג פון די דאָזיגע אנזיכטען, און בכדי עס זאָל אויך באַווייזען ווערען דאָקומענטאַל און איבערצייגענד ווי אזוי די דאָזיגע אַנזיכטען זיינען פארדאָרבען געוואָרען פון דער הערשענדער „קאַוטסקיאַנישער" ריכטונג.

מיר וועלען אָנפאַנגען פון ענגעלס׳עס פארשפרייטסטען ווערק: „די אָפּשטאַמונג פון דער פאמיליע, פּריוואַט אייגענטום, און שטאָאַט", וואָס איז ערשינען אין 1894, אין שטוטגארט, אין דער זעקסטער אויסגאַבע. מיר וועלען ציטירען, איבערזע־צענדיג פון דעם דייטשען אָריגינאַל.

„דער שטאאט — זאָגט ענגעלס, אונטערציהענדיג א סך הכל פון זיין היסטאָרישען אנאַליז — שטעלט מיט זיך באַין אופן ניט פאָר קיין קראַפט, וואָס איז ארויפגעצוואונגען גע־וואָרען אויף דער געזעלשאַפט פון דרויסען. אויך איז דער שטאַאַט ניט „די פארווירקליכונג פון דער עטישער אידעע", „דאָס בילד און ווירקליכקייט פון פארנונפט", ווי ס׳באהויפּ־טעט העגעל. דער שטאאט איז א פּראָדוקט פון דער געזעל־

שאַפט אויף א געוויסער שטופע פון איהר ענטוויקלונג. דער שטאַאַט איז די אַנערקענונג פון דעם פאַקט, אז די געזעלשאַפט האָט זיך פארפלאָנטערט אין א אומלייזבארען ווידערשפרוך מיט זיך אליין, אז זי האָט זיך געשפּאָלטען אויף ניט־פאראייינבארע געגענזאַצען, פון וועלכע זי איז ניט בכח צו באַפרייען זיך. און בכדי די דאָזיגע געגענזאַצען, די קלאסען מיט זייערע ווידערשפּרעכענדע אינטערעסען, זאָלען ניט אויפפרעסען איינער דעם צווייטען און די געזעלשאַפט גופא אין פרוכטלאָזען קאמף, איז נויטיג געוואָרען א קראפט, וואָס שטעהט אויגענשיינליך איבער דער געזעלשאפט, א קראפט וואָס זאָל אָפּשוואכען דעם צוזאמענשטויס פון קלאסען און האלטען זיי אין די גרעניצען פון אָרדנונג. און אָט די קראפט וואָס איז ארויסגעקומען פון דער געזעלשאפט, וואס שטעלט זיך איבער דער געזעלשאפט און וואָס ווערט אלץ מעהר אָפּגעפרעמדט פון דער געזעלשאפט, — איז עס דער שטאַאַט. (6טע דייטשע אויסגאַבע, זייטען 178—177)."

דאָ האָבען מיר פאר זיך קלאָר אויסגעדריקט די גרונד אידעע פון מארקסיזם וועגען דער היסטאָרישער ראָלע פון דעם שטאאט און זיין באדייטונג. דער שטאַאט איז א פּראָדוקט און אַן אויסדרוק פון דעם פאַקט, וואָס די געגענזאצען פון קלאָסען־אינטערעסען קענען ניט אויסגעגליכען ווערען. דער שטאַאַט ענטשטעהט דאָרט, דעמאָלט, און אויף אזוי פיעל, וואו, ווען און אויף וויפיעל די קלאסען־געגענזאצען קענען אָביעקטיוו ניט שלום מאכען צווישען זיך, און פאַרקעהרט, די עקזיסטענץ פון שטאַאט איז א באַווייז, אז די קלאַסען־געגענזאצען זיינען ניט אויסגלייכבאר.

און גראָדע אין דעם דאָזיגען וויכטיגסטען און גרינדליכסטען פונקט פאנגט זיך אָן די פעלשונג פון מארקסיזם און זי לויפט איבער צוויי הויפט ליניעס.

פון איין זייט קומען די גייסטיגע פארשטעהער פון דער בורזשואזיע און הויפטזעכליך פון דער קליין־ בורזשואזיע און, — זייענדיג געצוואונגען אונטער דעם דרוק פון אונבאשטרייטבארע

היסטאָרישע פאקטען צו אנערקענען, אז דער שטאאט עקזיסטירט נאָר דאָרט, וואו עס זיינען דאָ קלאסען־געגענזאצען און א קלאסען־קאמף — „פארריכטען“ זיי מארקס׳ן אויף אזא אופן, אז דער שטאאט ווערט פארוואנדעלט אין אמיטעל פון שלום־מאכעריי צווי־שען די קלאסען. לויט מארקס׳ן, וואָלט דער שטאאט גאָר ניט גע־קענט ענטשטעהן און עקזיסטירען, ווען עס זאָל מעגליך זיין אן אויסגלייך צווישען די קלאסען. קומען אָבער צוגעהן די קליינ־בירגערליכע פראָפעסאָרען און פובליציסטען און ווילען באווייזען — טאקע כסדר מיט גוטמוטיגע בארופענישען אויף מארקס׳ן — אז דער שטאאט איז דוקא דער אָרגאן וואָס קאָן שלום מאכען צווישען די קלאסען. לויט מארקס׳ן, איז דער שטאאט אן אָרגאן פון קלאסען א ו נ ט ע ר ד ר י ק ו נ ג, וואָס שטעלט איין „אָרד־נונג“ מיט דעם צוועק צו פארגעזעצליכען און באפעסטיגען די דאָזיגע אונטערדריקונג, מאכענדיג מעסיגער די קאָנפליקטען צווי־שען קלאסען. לויט דער מיינונג פון די קליינבירגערליכע פאָלי־טיקער איז עס אָרדנונג, ווען די קלאסען האָבען זיך איבערגעבעטען און ניט ווען איין קלאס אונטערדריקט דעם צווייטען; מעסיגער מאכען דעם קלאסען־קאמף הייסט שלום מאכען, און ניט — צונעהמען ביי די אונטערדריקטע קלאסען די מיטלען און מעגליכ־קייט אראָפצואווארפען זייערע אונטערדריקער.

צום ביישפיעל, אין דער רעוואָלוציע פון 1917 — ווען די פראגע וועגען דער ראָלע און באדייטונג פון שטאאט האָט זיך געשטעלט אין איהר גאנצער גרויס און איז געוואָרען א פראקטישע פראגע פון שנעלער און דירעקטער האנדלונג אויף א מאסען מאס־שטאב — האָבען זיך אלע ס.־ר.׳ען (סאָציאליסטען רעוואָלוציאָנע־רען) און מענשעוויקעס מיט אמאָל און אינגאנצען ארונטערגעקיי־קעלט צו דער קליינבורזשואזער טעאָריע פון דעם שטאאט אלס א „שלום מאכער“ צווישען קלאסען. אומצעהליגע רעזאָלוציעס און ארטיקלען פון די פאָליטיקער פון די דאָזיגע צוויי פארטייען זיינען דורכגעדרינגען דורך און דורך מיט דער קליינבירגערליכער און צבוע׳קישער טעאָריע פון „שלום מאכעריי“. אז דער שטאאט איז אן אָרגאן פון הערשאפט פון א באשטימטען קלאס, וואָס קען ניט שלום מאכען מיט זיין געגנער (דער קלאס וואָס שטעהט אנטקעגען

איהם דאָס וועט די קליינבורזשואַזע דעמאָקראַטיע קיינמאָל ניט פארשטעהן. זייער באַציהונג צום שטאַאט איז איינער פון די קלאָר־סטע באַווייזען, אַז אונזערע ס.־ר.׳ען און מענשעוויקעס זיינען גאָר קיין סאָציאַליסטען ניט (וואָס מיר, די באָלשעוויקעס, האָבען שטענ־דיג געזאָגט), נאָר קליינבורזשואַזע דעמאָקראַטען, וואָס באַנוצען אַ במעט סאָציאַליסטישע פראַזעאָלאָגיע.

פון דער אנדערער זייט האָבען מיר די מארקסיסטישע פעל־שונגען פון די „קאַוטסקיאַנער“, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען נאָך קונציגער. „טעאָרעטיש“ לייקענען זיי ניט, אַז דער שטאַאט איז אַן אָרגאַן פון קלאַסען־הערשאַפט, אַז די קלאַסען־געגענזאַצען זיינען ניט אויסגלייכבאַר. נאָר זיי לאָזען ארויס פון אויג, אָדער זיי פארטונקלען, פאָלגענדעס: אויב דער שטאַאט איז אַ פּראָדוקט פון אומאויסגלייכבאַרע קלאַסען־געגענזאַצען, אויב ער איז אַ קראַפט, וואָס שטעהט איבער דער געזעלשאַפט און וואָס זונדערט זיך אָפּ און דערווייטערט זיך פון דער געזעלשאַפט אַלץ מעהר און מעהר, דעמאָלט איז דאָך קלאָר, אַז די באַפרייאונג פון דעם אונטערדריקטען קלאַס איז אונמעגליך ניט נאָר אָהן אַ גוואַלטזאַמער רעוואָלוציע, נאָר אויך אָהן דער פארניכטונג פון יענעם אַפּאַראַט פון שטאַאטליכער מאַכט, וואָס דער הערשענדער קלאַס האָט באַשאַפען און אין וועלכען די "אָפּגעפרעמדקייט" איז פארקערפּערט. דעם דאָזיגען שלוס, וואָס איז טעאָרעטיש זעלבסטפארשטענדליך, האָט געמאַכט מאַרקס, ווי מיר וועלען זעהען שפּעטער, מיט דער פולסטער באַשטימטקייט אויף דעם גרונד פון אַ קאָנקרעט־היסטאָרישען אַנאַליז פון די אויפגאַבען פון דער רעוואָלוציע. און גראַדע דעם דאָזיגען שלוס האָט קאַוטסקי, ווי מיר וועלען דאָס באַווייזען גענוי שפּעטער, „פארגעסען“ און פארדרעהט.

2. באַזונדערע גרופּעס, באַוואָפענטע מענשען, טורמעס און ד. גל.

„אין פארגלייך מיט דער אלטער אָרגאַניזאַציע לויט פאַ־מיליעס אָדער שבטים, זאָגט ענגעלס ווייטער, אונטערשיידעט זיך דער שטאַאט, ערשטענס, מיט דעם, וואָס די אונטערטאַ־נען פון שטאַאט טיילען זיך אויף טעריטאָריעל...“

אונז קומט אויס, אַז אַזאַ טיילונג איז „נאַטירליך“. אין דער אמת'ן האָט זיך געפאָדערט אַ לאַנגער קאַמף ביז דער שטאַאַט האָט ארויסגעשטופּט די אַלטע אָרגאַניזאַציע פון שבטים און פאַמיליעס.

„...דער צווייטער שטריך וואָס אונטערשיידעט דעם שטאַאַט, איז די איינריכטונג פון אַ געזעלשאַפטליכער מאַכט, וואָס איז ניט מעהר אַ נאַטירליכער און גלייכער טייל פון דער באַפעלקערונג, נאָר וואָס אָרגאַניזירט זיך באַזונדער אַלס אַ באַוואָפענטע מאַכט. די דאָזיגע באַזונדערע געזעלשאַפטליכע מאַכט איז נויטיג דערפאַר, וואָס די זעלבסטטעטיגע באַוואָפענטע אָרגאַניזאַציע פון דער באַפעלקערונג איז געוואָרען אונמעגליך, זינט די געזעלשאַפט האָט זיך געשפּאָלטען אויף קלאַסען... די דאָזיגע געזעלשאַפטליכע מאַכט עקזיסטירט אין יעדען שטאַאַט. זי באַשטעהט ניט נאָר פון באַוואָפענטע מענשען, נאָר אויך פון מאַטעריעלע צוגאַבען צו די באַוואָפענטע מענשען, ווי טורמעס און צוואַנג־אינסטיטוציעס פון אַלע מינים, וואָס זיינען געוועזען אומבאַקאַנט אין דער שבטים־אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט“.

ענגעלס דעקט דאָ אויף דעם אינהאַלט פון יענער „קראַפט“, וואָס מען רופט שטאַאַט: די קראַפט, וואָס איז ענטשטאַנען פון דער געזעלשאַפט, נאָר האָט זיך אַוועקגעשטעלט איבער איהר און פרעמדט זיך אַלץ מעהר אָפּ פון איהר. אין וואָס באַשטעהט הויפּט־זעכליך די דאָזיגע קראַפט? זי באַשטעהט פון אָפּגעזונדערטע גרופּען פון באַוואָפענטע מענשען, וואָס האָבען צו זייער דיענסט טורמעס א. ד. גל.

מיר האָבען אַ רעכט צו רעדען וועגען אָפּגעזונדערטע גרופּען פון באַוואָפענטע מענשען דערפאַר, וואָס די געזעלשאַפטליכע מאַכט, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדען שטאַאַט, „פאַלט ניט צוזאַמען דירעקט מיט דער באַוואָפענטער באַפעלקערונג“, מיט איהר „זעלבסט־טעטיגער באַוואָפענטער אָרגאַניזאַציע“.

ווי אַלע גרויסע רעוואָלוציאָנערע דענקער, האָט זיך ענגעלס באַמיהט צו ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון די באַוואוסטזיניגע ארבייטער גראַד אויף אַזעלכע זאַכען, וואָס פאַר דעם קליינבירגער

קוקען זיי אוים צו זיין ניט וויכטיג, געוועהנליך, און פאַרהייליגט פון פעסטע און פאַרשטיינערטע פאָראורטיילען. צ. ב., די שטענדיגע אַרמעע און פּאָליציי זיינען דאָס הויפּט געוועהר פון שטאַאַטליכער מאַכט, אָבער — קען עס דען זיין אַנדערש?

פאַר דער גרעסטער מעהרהייט אייראָפּעער, וואָס האָבען געלעבט אַרום דער ענדע פון דעם 19טען יאָהרהונדערט, צו וועלכע ענגעלס האָט גערעדט, און וועלכע האָבען ניט דורכגעלעבט און ניט געזעהן פון דער נאָהענט קיין איין גרויסע רעוואָלוציע, פאַר זיי קען עס ניט זיין אַנדערש. זיי איז אין גאַנצען ניט פאַרשטענדליך, וואָס איז אַזעלכעס אַ „זעלבסט־טעטיגע באַוואָפּענטע אָרגאַניזאַציע פון דער באַפעלקערונג“. אויף דער פראַגע, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען די נויטווענדיגקייט אין באַזונדערע גרופּען באַוואָפּענטע מענשען, וואָס האָבען זיך געשטעלט איבער דער געזעלשאַפט, און האָבען זיך פון איהר אָפּגעפרעמדט, איז דער מערב־אייראָפּעאישער און רוסישער פיליסטער גענייגט צו ענטפערען מיט אַ פּאָר געבאָרגטע פראַזען פון ספּענסער אָדער מיכאַילאָווסקי, אָדער ער באַרופט זיך אויף דער קאָמפּליצירטקייט פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, אויף דער פאַנאַנדערטיילונג פון פונקציעס, א. א. וו.

אַזאַ ענטפער קוקט אוים „וויסענשאַפטליך“ און האָט די אייגענשאַפט איינצושלעפערען דעם קליינבירגער מיט דעם, וואָס עס פאַרטונקעלט דאָס וויכטיגסטע און גרינדליכסטע: די שפּאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אויף צוויי טויט־פיינדליכע קלאַסען.

ווען די געזעלשאַפט זאָל ניט זיין געשפּאָלטען, וואָלט די „זעלבסט־טעטיגע באַוואָפּענטע אָרגאַניזאַציע פון דער באַפעלקערונג“ ה י י נ ט געוועזען קאָמפּליצירטער אין איהר טעכניק — העכער איידער די פּרימיטיווע אָרגאַניזאַציעס פון מאַלפּעס, אורשפּרינגליכע מענשען, אָדער פון דער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציע פון שבטים, אָבער אַזאַ אָרגאַניזאַציע וואָלט דאָך געוועזען מעגליך.

זי איז אָבער אונמעגליך דערפאַר, וואָס די היינטיגע ציוויליזירטע געזעלשאַפט איז צושפּאָלטען אויף צוויי פיינדליכע קלאַסען, וועמעס „זעלבסט־טעטיגע“ באַוואָפנונג עס וואָלט געפיהרט צו אַ באַוואָפּענטען קאַמף צווישען זיי. עס בילדעט זיך

אוים א שטאאט, עס ווערט באשאפען א באזונדער קראפט, באַזונדערע גרופען פון באוואפענטע מענשען,—און יעדער רעוואָלוציע, צושטערענדיג דעם שטאאטליכען אפאראט, ווייזט אונז באשיינפערליך, ווי אזוי דער הערשענדער קלאס שטרעבט צוריק אויפצושטעלען די באזונדערע גרופען באוואפענטע מענשען, וואָס זאָלען איהם דיענען, און ווי אזוי דער אונטערדריקטער קלאס שטרעבט אויפצובויען א נייע אָרגאניזאציע פון דעם מין, וואָס זאָל דיענען די אונטערדריקטע, ניט די אונטערדריקער.

אין דער אויבען געבראכטער ציטאטע שטעלט ענגעלס אוועק טעאָרעטיש דיזעלבע פראגע, וואָס יעדער גרויסע רעוואָלוציע שטעלט פאר אונז אין א פראקטישען זין און אין דער פאָרמע פון מאסען האנדלונג, — נעמליך, די פראגע וועגען די באַציהונגען צווישען די „באזונדערע גרופען באוואפענטע מענשען" אין דער „זעלבסט-טעטיגער באוואפענטער אָרגאניזאציע פון דער באפעלקערונג". מיר וועלען זעהן, ווי אזוי די דאָזיגע פראגע ווערט אילוסטרירט אויף א קאָנקרעטען אופן מיט דער ערפאהרונג פון די אייראָפעאישע און רוסישע רעוואָלוציעס.

דערווייל לאָמיר זיך אומקערען צוריק צו ענגעלס'ן.

ער ווייזט אָן, אז אמאָל, ווי צ. ב., אין איינינגע פלעצער פון צפון אמעריקא, איז די געזעלשאפטליכע מאכט שוואך (דאָ רעדט זיך וועגען יענע טיילען פון צפון אמעריקא, אין דער צייט פונ'ם פאר־אימפעריאליסטישען פעריאָדד, וואו עס האט הויפטזעכליך געלעבט דער פרייער קאָלאָניסט, און וואָס איז א זעלטענע אויסנאָמע אין א קאפיטאליסטישער געזעלשאפט). בכלל אָבער ווערט די דאָזיגע געזעלשאפטליכע מאכט שטארקער:

„...די געזעלשאפטליכע מאכט פארשטארקט זיך אין דערזעלבער מאָס, אין וועלכער עס פארשארפט זיך די קלאסען היפוכים אינערהאלב דעם שטאאט, און אין וועלכער די שטאאטען, וואָס גרעניצען זיך איינער מיט דעם צווייטען, ווערען גרעסער און מעהר באפעלקערט. באטראכט, למשל, די איצטיגע אייראָפא, אין וועלכער דער קלאסען קאמף און די קאָנקורענץ פאר עראָבערונגען האבען ארויפגעבראכט די גע־

זעלשאַפטליכע מאַכט אויף אַזאַ הויך, אַז זי דראָהעט איינצושלינגען די גאַנצע געזעלשאַפט, און אַפילו דעם שטאַאַט אַליין".

דאָס איז געשריבען געוואָרען ניט שפּעטער פון די 90ער יאָהרען פון לעצטען יאָהרהונדערט. דאָס לעצטע פאָרוואָרט פון ענגעלס'ן צו דער „ענטשטעהונג פון שטאַאַט, פאַמיליע און פּריוואַט־אייגענטום" איז דאַטירט דעם 16טען יוני, 1891. דאַמאָלסט האָט זיך די ווענדונג צום אימפּעריאַליזם — די פולע הערשאַפט פון טראָסט און גרויסע באַנקען, די גראַנדיעזע קאָלאָניאַל פּאָליטיק, א. ד. גל. — נאָר וואָס געהאַט אָנגעפאַנגען אין פראַנקרייך, און איז דאַן געווען גאַנץ שוואַך אין צפון אַמעריקא און אין דייטשלאַנד. זינט דאַמאָלס האָט די „קאָנקורענץ פאַר עראָבערונגען" געמאַכט גיגאַנטישע שריט פאָרווערטס, הויפּטזעכליך דערפאַר, וואָס אין צווייטען צעהנדליג פון 20טען יאָהרהונדערט איז שוין דער גאַנצער ערד־קוגעל געווען צוטיילט צווישען די „קאָנקורירענדע עראָבערער", ד. ה. די גרויסע רויבערישע מאַכטען. די באַוואָפנונגען אויפ'ן ים און אויף דער יבשה האָבען געהאַלטען אין איין וואַקסען, און דער רויבערישער קריעג פון 1914—17 צווישען ענגלאַנד און דייטשלאַנד פאַר דער הערשאַפט איבער דער וועלט און פאַר דער צוטיילונג פונ'ם רויב האָט שוין געהאַט דערפיהרט דאָס „איינשלינגען" פון אַלעווירטשאַפטליכע קרעפטען דורך דער שטאַאַטליכער מאַכט ביז צו אַ פולשטענדיגער קאַטאַסטראָפע".

ענגעלס האָט נאָך אין 1891 פאַרשטאַנען אָנצואווייזען אויף דער „קאָנקורענץ פון עראָבערונגען" אַלס אויף איינעם פון די וויכטיגסטע שטריכען, מיט וועלכע עס צייכענט זיך אויס די אויסלענדישע פּאָליטיק פון די גרויסמעכטע. און אונזערע טוי־געניכטסען, די סאָציאַל־שאָוויניסטען, האָבען אין 17—1914, גראַד ווען די דאָזיגע קאָנקורענץ האָט זיך באַזונדערס פאַרשאַרפט און האָט פאַראורזאַכט דעם אימפּעריאַליסטישען קריעג, געוואַגט צו פאַרדעקען די פאַרטיידיגונג פון די רויבערישע אינטערעסען פון „זייער" בורזשואַזיע מיט פראַזען וועגען „פאַרטיידיגען דאָס פאַטערלאַנד", „באַשיצען די רעפּובליק און די רעוואָלוציע", א. ד. ג.!

### 3. דער שטאַאט איז א מיטעל צו עקספּלואַטירען דעם אונטערדריקטען קלאַס.

אויף אויסצוהאַלטען די אָפּגעזונדערטע געזעלשאַפטליכע מאַכט, דארף מען האָבען שטייערן און מלוכה־הלואות.

„באזיצענדיג די געזעלשאפטליכע מאַכט און דאָס רעכט איינצומאָנען שטייערען — זאָגט ענגעלס — שטעלען זיך די שטאַאט־בעאמטע, אַלס געזעלשאפטליכע אָרגאַנען, אוועק א י ב ע ר דער געזעלשאפט. די פרייע און אויפריכטיגע אכטונג, מיט וועלכער מען פלעגט זיך באציהען צו די אָרגאַנען פון דער פאמיליען־ אָדער שבטים־געזעלשאפט, איז פאר זיי ניט גענוג, אפילו ווען זיי וואָלטען דאָס געקאָנט קריגען. עס ווערען באשאפען ספּעציעלע געזעצען וועגען דער הייליג־קייט און אומבאריהרליכקייט פון די שטאַאט־בעאמטע. דער נישטיגסטער פּאָליציי־אָנגעשטעלטער האָט מעהר „אויטאָרי־טעט" איידער א פאָרשטעהער פון א שבט, דאָך וואָלט אפילו דער הויפּט פון דער מיליטערישער מאכט אין א ציוויליזיר־טען שטאַאט געמעגט מקנא זיין דעם עלטסטען פון א שבט, וועמען מען אכטעט ניט אויס מורא, נאָר פרייוויליג און אויפריכטיג."

דאָ איז קלאָר אוועקגעשטעלט געוואָרען די פראגע, וועגען דער פּריווילעגירטער לאַגע פון די שטאַאט־בעאמטע אַלס אָרגאַנען פון שטאַאטליכער מאכט. דאָס פונדאַמענטאַלע אין דעם איז, וואָס שטעלט זיי אוועק א י ב ע ר דער געזעלשאפט? מיר וועלען זעהן, ווי אזוי די דאָזיגע טעאָרעטישע פראַגע איז פּראַקטיש גע־לייזט געוואָרען פון דער פּאַריזער קאָמונע אין 1871, און איז אויף א רעאַקציאָנערען אופן פאַרווישט געוואָרען פון קאוטסקי'ן אין 1912.

„אזוי ווי דער שטאַאט איז ענטשטאַנען פון דער באַ־דערפניש צו האַלטען אין צוים די קלאַסען־געגענזאצען; אזוי ווי ער איז, צו דער זעלבער צייט, ארויסגעקומען פון די קעמפע צווישען די קלאַסען, מוז ער נאַטירליכערווייזע זיין דער

שטאַאַט פון דעם מעכטיגסטען, עקאָנאָמיש־הערשענדען קלאַס, וועלכער נוצט אַזים דעם שטאַאַט צו ווערען אויך דער פּאָלי־טיש־הערשענדער קלאַס, און אויף אַזאַ אופן ערווערבט ער נייע מיטלען צו שטיקען און עקספּלואַטירען דעם אונטער־דריקטען קלאַס. ניט נאָר זיינען די אַלטערטימליכע און פעאָ־דאַלע שטאַאַטען געווען אָרגאַנען צו עקספּלואַטירען די קנעכט און לייב־אייגענע, נאָר אויך דער היינטיגער רעפּרעזענטאַ־טיווער שטאַאַט איז אַ מיטעל פון עקספּלואַטאַציע פון אַר־בייט דורך קאַפּיטאַל. אַלס אויסנאַהמען טרעפען זיך פון דעסטוועגען פּעריאָדען, ווען די קעמפענדע קלאַסען דערגריי־כען אַזאַ גלייכגעוויכט פון קרעפטען, אַז די שטאַאַטליכע מאַכט קריגט אויף אַ צייט אַ געוויסע זעלבסטשטענדיגקייט בנוגע צו דיביידע קלאַסען, און ערשיינט אַלס אַ פאַרמיט־לערין צווישען זיי. אַזוי איז געווען די אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע פון 17־טען און 18־טען יאָהרהונדערט. דער באָנאַפּאַרטיזם פון דער 1טער אימפּעריע אין פראַנקרייך, און דער רעזשים פון ביסמאַרק'ן אין דייטשלאַנד."

און אַזוי — ווילען מיר צוגעבען פון זיך — איז אויך געווען קירענסקי'ס רעגירונג אין דער רעפּובליקאַנער רוסלאַנד, ווען זי האָט אָנגעהויבען צו פאַרפאָלגען דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלע־טאַריאַט. דאָס איז געווען אַ מאָמענט, ווען די סאָוועטען זיינען, אַ דאַנק דער פיהרערשאַפט פון די קליינבירגערליכע דעמאָקראַטען, ש ו י ן געווען מאַכטלאָז, און די בורזשואַזיע איז נ אָ ך נ י ט געווען גענוג שטאַרק זיי גלייך צו צוטרייבען.

„אין אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק — זאָגט ענגעלס ווייטער — נוצען די רייכע אוים זייער מאַכט אויף אַן אומ־דירעקטען אופן, און דערפאַר אויף אַ מעהר זיכערען וועג, נעמליך, אונטערקויפענדיג די שטאַאַט־בעאַמטע (אַמעריקאַ), אָדער דורך אַ פאַרבאַנד צווישען דער רעגיערונג און דער בור־זשואַזיע (פראַנקרייך און אַמעריקאַ)".

די קונסט פון פאַרטיידיגען און דורכפיהרען אין לעבען די הערשאַפט פון רייכטום אין אַלע דעמאָקראַטישע רעפּובליקען, מיט

דער הילף פון די דאָזיגע אומדירעקטע מיטלען, האָט דער אימפּע־ריאַליזם „ענטוויקעלט" ביז דער העכסטער שטופּע. אויב, למשל, ה' פּאַלטשינסקי קען זיך ערלויבען, אין די ערשטע מאָנאַטען פון דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק אין רוסלאַנד, מען קאָן זאָגען אין דעם האָניג־חודש פון דער חתונה צווישען די „סאָציאַליסטען" עס־ער'ן און מענשעוויקעס מיט דער בורזשואַזיע אין דער קאָאַלי־ציאָנס־רעגירונג, מאַכען צו נישט אַלע געזעצען, וואָס שטרעבען צו באַגרעניצען די קאַפּיטאַליסטישע רויבעריי און אָפּשטעלען דאָס באַשווינדלען די רעגירונג אויף מיליטערישע באַשטעלונגען; און נאָכהער, ווען פּאַלטשינסקי האָט פאַרלאָזט דאָס מיניסטעריום, און איז פאַרביטען געוואָרען מיט איינעם, וואָס איז פונקט אזוי גוט ווי ער, איז ער „באַלוינט" געוואָרען פון די קאַפּיטאַליסטען מיט אַ שטעלע פון 120 טויזענד רובעל אַ יאָהר, — איז וואָס הייסט עס? דירעקט אונטערגעקויפט געוואָרען, אָדער אומדירעקט? אַ פאַרבאַנד פון דער רעגירונג מיט די טראַסטען, אָדער „בלויז" פריינדליכע באַציהונגען? וואָס פאַר אַ ראָלע שפּיעלען די טשער־נאָווס און צערעטעלליס, די אווקסענטיעווס און סקאָבעלעווס? — זיינען זיי „דירעקטע" שותפים פון די מיליאָנערען־גנבים, אָדער נאָר אומדירעקטע?

די זעלבסטהערשאַפט פון „רייכטום" איז טאַקע דערפאַר זיכערער אין אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק, וואָס עס הענגט ניט אָפּ פון דער שלעכטער פּאָליטישער הויט אין וועלכער דער קאַ־פּיטאַליזם איז ארומגעוויקעלט. די דעמאָקראַטישע רעפּובליק איז די בעסטע מעגליכע פּאָליטישע פאָרמע פאַר דעם קאַפּיטאַליזם, און דערפאַר, נאָכדעם, ווי דער קאַפּיטאַל האָט זי באַהערשט דורך די פּאַלטשינסקיס, טשערנאָווס, צערעטעלליס און קאָ., באַגרינדעט ער זיין מאַכט אזוי פעסט און אזוי זיכער, אַז קיין שום ענדערונג פון פּערזאָנען, איינריכטונגען אָדער פּאַרטייען אין אַ בורזשואַזער דעמאָקראַטישער רעפּובליק קען ניט אָנריהרען די דאָזיגע מאַכט.

מען דאַרף נאָך באַמערקען, אַז ענגעלס באַצייכענט דאָס אַל־געמיינע וואַהלרעכט אַלס אַ ווערקצייג פון קאַפּיטאַליסטישער הער־שאַפט. דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט, — זאָגט ער, — שטיצענ־

דיג זיך אויף דער לאַנגער ערפאַהרונג פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, —

„קען בלויז דיענען אַלס אַן אָנצייגער פון דער רייפקייט, צו וועלכער דער ארבייטער קלאַס איז דערוואַקסען. מעהר פון דעם קען עס ניט געבען, און וועט קיינמאָל ניט געבען, אין דעם איצטיגען שטאַאַט".

די קליינבירגערליכע דעמאָקראַטען, ווי אונזערע עס־ער'ן און מענשעוויקעס, און אויך זייערע לייבליכע ברידער, די סאָציאַל־שאָוויניסטען און אָפּאָרטוניסטען פון מערב־אייראָפּא, ערוואַרטען גראַד „גרעסערע" זאַכען פון דעם אַלגעמיינעם וואַהל־רעכט. זיי טיילען אַליין, און פאַרשפּרייטען צווישען פאָלק, דעם פאַלשען גע־דאַנק, אַז דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט, „אין דעם איצטיגען שטאַאַט", איז ווירקליך אימשטאַנד ארויסצוברענגען דעם ווילען פון דער מערהייט ארבייטער, און דורכפיהרען דעם ווילען אין לעבען.

דאָ קענען מיר בלויז ציהען דעם לעזער'ס אויפמערקזאַמקייט אויף דעם דאָזיגען פאַלשען געדאַנק, און אָנצייגען אויף דעם, ווי אַזוי ענגעלס'עס פאָלשטענדיג קלאָרע, פּינקטליכע און קאָנקרעטע ערקלערונג ווערט פאַרדאָרבען, אויף יעדען טריט, אין דער פּראָפּאָ־גאַנדע און אַגיטאַציע פון די „אָפיציעלע" (ד. ה. אָפּאָרטוניסטישע) סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די פאָלשטענדיגע פאַלשקייט פון דעם דאָזיגען געדאַנק וועט ווערען קלאָרער שפּעטער, ווען מיר וועלען ברענגען די אַנזיכטען פון מאַרקס און ענגעלס אויף דעם היינ־טיגען שטאַאַט.

אָט איז דער סך־הכל פון ענגעלס'עס אַנזיכטען, ווי ער גיט עס איז זיין פּאָפּולערסטען ווערק:

„אַלזאָ, דער שטאַאַט האָט ניט עקזיסטירט פון אייביג. עס זיינען געווען געזעלשאַפטען, וואָס זיינען זיך באַגאַנגען אָהן דעם, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין באַגריף פון שטאַאַט און שטאַאַטליכער מאַכט. אויף אַ באַשטימטער שטופע פון עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, וואָס איז נויטווענדיגערווייזע גע־

ווען פארבונדען מיט א שפּאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אויף קלאסען, און אלס א רעזולטאט פון אזא שפּאַלטונג, איז דער שטאַאַט געוואָרען א נויטווענדיגקייט. מיר דערנעהנטערען זיך מיט שנעלע שריט צו אזא שטופע אין דער ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע, וואו די עקזיסטענץ פון קלאסען האָט ניט נאָר אויפגעהערט צו זיין א נויטווענדיגקייט, נאָר זי האלט אין ווערען א דירעקטע שטערונג פאר דער פּראָדוקציע. די קלאסען וועלען פארשווינדען מיט דערזעלבער אומפאר־מיידליכקייט, מיט וועלכער זיי זיינען אין דער פארגאנגענ־הייט ענטשטאנען. מיט דעם פארשווינדען פון קלאסען, וועט אומפארמיידליך פארשווינדען דער שטאַאַט. די געזעלשאַפט, וואָס וועט אויף דאָס ניי אָרגאניזירען א פּראָדוקציע אויף דעם גרונד פון א גלייכען און פרייען פארבאנד פון פּראָדוצי־רער, וועט אוועקשיקען די גאנצע שטאַאַטליכע מאשינעריע אין דעם מוזעאום פון היסטאָרישע זעלטענהייטען, וואו זי וועט ליגען מיט דעם שפּינראָד און דער בראָנזענער האק.״

מען באגעגענט ניט אָפט די דאָזיגע ציטאטע אין דער פּראָ־פּאַגאנדיסטישער און אגיטאַטאָרישער ליטעראטור פון דער היינ־טיגער סאָציאַל־דעמאָקראטיע. און ווען זי ווערט יא געבראכט, איז דאָס מיט דערזעלבער מינע, מיט וועלכער מען בוקט זיך פאר דעם הייליגען בילד, ד. ה., בלויז אויסצודריקען אָפיציעלע אנערקענונג פאר ענגעלס׳ען, אָהן יעדען פארזוך זיך ארייננצוטראכטען אין דעם, וואָס פאר א ברייטער און טיפער אויפשוואונג פון רעוואָלוציע עס איז נויטיג פאר דעם „אוועקשיקען פון דער גאנצער שטאַאַטליכער מאשינעריע אין א מוזעאום פון אנטיקען״. מען באמערקט אפילו ניט קיין פארשטענדניס פון דעם, וואָס ענגעלס רופט די שטאַאַט־ליכע מאשינעריע.

### 4. דאָס „אָפּשטאַרבען״ פון שטאַאַט און די גוואַלטזאַמע רעוואָלוציע.

ענגעלס׳עס ווערטער וועגען דעם „אָפּשטאַרבען״ פון שטאַאַט זיינען אזוי ברייט באַקאַנט, זיי ווערען אזוי אָפט ציטירט, און באווייזען אזוי בולט די געוועגליכע פאלשונגען פון מאַרקסיזם, אז

מען מוז זיך אויף זיי אָפּשטעלען גענויער. מיר ווילען ברענגען דעם גאַנצען אויסצוג, פון וואַנען די ווערטער זיינען גענומען.

„דער פּראָלעטאַריאַט נעמט איבער די שטאַאַטליכע מאַכט און פאַרוואַנדעלט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פריהער פאַר אַלץ אין אייגענטום פון שטאַאַט. אָבער מיט דעם אליין פאַרניכטעט ער זיך זעלבסט אלס פּראָלעטאַריאַט, מיט דעם אליין פאַרניכטעט ער אַלע קלאַסען־אונטערשיידען און קלאַסען־היפּוכים, און צוזאַמען מיט זיי דעם שטאַאַט. די אַמאָליגע און היינטיגע געזעלשאַפט, וואָס דרעהט זיך אין א קרייז פון קלאַסען־געגענזאַצען, האָט געמוזט האָבען דעם שטאַאַט, ד. ה. אַן אָרגאַניזאַציע פון דעם עקספּלואַטירענדען קלאַס, בכדי אויפצוהאַלטען די אויסערליכע באַדינגונגען פון פּראָדוקציע, הויפּטזעכליך כדי צו האַלטען מיט געוואַלד די עקספּלואַטירטע מאַסען אין אזא צושטאַנד פון אונטערדריקונג, ווי עס פּאַסט פאַר דער געגעבענער מעטאָדע פון פּראָדוקציע (שקלאַפעריי, לייב־אייגענטום, געדונגענע אַרבייט). דער שטאַאַט איז געווען דער אָפיציעלער פאָרשטעהער פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, איהר פאַראייניגונג אין א קאָרפּאָראַטיווער איינהייט, אָבער ער איז דאָס געווען אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל ער איז געווען דער שטאַאַט פון יענעם קלאַס, וואָס האָט אין זיין צייט אליין פאָרגעשטעלט די גאַנצע געזעלשאַפט. אין אַלטערטום איז ער געווען דער שטאַאַט פון שקלאַפען־האַלטער, אין מיטעלאַלטער — פון די פעאָדאַלע פּריצים, אין אונזער צייט — פון דער בורזשואַזיע. ווען דער שטאַאַט ווערט ענדליך דערווירקליכער פאָרשטעהער פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, דעמאָלט ווערט ער אויך נוצלאָז. פון דעם מאָמענט אָן, וואָס ועט ניט בלייבען קיין איין געזעלשאַפטליכער קלאַס צום אונטערדריקען; פון דעם מאָמענט ווען עס ווילען פאַרשווינדען, צוזאַמען מיט דער קלאַסען־הערשאַפט, צוזאַמען מיט דעם אינדיווידועלען קאַמף פאַר עקזיסטענץ, וואָס ווערען פאַראורזאַכט פון דער איצטיגער אנאַרכיע אין דער פּראָדוקציע, יענע קאָנפליקטען און עקסצעסען, וואָס קומט אַרויס פון דעם קאַמף, — פון יענעם מאָמענט אָן

וועט מעהר ניט זיין וואָס צו אונטערדריקען, און עס וועט ניט נויטיג זיין קיין ספעציעלער אַפּאַראַט פאַר אונטערדריקונג, עס וועט זיין איבעריג אינגאַנצען דער שטאַאַט. דער ערשטער אַקט, אין וועלכען דער שטאַאַט טרעט ווירקליך ארויס אַלס דער פאָרשטעהער פון דער גאַנצער געזעלשאַפט — ביים איבערנעמען אין זיין רשות די פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין נאָמען פון דער געזעלשאַפט — איז אויך זיין לעצטער זעלבסטשטענדיגער אַקט אַלס אַ שטאַאַט. פריהער אויף איין געביט, נאכהער אויף דעם צווייטען, וועט דאָס אריינמישען זיך פון דער שטאַאַטליכער מאַכט אין געזעלשאַפטליכע באַציהונגען ווערען איבעריג, און דער שטאַאַט וועט פון זיך זעלבסט אָפּשטאַרבען. דאָס פּלאַץ פון אַ רעגירונג איבער מענשען וועט פאַרנומען ווערען פון אַ פאַרוואַלטונג איבער די פּראָצעסען פון פּראָדוקציע. דער שטאַאַט ווערט ניט „אָפּגעשאַפט", ע ר  ש ט א ר ב ט  אָ פּ. אין דעם זין דאַרף מען פאַרשטעהן די פראַזע וועגען אַ „פרייער פאָלקס־רעגירונג", אַ פראַזע, וואָס האָט אין איהר צייט געהאָט אַ געוויסע עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג, אַלס אַ מיטעל פון אַגיטאַציע, וואָס האָט אָבער סוף כל סוף קיין שום וויסענשאַפטליכען ווערט ניט. פון דעמזעלבען שטאַנדפּונקט דאַרף מען אויך באַטראַכטען די פאָדערונג פון די אַזוי גערופענע אַנאַרכיסטען, אַז דער שטאַאַט זאָל אָפּגעשאַפט ווערען, איבערנאַכט. (אַנטי דיורינג, זייט 302-3)."

מען קאָן זאָגען, אָהן שום געפאַהר זיך טועה צו זיין, אַז דאָס איינציגע, וואָס די היינטיגע סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָבען ארויסגענומען פון ענגעלס'עס מערקווירדיגע און גע..אַנקעגרייכע באַטראַכטונגען איז, אַז לויט מאַרקס'ען „שטאַרבט אָפּ" דער שטאַאַט, בעת, לויט די אַנאַרכיסטען, דאַרף ער „אָפּגעשאַפט" ווערען. אַזוי ארומצופליקען דעם מאַרקסיזם, הייסט איהם רעדוצירען צו אָפּאָרטוניזם. וואָרום ווען דער מאַרקסיזם ווערט אַזוי „אויסגעטייטשט", בלייבט פון איהם בלויז אַ טונקעלע פאָרשטעלונג וועגען אַ פּראָצעס פון לאַנגזאַמע, גלייכע און שטופענווייזע ענדערונ־

גען, וואָס מאַכט ניט קיין שפּרונגען און ווייסט ניט פון קיין שטור־רעמס און רעוואָלוציעס. דער געדאַנק, אַז דער שטאַאַט וועט „אָפּשטאַרבען", ווי ער ווערט פאַרשטאַנען פון דעם ברייטען עולם, איז אַהן צווייפעל אַן אָפּלייקענונג פון דעם געדאַנק פון רעוואָלוציע.

אַזאַ גראָבע „אויסטייטשונג" און פעלשונג פון מאַרקסיזם לוינט זיך גאַנץ גוט פאַר דער בורזשואַזיע און נעמט זיך דערפון וואָס מען לאָזט אויס די אויף פאַקטען באַגרינדעטע, העכסט וויכ־טיגע באַטראַכטונגען און אַנזיכטען מיט וועלכע ענגעלס ערקלערט זיינע געדאַנקען אין דעם אויבענגעבראַכטען אויסצוג.

ערשטענס. אין סאַמע אָנפאַנג פון'ם אויסצוג זאָגט ענגעלס, אַז דער פּראָלעטאַריאַט ,איבערנעמענדיג די שטאַאַטליכע מאַכט, „וועט מיט דעם אַליין פאַרניכטען דעם שטאַאַט אַלס אַ שטאַאַט". וועגען דעם וואָס דאָס באַדייט, טראַכט מען ניט געוועהנליך. ענטוועדער מען איגנאָרירט עס אינגאַנצען, אָדער מען קוקט אויף דעם, ווי אויף ענגעלס'עס אַ „העגעליאַנישער שוואַכקייט". אין דער ווירקליכקייט איז אין די ווערטער אויסגעדריקט אין קורצען די ערפאַהרונג פון איינער פון די גרעסטע פּראָלעטאַרישע רעוואָלו־ציעס, די ערפאַהרונג פון דער פּאַריזער קאָמונע פון 1871, וועגען וועלכער מיר וועלען שפּעטער רעדען גענויער. אין דער אמת'ען, ווען ענגעלס רעדט וועגען דער „פאַרניכטונג" פון שטאַאַט, מיינט ער דעם בורזשואַזען שטאַאַט, וואָס וועט פאַרניכטעט ווערען פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וועהרענד די ווערטער וועגען „אָפּשטאַרבען" באַציהען זיך אויף די רעשטלאַך פון פּראָ־לעטאַרישען שטאַאַט, וואָס וועלען בלייבען נאָך דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. דער בורזשואַזער שטאַאַט „שטאַרבט ניט אָפּ", לויט ענגעלס'ען, ער ווערט „פאַרניכטעט" פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט אין אַ רעוואָלוציע. אָפּשטאַרבען וועט נאָך דער דאָ־זיגער רעוואָלוציע דער פּראָלעטאַרישער שטאַאַט, אָדער האַלבער שטאַאַט.

צווייטענס. דער שטאַאַט איז אַ „ספּעציעלע קראַפט פאַר אונטערדריקונג!" די דאָזיגע גלענצענדע און העכסט טיפע דע־פיניציע ווערט געגעבען פון ענגעלס'ען מיט פאָלשטענדיגער קלאָר־

קייט. פון דעם פאָלגט, אַז די דאָזיגע ספּעציעלע קראַפט, מיט וועלכער די בורזשואַזיע אונטערדריקט דעם פּראָלעטאַריאַט און מיט וועלכער מיליאָנען אַרבייטער ווערען געהאַלטען אין קנעכטשאַפט פון אַ הייפעלע גבירים, דאַרף פאַרביטען ווערען מיט אַנאַנדער „ספּעציעלער קראַפט" פאַר אונטערדריקען די בורזשואַזיע דורך דעם פּראָלעטאַריאַט (די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור). אין דעם באַשטעהט די פאַרניכטונג פון שטאַאַט אַלס אַ שטאַאַט. אין דעם דריקט זיך אויס דער „אַקט", דורך וועלכען דער פּראָלעטאַריאַט נעמט איבער די פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין דעם נאָמען פון דער געזעלשאַפט. עס איז דעריבער קלאָר, אַז אַ זאַ סאָרט פאַר־בייטען פון איין (בורזשואַזער) ספּעציעלער מאַכט דורך אַ צווייטער (פּראָלעטאַרישער) ספּעציעלער מאַכט, קען ניט פאָרקומען אין דער פאָרמע פון „אָפּשטאַרבען".

דריטענס, וועגען „אָפּשטאַרבען", און נאָך בולט'ער און פאַרבענרייכער — וועגען „איינשלאָפען", רעדט ענגעלס גאַנץ קלאָר און באַשטימט אין פאַרבינדונג מיט דער עפּאָכע, וואָס וועט קומען נ אָ ך ד ע ם, ווי די אַרבייטער „וועלען איבער־נעמען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פאַר דעם שטאַאַט אין דעם נאָמען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט", ד. ה., נ אָ ך ד ע ר סאָ־ציאַליסטישער רעוואָלוציע. מיר אַלע ווייסען, אַז די פּאָליטישע פאָרמע פון „שטאַאַט", וואָס וועט עקזיסטירען אין דער דאָזיגער עפּאָכע, וועט זיין די פולסטע דעמאָקראַטיע. נאָר קיינעם פון די אָפּאָרטוניסטען, וואָס פאַרדאַרבען אַזוי אומפאַרשעמט דעם מאַרקסיזם, קומט ניט אַרויף אויפ'ן געדאַנק, אַז ווען ענגעלס רעדט וועגען „איינשלאָפען" און „אָפּשטאַרבען", מוז ער דעריבער מיינען די ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ע. דאָס דאַכט זיך אויס צו זיין אין דעם ערשטען קוק זעהר מאָדנע. נאָר אומפאַרשטענדליך איז דאָס בלויז פאַר יענעם, וואָס האָט זיך ניט אַריינגעטראַכט אין דעם פאַקט, אַז אַ דעמאָקראַטיע איז א ו י ך אַ שטאַאַט, און, פאָלג־ליך, וועט אויך די דעמאָקראַטיע פאַרשווינדען, ווען עס וועט פאַר־שווינדען דער שטאַאַט. דעם בורזשואַזען שטאַאַט קען פאַרניכטען בלויז אַ רעוואָלוציע, אָבער דער שטאַאַט בכלל, ד. ה., די פולסטע דעמאָקראַטיע, קען בלויז אָפּשטאַרבען.

פּערטענס. ווען ענגעלס האָט אַרויסגעשטעלט זיין באַ־ריהמטען גרונדזאַץ, אַז „דער שטאַאַט שטאַרבט אָפּ", האָט ער גלייך ערקלערט, אַז ער מיינט עס אָנצואווענדען סיי געגען די אָפּאָרטוניסטען, סיי געגען די אַנאַרכיסטען. דערביי האָט ער אוועקגעשטעלט אויף דעם ערשטען פּלאַן יענע אויספיהרונג פון זיין גרונדזאַץ וועגען דעם „אָפּשטאַרבענדען שטאַאַט", וואָס ציעלט געגען די אָפּאָרטוניסטען.

מען וואָלט זיך געקענט וועטען, אַז פון צעהן טויזענד מענ־שען, וואָס האָבען געלעזען אָדער געהערט וועגען דעם „אָפּשטאַר־בען" פון שטאַאַט, וועלען 9,990 אינגאַנצען ניט וויסען, אָדער זיי וועלען ניט געדענקען, אַז ענגעלס האָט געריכטעט זיינע אויספיה־רונגען פון דעם דאָזיגען גרונדזאַץ ניט נאָר געגען די אַנאַרכיסטען. און פון די געבליבענע 10 וועלען 9 זיכער ניט וויסען, וואָס עס איז אַזעלכעס אַ „פרייער פאָלקס־שטאַאַט", און פאַרוואָס אַן אַנגריף אויף דעם דאָזיגען לאָזונג איז אויך אַן אַנגריף אויף די אַנאַרכיסטען. אַזוי ווערט געשריבען געשיכטע! אָט אַזוי ווערט אומבאַמערקטערהייט געפעלשט אַ גרויסע רעוואָלוציאָ־נערע לעהרע און זי ווערט צוגעפּאַסט צו דער הערשענדער קליינביר־גערליכקייט. די אויספיהרונג געגען די אַנאַרכיסטען האָט מען טויזענדער מאָל ווידערהאָלט, פאַרבילינגט און אַריינגעקלאַפּט אין אונזערע מוחות, ביז וואַנען עס האָט געקראָגען די פעסטקייט פון אַ פאָראורטייל. אין דער זעלבער צייט האָט מען פאַרטושעוועט און פאַרגעסען די אויספיהרונג געגען די אָפּאָרטוניסטען.

דער „פרייער פאָלקס־שטאַאַט" איז געווען אַ פונקט אין דער פּראָגראַם, און אַ פּאָפּולערער לאָזונג, פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען אין די 70־ער יאָהרען. קיין אַנדער פּאָליטישער אינהאַלט, חוץ אַ קליינבירגערליך־אָנגעבלאָזענע באַשרייבונג פון דעם באַגריף דעמאָקראַטיע, איז אין דעם דאָזיגען לאָזונג ניט פאַראַן. אויף וויפיעל אָבער דער לאָזונג האָט אין זיך ענטהאַלטען אַ לעגאַלע אָנדייטונג אויף אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק, אויף אַזוי פיעל איז ענגעלס געווען בערייט איהם צו „באַרעכטיגען" אויף אַ צייט פון שטאַנדפּונקט פון אַגיטאַציע. נאָר דער דאָזיגער לאָ־זונג איז געווען אָפּאָרטוניסטיש, ניט נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט

אונטערגעפּאַרבט די בורזשואזע דעמאָקראַטיע, נאָר אויך מחמת דעם, וואָס ער האָט זיך ניט געשטיצט אויף דער סאָציאַליסטישער קריטיק פון דעם שטאַאַט בכלל. מיר זיינען פאַר אַ דעמאָקראַטי־שער רעפּובליק, ווייל דאָס איז פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט די בעסטע פאָרמע פון שטאַאַט אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, מיר האָבען אָבער קיין רעכט ניט צו פאַרגעסען, אַז לוין־שקלאַפעריי איז דער שיקזאַל פון פאָלק אפילו אין דער דעמאָקראַטישסטער בור־זשואזער רעפּובליק. ווייטער. יעדער שטאַאַט איז ניט מעהר ווי אַ „ספּעציעלע קראַפט צו אונטערדריקען" דעם אונטערדריקטען קלאַס. פאָלגליך איז י ע ד ע ר שטאַאַט נ י ט — פריי און נ י ט — פאָלקסטימליך. מאַרקס און ענגעלס האָבען דאָס ניט איינמאָל ערקלערט פאַר זייערע פּאַרטיי־חברים אין די 70־גער יאָהרען.

פינפטענס. אין דעם זעלביגען ווערק פון ענגעלס׳ען, פון וועלכען אַלע געדענקען די באַטראַכטונגען וועגען דעם אָפּשטאַר־בענדען שטאַאַט, איז פאַראַן אַ באַטראַכטונג וועגען דער באַדייטונג פון אַ גוואַלטזאַמער רעוואָלוציע. די היסטאָרישע אָפּשאַצונג, מיט וועלכער ענגעלס פאַנגט אָן, פאַרוואַנדעלט זיך אין אַן עכטען לויב־געזאַנג צו דער געוואַלטזאַמער רעוואָלוציע. דאָס געדענקט קיינער ניט. וועגען דער באַדייטונג פון דעם דאָזיגען געדאַנק איז ניט אָנגענעם צו רעדען אין די היינטיגע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, און אין דער אַלטעגליכער פּראָפּאַגאַנדאַ און אַגיטאַציע צווישען די מאַסען שפּיעלען די דאָזיגע געדאַנקען קיין ראָלע ניט. וועהרענד אין דער אמת׳ען זיינען זיי, און די געדאַנקען וועגען „אָפּשטאַר־בען" פון שטאַאַט, פאַרבונדען אין איין גאַנצער און פעסטער איינהייט.

דאָס זיינען ענגעלס׳עס ווערטער:

„וועגען דעם, אַז די גוואַלדטאַט שפּיעלט אין דער געשיכ־טע אַן אַנדער ראָלע (חוץ אַלס אַ פאַראורזאַכער פון שלעכטס), אַ רעוואָלוציאָנערע ראָלע; אַז זי איז, לויט מאַרקס׳ען, דער אַקושער פון יעדער אַלטער געזעלשאַפט ווען זי איז טראָגע־דיג מיט אַ נייער; אַז די געוואַלדטאַט איז דאָס איינציגע

> ווערקצייג, מיט וועלכען א געזעלשאפטליכע באוועגונג לייגט זיך דורך א וועג און ברעכט די אלטע, פארשטיינערטע פּאָליטישע פאָרמען, — וועגען דעם אַלעם געפינט איהר קיין וואָרט ניט ביי ה' דיורינג. ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט אָפּגעזיפצט און אָפּגעקרעכצט, דערלאָזט ער דעם געדאַנק, אַז בכדי צו שטירצען די קאַפּיטאליסטישע ווירטשאפט, וועט פיֿלייכט זיין נויטיג אָנצואווענדען גוואלדמיטלען, — צום באדויערען, מערקט אייך — מחמת דער וואָס ווענדט אָן גוואלד, ווערט כלומר'שט דעמאָראליזירט פון דעם. און דאָס ווערט געזאָגט ניט קוקענדיג אויף יענער הויך פון מאָראלען און אינטעלעקטועלען אידעאליזם, וואָס פלעגט שטענדיג קומען מיט יעדער זיעגרייכער רעוואָלוציע! און דאָס ווערט געזאָגט אין דייטשלאַנד, וואו א גוואלדזאמער צוזאמענשטויס, וואָס קאָן געוועהנליך ארויפגעצוואונגען ווערען אויפ'ן פאָלק, וואָלט געהאט אם ווייניגסטענס דעם פאָרצוג, וואָס עס וואָלט פריי געמאכט דעם שקלאפישען גייסט, מיט וועלכען עס איז דורכגעדרונגען דאָס נאַציאָנאַלע באוואוסטזיין זינט די ערנידערונגען פון דעם 30־יאָהריגען קריעג. און אָט דעם נישטיגען מאכטלאָזען, גלחישען אַרט דענקען וואַגט מען פאָרצושלאָגען דער רעוואָלוציאָנערסטער פּארטיי, פון וועלכער די געשיכטע האָט וועןּ געוואוסט". (זייט 193, 3טע דייטשע אויסגאבע, ענדע פון 4טען קאפּיטעל, 2טע אָפּטיילונג).

ווי אַזוי קען מען פאראייניגען אין איין לעהרע דעם דאָזיגען לויב־געזאַנג פאַר אַ גוואַלדזאַמער רעוואָלוציע, וואָס ענגעלס האָט ניט אויפגעהערט אונטערצוטראָגען די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען פון 1878 ביז 1894, ד. ה. ביז זיין טויט, מיט דער טעאָריע, אַז דער שטאַאַט „שטארבט אָפּ"?

געוועהנליך פאראייניגט מען זיי מיט דער הילף פון אַ סאָרט עלעקטיציזם, וואָס באַשטעהט פון אַ אידעענלאָזען אָדער סאָפיסטישען ארויסכאפּען פון ווירקליך אויסגעוועהלטע (אָדער אַזעלכע, וואָס זאָלען געפעלען די מאכט־האָבענדע) ציטאטען, דאָ פון איין פלאַץ, דאָ פון אַ צווייטען, און אין 99 פון יעדע 100 פאלען, וואו

דאָס ווערט געטאָן, ווערט אויף דעם ערשטען פּלאַץ אַרויסגערוקט גראָד דאָס „אָפּשטאַרבען". די דיאַלעקטיקע ווערט פאַרביטען מיט עקלעקטיציזם, און ערשיינונג וואָס איז זעהר פאַרשפּרייט אין דער אָפיציעלער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ליטעראַטור פון אונזער צייט בנוגע דעם מאַרקסיזם. אַזאַ סאָרט פאַרבייטען איז, פאַרשטעהט זיך, ניט קיין נייעס, מען האָט דאָס שוין בעאָבאַכטעט אין דער געשיכטע פון דער קלאַסישער גריכישער פילאָזאָפיע. דאָס פאַר־בייטען די דיאַלעקטיקע מיט עקלעקטיציזם איז א גוט מיטעל פאַר די אָפּאָרטוניסטען ביים פעלשען דעם מאַרקסיזם, מחמת עס נאַרט לייכט אָפּ די מאַסען, עס גיט זיי אָן איבערפלעכליכע באַפרידיגונג מיט דעם, וואָס עס נעמט כלומרשט אין אנבעטראַכט אַלע זייטען פון א געזעלשאַפטליכען פּראָצעס, אַלע נייגונגען פון זיין ענטוויק־לונג, אַלע ווידערשפרעכיגע איינפלוסען, א. ד. גל., ווערהרענד אין דער ווירקליכקייט גיט עס קיינמאָל ניט קיין איינהייטליכען און רעוואָלוציאָנערען באַגריף וועגען א פּראָצעס פון געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג.

מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, און וועלען רעדען וועגען דעם גענויער שפּעטער, אַז די לעהרע פון מאַרקס און ענגעלס וועגען דער אומפאַרמיידליכקייט פון א גוואַלדזאַמער רעוואָלוציע באַציהט זיך אויף דעם בורזשואַזען שטאַאַט. דער לעצטער ק ע ן נ י ט פאַרביטען ווערען מיט א פּראָלעטאַרישען שטאַאַט (די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט) דורך דעם וואָס ער וועט „אָפּשטאַרבען", דאָס קען געשעהן בלויז דורך א גוואַלדזאַמער רעוואָלוציע. דער לויב־געזאַנג, וואָס ענגעלס האָט געזונגען דער גוואַלדזאַמער רעוואָלוציע, איז אין פולען איינקלאַנג מיט די אָפטע ערקלערונגען פון מאַרקס'ען אַליין (דערמאָנט זיך די ענדע פון „די אָרימקייט פון דער פילאָ־זאָפיע" און פון דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט", מיט זיין שטאָל־צער און אָפענער ערקלערונג, אַז א גוואַלדזאַמע רעוואָלוציע איז אומפאַרמיידליך; דערמאָנט זיך די קריטיק פון דער גאָטישער פּראָגראַם פון 1875, כמעט 30 יאָהר שפּעטער, וואו מאַרקס שמייסט אָהן רחמנות דעם אָפּאָרטוניזם פון דעם דאָזיגען פּראָגראַם) — דער דאָזיגער לויב־געזאַנג איז באין אופן ניט קיין „הינרייסונג", אָדער דעקלאַמאַציע, אָדער פּאָלעמישער אַרויסטריט. די נויט־

וועגדיגקייט סיסטעמאַטיש צו ערציהען די מאַסען אויף אַ זעל־
כע און נאָר אויף אַזעלכע אַנזיכטען בנוגע דער גוואַלדזאַמער
רעוואָלוציע, איז דער פונדאַמענט פון מאַרקס'עס און ענגעלס'עס
גאַנצער לעהרע. דער פאַקט, וואָס די סאָציאַל־שאָוויניס־
טישע און קאַוטסקיאַנישע ריכטונגען פארגעסען צו פיהרען אַזאַ
פּראָפּאַגאַנדאַ און אַגיטאַציע, מאַכט באַזונדערס בולט זייער פאַר־
ראַט צו דער מאַרקסיסטישער לעהרע.

דער איבערגאַנג פון דעם בורזשואַזען שטאַאַט צו אַ פּראָלע־
טאַרישען איז אונמעגליך אָהן אַ גוואַלדזאַמער רעוואָלוציע. די פאַר־
ניכטונג פון דעם פּראָלעטאַרישען שטאַאַט, ד. ה, די פאַרניכטונג
פון שטאַאַט בכלל, איז אונמעגליך, סיידען מיט דעם וועג פון
„אָפּשטאַרבען".

צווייטער קאַפּיטעל.

## די ערפאַהרונג פון דער פאַריזער קאָמונע אין 1871.

## ווי מארקס האָט זי באַטראַכט און פאַרשטאַנען.

### 1. אין וואָס איז באַשטאַנען די העלדישקייט פון דעם פאַרזוך, וואָס די קאָמונאַרען האָבען געמאַכט.

עס איז באַקאַנט, אַז מיט עטליכע מאָנאַטען פאַר דער קאָ־
מונע, אין הערבסט, פון 1870, האָט קאַרל מאַרקס געוואָרענט די
פאַריזער אַרבייטער, באַווייזענדיג, אַז אַ פאַרזוך אָראָפּצואוואַרפען
די רעגירונג וואָלט געווען אַ נאַרישער שריט, דיקטירט פון פאַר־
צווייפלונג. נאָר אין מערץ פון 1871, ווען מען האָט אַרויפגעצוואונ־
גען אויף די אַרבייטער אַן ענטשיידענע שלאַכט און זיי האָבען
עס אויפגענומען, ווען דער אויפשטאַנד איז געוואָרען אַ פאַקט,
האָט מאַרקס באַגריסט די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע מיט דער
גרעסטער פרייד, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די אויסזיכטען
זיינען געווען זעהר שלעכט. מאַרקס האָט זיך ניט איינגעשפּאַרט
און פאַראורטיילט די באַוועגונג אַלס אַ „פריהצייטיגע", ווי דאָס

האָט געטאָן פּלעכאַנאָוו, וועלכער האָט, אין נאָוועמבער, 1905, ער־מוטיגט די אַרבייטער און פּויערים צום קאַמף, און אין דעצעמבער פון 1905 האָט ער צוזאַמען מיט אַלע ליבעראַלען געשריען, „אַז מען האָט זיך ניט געטאָרט נעמען פאַר דאָס געוועהר".

מאַרקס האָט זיך אָבער ניט באַגרענעצט בלויז מיט אויסדריקען זיין ענטציקונג איבער דער העלדישקייט פון די קאָמונאַרען, פון די וואָס האָבען „אַטאַקירט דעם הימעל", ווי ער האָט זיי גערופען. אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די מאַסען, הגם זי האָט ניט דערגרייכט איהר צוועק, האָט ער איינגעזעהן אַ היסטאָרישע ערפאַהרונג פון דער גרעסטער וויכטיגקייט, אַ געוויסען שריט פאָרווערטס אויף דעם וועג פון דער אַלוועלטליכער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אַ שריט, וואָס איז וויכטיגער פון הונדערטער פּראָגראַמען און דיסקוסיעס. אַנאַליזירען די דאָזיגע ערפאַהרונג, אַראָפּנעמען פון איהר אַ מוסר־השכל פאַר זיין ווייטערדיגער טאַקטיק, און זיין טעאָריע צופּאַסען צו דער דאָזיגער ערפאַהרונג — אַזוי האָט זיך מאַרקס אַוועקגעשטעלט זיין אויפגאַבע.

די איינציגע „אויסבעסערונג" צום „קאָמוניסטישען מאַניפעסט", וואָס מאַרקס האָט געפונען פאַר נויטיג צו מאַכען, איז געמאַכט געוואָרען אויף ד'עם גרונד פון דער רעוואָלוציאָנערער ערפאַהרונג, וואָס די פּאַריזער קאָמונאַרען האָבען דורכגעלעבט.

די לעצטע פאָררעדע צו דער נייער דייטשער אויסגאַבע פון דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט", וואָס איז אונטערגעשריבען פון ביידע מחברים, איז דאַטירט ד'עם 24טען יולי, 1872. אין דער דאָזיגער פאָררעדע זאָגען איהרע מחברים, קאַרל מאַרקס און פריד־ריך ענגעלס, אַז „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט" איז „איצט ערטערווייז צו אַלט".

„באַזונדערס — זעצען זיי פאָר — האָט די קאָמונע באַוויזען, אַז „דער אַרבייטער־קלאַס קען ניט איינפאַך פאַרכאַפּען די פאַרטיגע שטאַאַטליכע מאַשין און זי אויסנוצען פאַר זיינע אייגענע צוועקען".

די ווערטער פון דער ציטאַטע, — וואָס מיר האָבען געשטעלט אין די צווייטע גענזעגפיסלעך, האָבען די מחברים גענומען פון מאַרקס'עס „דער בירגער־קריעג אין פראַנקרייך".

מארקס און ענגעלס האָבען, אַלזאָ, געהאַלטען איין גרינדליכען און הויפּט מוסר־השכל פון דער קאָמונע פאַר אַזוי וויכטיג, אַז זיי האָבען עס אריינגעטראָגען, אַלס אַ באַדייטענדע אויסבעסע־רונג, אין דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די אָפּאָרטוניסטען, וואָס זיי האָבען געפעלשט גראַדע די דאָזיגע אויסבעסערונג, און עס איז זיכער, אַז ניין צעהנטעל, אויב ניט ניין און ניינציג הונדערטעל, פון אַלע לעזער פון דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“ זיינען ניט באַקאַנט מיט איהר ווירקליכען זין. מיר וועלען איצט בלויז באַ־מערקען, אַז די גאַנגבאַרע, פּאָפּולערע „פאַרטייטשונג“ פון דעם באַ־דיהמטען זאַץ פון מאַרקס'ן וואָס מיר האָבען פריהער געבראַכט, באַשטעהט אין דעם, אַז מאַרקס שטרייכט דאָ כלומרשט אונטער דעם געדאַנק פון לאַנגזאַמער ענטוויקלונג להיפך דעם געדאַנק פון פאַרכאַפּען די מאַכט, א. ד. גל.

אין דער אמת'ן איז די זאַך פּונקט פאַרקערט. מאַרקס'עס געדאַנק באַשטעהט אין דעם, אַז דער ארבייטער־קלאַס דאַרף צוקלאַפּען, צוברעכען די „פאַרטיגע שטאַאַט־ליכע מאַשין“, און ניט באַגרענעצען זיך בלויז מיט דעם, וואָס ער וועט זי פאַרכאַפּען.

דעם 12טען אַפּריל פון 1871, ד. ה., פונקט אין דיזער צייט פון דער קאָמונע, האָט מאַרקס געשריבען צו קוגעלמאַן'ען:

„אויב דו וועסט אריינקוקען אין דעם לעצטען קאַפּיטעל פון מיין „18טען בריומער“, וועסטו דאָרט זעהן מיין ערקלעה־רונג, אַז דער נעקסטער פאַרזוך פון דער פראַנצויזישער רע־וואָלוציע דאַרף זיין: ניט איבערצוגעבען די ביוראָקראַטיש־מיליטערישע מאַשין פון די הענט פון איין גרופּע צו אַ צווייי־טער, ווי דאָס איז געווען ביז איצט, נאָר צו צוברעכען זי (דאָס וואָרט איז אונטערגעשטראָכען פון מאַרקס'ען אַליין), און דאָס איז די וויכטיגסטע פאָרבאַדינגונג פון יעדער ווירק־ליכער פאָלקס־רעוואָלוציע אויפ'ן קאָנטינענט, און אין דעם באַשטעהט אויך דער פאַרזוך פון אונזערע העלדישע פּאַריזער חברים“ (זייט 709 אין דער „נייער צייט“).

אין די דאָזיגע ווערטער — „צו צוברעכען די ביוראָקראַטיש־מיליטערישע שטאַאַטליכע מאַשין" — איז איינגעשלאָסען דער הויפּט געבאָט פון מאַרקסיזם אין דער פראַגע פון דעם, וואָס עס דאַרף זיין די אויפגאַבע פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אין זיין באַצי־הונג צום שטאַאַט, אין דער צייט פון אַ רעוואָלוציע. און דער דאָזיגער געבאָט איז ניט נאָר פאַרגעסען געוואָרען, נאָר ער איז איינפאַך פאַרדאָרבען געוואָרען, דורך דער הערשענדער קאַוטסקיאַ־נישער „אויסטייטשונג" פון מאַרקסיזם.

דאָס פּלאַץ פון דעם „18טען בריומער", אויף וועלכען מאַרקס באַרופט זיך אין זיין בריעף צו קוגעלמאַן'ען, האָבען מיר אויבען געבראַכט אינגאַנצען.

עס איז אינטערעסאַנט אונטערצוצייכענען צוויי פּלעצער פון דעם געבראַכטען בריעף. ערשטענס, באַגרענעצט מאַרקס זיין אויספיהרונג בלויז פאַר דעם קאָנטינענט. דאָס איז געווען פאַרשטענדליך אין 1871 ווען ענגלאַנד איז נאָך געווען דאָס מוס־טער־לאַנד פון ריינעם קאַפּיטאַליזם וואָס האָט ניט געהאַט קיין באַזונדערע מיליטערישע קאַסטע, און, אין אַ גרויסער מאָס, אויך ניט קיין ביוראָקראַטיע. דערפאַר האָט מאַרקס אויסגעשלאָסען ענגלאַנד, וואו אַ רעוואָלוציע, זאָגאַר אַ פאָלקס־רעוואָלוציע, איז דאַמאָלס מעגליך געווען אָ ה ן דעם, אז עס זאָל פריהער צו־שטערט ווערען „די פאַרטיגע שטאַאַטליכע מאַשין".

איצט, אין 1917, אין דער עפּאָכע פון דער ערשטער גרויסער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, פאַלט די דאָזיגע באַגרינדונג פון מאַרקס'ען אַוועק. ענגלאַנד און אַמעריקאַ, די גרעסטע און באַדיי־טענדסטע פאָרשטעהער אין דער וועלט פון דער אַנגלאָ־זאַקסישער „פרייהייט", וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין זייער פרייהייט פון מיליטאַריזם און ביוראָקראַטיזם, האָבען זיך פּאָלשטענדיג אַראָפּ־געלאָזט צו דעם אַלגעמיין־אייראָפּעאישען, שמוציגען און בלוטי־גען זומפּ פון ביוראָקראַטיש־מיליטערישע איינריכטונגען, וואָס אונ־טערדריקען און אונטערוואַרפען אַלץ אונטער זייער רשות. איצט ווערט די „פאָרבאַדינגונג פון יעדערווירקליכער פאָלקס־רעוואָלוציע" אויך אין ענגלאַנד און אין אַמעריקאַ מוזען באַשטעהן אין צ ו ־

ברעכען און צושטערען די „פּאַרטיגע (וואָס איז דאָרט צוגעפּערטיגט געוואָרען אין 17—1914 ביז צו דער איירא־פּעאישער, אַלגעמיין־אימפּעריאַליסטישער פּאָלקאָמענהייט) שטאַט־ליכע מאַשין“.

צווייטענס, פּאַרדיענט א באַזונדער אויפמערקזאַמקייט מאַרקס׳עס העכסט טיפע באַמערקונג, אַז די צושטערונג פון דער ביוראָקראַטיש־מיליטערישער שטאַאַטליכער מאַשין איז די „פּאָר־באַדינגונג פון יעדערווירקליכער פּאָלקס־רעוואָלוציע“. עס קען אויסקומען מאָדנע צו הערען פון מאַרקס׳ען ווענען א „פּאָלקס“־רעוואָלוציע, און די רוסישע פּלעכאַנאָווס און די מענשעוויקעס, די דאָזיגע נאָכפאָלגער פון סטרואַווע, וואָס ווילען זיך רעכענען פאַר מאַרקסיסטען, וואָלטען אפילו געקענט ערקלעהרען מאַרקס׳עס דאָזיגען אויסדרוק פאַר „א צופעליגען טעות“. וואָרים זיי האָבען פאַרדרעהט דעם מאַרקסיזם אויף אַזא קלעגליך־ליבעראַלען אופן, אַז חוץ דעם היפּך צווישען א בורזשואַזער און א פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע עקזיסטירט פאַר זיי קיין זאַך ניט, און דעם היפּך פאַרשטעהען זיי אויך אַלס א טויטע, אומבאַוועגליכע זאַך.

ווען מען זאָל נעמען, צום ביישפּיעל, די רעוואָלוציעס פון 20טען יאָהרהונדערט, וועט אויסקומען צו באַטראַכטען סיי די פּאָרטוגעזישע סיי די טערקישע פאַר בורזשואַזע רעוואָלוציעס. קיין איינע פון זיי איז ניט געווען קיין „פּאָלקס“־רעוואָלוציע, וואָרים די מאַסען פון פּאָלק, די גרעסטע מעהרהייט מיט איהרע אייגענע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּאָדערונגען, האָט זיך ניט באַטיי־ליגט אַקטיוו ניט אין דער און ניט אין יענער. דערפאַר אָבער איז די רוסישע בורזשואַזע רעוואָלוציע פון 7—1905, הגם זי האָט ניט געהאַט אַזעלכע „גלענצענדע“ ערפאָלגען, ווי עס האָבען ציי־טענווייז געהאַט די פּאָרטוגעזישע און טערקישע, געווען אָהן צוויי־פעל א ווירקליכע פּאָלקס־רעוואָלוציע, וואָרים אין איהר האָבען זיך באַטייליגט די מאַסען פון פּאָלק, זיין מעהרהייט, זיינע טיעפ־סטע און נידריגסטע שיכטען, די אונטערדריקטסטע און עקספּלואַ־טירטסטע, וואָס האָבען אַרויפגעלייגט אויף דעם גאַנצען גאַנג פון דער רעוואָלוציע דעם שטעמפּעל פון זייערע אייגענע פּאָ־

דערונגען, זייערע א י י ג ע נ ע פארזוכען אליין צו בויען א נייע געזעלשאפט אויף די חורבות פון דער אלטער.

אין קיין איין לאנד אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט איז דער פּראָלעטאריאט ניט געווען די מעהרהייט פון פאָלק אין 1871. א „פאָלקס"־רעוואָלוציע, וואָס זאָל ווירקליך ארייננציהען אין דער באוועגונג די מעהרהייט פון דער באפעלקערונג, האָט געקענט זיין נאָר אזעלכע, וואָס נעמט ארום סיי דעם פּראָלעטאריאט סיי דאָס פויערטום. ביידע קלאסען האָבען עס דעמאָלט געבילדעט דאָס „פאָלק". זיי זיינען פאראייניגט פון דער „ביוראָקראטיש־מיליטערישער מאשין", וואָס דריקט, שטיקט און עקספּלואַ־טירט ביידען. צו צ ו ב ר ע כ ע ן די דאָזיגע מאשין, זי צו צ ו ק ל א פ ע ן — דאָס איז דער ווירקליכער אינטערעס פון פאָלק, פון זיין מעהרהייט, פון די ארבייטער און מייסטע פויערים; דאָס איז די „פאַרבאדינגונג" פאר א פרייען פארבאנד צווישען די אָרימע פויערים און די פּראָלעטאריער, אָהן וועלכען עס איז אומזיכער די דעמאָקראטיע, און עס איז אונמעגליך איבערצובויען די געזעל־שאפט אויף סאָציאליסטישע יסודות.

צו אזא סאָרט פארבאנד האָט געשטרעבט, ווי מיר ווייסען, די פאריזער קאָמונע, און האָט עס ניט דערגרייכט צוליעב א גאנ־צער רייהע אינערליכע און אויסערליכע אורזאכען.

פאָלגליך, ווען מארקס האָט גערעדט וועגען א ווירקליכער „פאָלקס־רעוואָלוציע", האָט ער ניט פארגעסען אָן דעם ספּעציפי־שען כאראקטער פון דער קליינער בורזשואזיע (וועגען דעם האָט ער גערעדט פיעל און אָפט), נאָר ער האָט גענוי אויסגערעכענט די פאקטישע באציהונג צווישען די קלאסען אין מייסטע לענדער אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט אין 1871. און, פון דער צוויי־טער זייט, האָט ער קאָנסטאטירט דעם פאקט, אז דאָס „צוקלאפּען" פון דער שטאאטליכער מאשין איז אין די אינטערעסען פון ביידען — סיי די ארבייטער, סיי די פויערים, אז דאָס פאראייניגט זיי, און שטעלט פאר זיי איין אלגעמיינע אויפגאבע: צו באזייטיגען דעם „פאראזיט" און פארבייטען איהם מיט עטוואס נייעס.

מיט וואָס זאָל מען איהם פארבייטען?

2. מיט וואָס זאָל מען פאַרבייטען די צוקלאַפּטע מאַשינעריע פון שטאַאַט?

דער ענטפער, וואָס מאַרקס האָט געגעבען אויף דער פראַגע אין 1847, אין דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט, איז נאָך אינגאַנצען אַבסטראַקט, ריכטיגער, ער צייגט אָן אויף די אויפגאַבען, נאָר ניט אויף די מיטלען זיי צו פאַרווירקליכען. צו פאַרבייטען די צוקלאַפּטע שטאַאַטליכע מאַשין מיט דער „אָרגאַניזאַציע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס דעם הערשענדען קלאַס", מיט דער „ערָאָבערונג פון דעמאָקראַטיע" — דאָס איז דער ענטפער פון דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט.

אין וואָסערע קאָנקרעטע פאָרמען וועט זיך די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַריאַט אַלס דעם הערשענדען קלאַס אויסגיסען? אויף וואָסער אופן וועט זיך די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע צונויפפּאַסען מיט אַ פולערער און קאָנזעקווענטער „ערָאָבערונג פון דעמאָקראַטיע"? — אָן ענטפער אויף די פראַגען האָט מאַרקס, ניט אריינלאָזענדיג זיך אין קיין אוטאָפּיעס, ערוואַרטעט פון דער ע ר פ אַ ה ר ו נ ג פון דער מאַסען־באַוועגונג אליין.

די דאָזיגע ערפאַהרונג, ווי קליין זי איז ניט געווען, האָט מאַרקס גרינדליך אַנאַליזירט אין זיין „בירגער קריעג אין פראַנקרייך". מיר וועלען ברענגען פון דעם ווערק די וויכטיגסטע פּלעצער.

„די צענטראַליזירטע שטאַאַטליכע מאַכט, וואָס שטאַמט פון מיטעלאַלטער, מיט איהרע אומעטום'יגע אָרגאַנען: די שטענדיגע אַרמיי, פּאָליציי, ביוראָקראַטיע, קלעריסטערטום און ריכטער, האָט דורכגעמאַכט איהר ענטוויקלונג אין דעם 19טען יאָהרהונדערט. מיט דער ענטוויקלונג פון קלאַסען־פיינדשאַפט צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט, האָט די שטאַאַטליכע מאַכט אַלץ מעהר אָנגעפאַנגען אָנצונעהמען דעם כאַראַקטער פון אַ געזעלשאַפטליכער מאַכט צו אונטערדריקען ארבייט, אַ כאַראַקטער פון אַ מאַשין פאַר קלאַסען־הערשאַפט. נאָך יעדער רעוואָלוציע, וועלכע האָט באַדייטעט אַ געוויסען שריט פאָרווערטס אויף דעם וועג פון קלאַסען־קאַמף, טרעט דער אונטערדריקערישער כאַראַקטער פון דער שטאַאַטליכער מאַכט

ארוים אַלץ מעהר און מעהר אָפען. נאָך דער רעוואָלוציע פון 1848—9, פארוואנדעלט זיך די שטאאטליכע מאכט אין א נאַציאָנאַלען ווערקצייג פון קריעג פון קאפיטאל געגען ארבייט. די צווייטע אימפעריע האָט דאָס באפעסטיגט.

„די קאָמונע איז געווען א דירעקטער געגענזאַץ פון דער אימפעריע. זי איז געווען א באשטימטע פאָרמע פון אזא רעפובליק, וואָס האָט געזאָלט באזייטיגען ניט נאָר די מאָנאַר־כישע פאָרמע פון אזא רעפובליק, וואָס האָט געזאָלט באזיי־טיגען ניט נאָר די מאָנארכישע פאָרמע פון קלאַסען־הערשאפט, נאָר די קלאַסען־הערשאפט אַליין“.

אין וואָס איז באשטאנען די דאָזיגע באשטימטע פאָרמע פון א פראָלעטארישער, סאָציאַליסטישער רעפובליק? וואָס פאר א סאָרט שטאאט האָט זי אָנגעהויבען צו באשאפען?

„דער ערשטער דעקרעט פון דער קאָמונע איז געווען צו פארניכטען די שטענדיגע ארמיי און צו פארבייטען זי מיט דעם באוואפענטען פאָלק“.

די דאָזיגע פאָדערונג שטעהט איצט אין די פראָגראמען פון אַלע פארטייען, וואָס ווילען זיך רופען סאָציאַליסטישע. אָבער דער ווערט פון זייערע פראָגראמען קען מען זעהן אם בעסטען פון דער אויפפיהרונג פון אונזערע עס־ער׳ען און מענשעוויקעס, וואָס האָבען זיך אין דער ווירקליכקייט ענטזאגט. נאָך דער רעוואָלו־ציע פון 27טען פעברואר, דורכצופיהרען אין לעבען די דאָזיגע פאָדערונג.

„די קאָמונע איז באשטאנען פון שטאָדטישע פאָרשטעע־הער, וואָס זיינען ערוועהלט געוואָרען פון יעדער פאריזער בעצירק, אויף דעם גרונד פון אַלגעמיינער וואהלרעכט. די ערוועהלטע זיינען געווען פאראנטוואָרטליך צו זייערע וועה־לער, און האָבען געקענט פארביטען ווערען, צו יעדער צייט, מיט אַנדערע“.

„. . . די פאָליציי, וועלכע איז ביז דעמאָלט געווען אן אָרגאַן פון שטאאטליכער רעגירונג, האָט יעצט פארלאָרען אַלע איהרע פאָליטישע פונקציעס, און איז פארוואנדעלט געוואָרען

אין אַ פאַראַנטוואָרטליכען אָרגאַן פון דער קאָמונע וועלכע די קאָמונע האָט געקאָנט אַראָפּזעצען צו יעדער צייט.

„. . . דאָס זעלבע איז געווען דער פאַל מיט די בעאַמטע פון אַלע אַנדערע צווייגען פון פאַרוואַלטונג. די מיטגלידער פון דער קאָמונע, און אַלע אַנדערע געזעלשאַפטליכע בעאַמטע, האָבען געדאַרפט טאָן זייער אַרבייט פאַר דעמזעל־בען לוין, פאַר וועלכען אַלע אַנדערע סאָרטען אַרבייטער האָבען געאַרבייט. אַלע פּריווילעגיעס, און דאָס אַרויסגעבען געלד צו העכערע שטאַאַטליכע בעאַמטע אויף פאָרשטעהערשאַפט, זיינען פאַר־שוואונדען צוזאַמען מיט די דאָזיגע עמטער. אַזוי שנעל ווי די קאָמונע האָט באַזייטיגט די שטענדיגע אַרמיי און פּאָליציי, די ווערקצייג פון דער פיזישער מאַכט פון דער אַלטער רע־גירונג, האָט זי זיך גענומען צוברעכען די ווערקצייג פון גייס־טיגער אונטערדריקונג — די מאַכט פון די גלחים. די גע־ריכטליכע בעאַמטע האָבען אָנגעוואָרען זייער כלומר'שטע אונ־אָפּהענגיגקייט. אויף ווייטער האָבען זיי געדאַרפט אָפען גע־וועהלט ווערען, און זיין פאַראַנטוואָרטליך און אַראָפּזעצבאַר“.

עס קומט אַלזאָ אויס, אַז די קאָמונע האָט צוקלאַפּט די שטאַאַטליכע מאַשין צו פאַרבייטען זי „בלויז“ מיט אַ מעהר דע־מאָקראַטישער: זי האָט פאַרניכטעט די שטענדיגע אַרמיי, און האָט איינגעשטעלט, אַז אַלע בעאַמטע זאָלען מוזען געוועהלט ווע־רען, און זאָלען קענען צוריקגערופען ווערען. אין דער ווירקליכקייט באַדייטעט דער דאָזיגער „בלויז“ אַ גיגאַנטישע אומבייטונג פון די אַלטע איינריכטונגען מיט נייע פון אַ גאַנץ אַנדער פּרינציפּיעלען מין. דאָ באַמערקען מיר גראָד איינעם פון יענע פעלע, וואו „די קוואַנטיטעט פאַרוואַנדעלט זיך אין קוואַליטעט“; וואו די דעמאָקראַטיע, וואָס ווערט דורכגעפיהרט מיט דער מעגליכ־סטער פולקייט און קאָנזעקווענטקייט, פאַרוואַנדעלט זיך פון אַ בור־זשואַזער דעמאָקראַטיע אין אַ פּראָלעטאַרישער, פון אַ שטאַאַט (אַ באַזונדער קראַפט צו אונטערדריקען אַ געגעבענעם קלאַס) אין עט־וואָס אַזעלכעס, וואָס איז אייגענטליך מעהר קיין שטאַאַט ניט.

עס איז נאָך אָבער אַלץ נויטיג צו אונטערדריקען די בורזשואַזיע און איהר ווידערשטאנד. פאר דער קאָמונע איז דאָס געווען באַזונדערס נויטיג, און איינע פון די אורזאַכען, וואָס האָבען געבראכט צו איהר דורכפאַל, איז באשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט דאָס ניט געטאָן מיט גענוג ענטשלאָסענהייט. אָבער דאָ איז דער אָרגאַן פון אונטערדריקונג ניט קיין מינאָריטעט, ווי דאָס פלעגט שטענדיג זיין אין די געזעלשאַפטען פון קנעכטשאַפט, לייב־אייגענטום און לוין־שקלאַפעריי, נאָר די מערהייט פון דער באַפעלקערונג. און ווען די מערהייט פון פאָלק נעמט זיך *אליין* צו דערשטיקען איהרע אונטערדריקער, איז די „ספּעציעלע קראפט" צו אונטערדריקען *מעהר ניט נויטיג*. אין דעם זין *הויבט דער שטאאט אָן אָפּצושטארבען*. אנשטאט ספּעציעלע איינריכטונגען פון א פּריווילעגירטער מינדערהייט (די ביוראָקראַטיע און די קאָמאַנדירען פון דער שטענדיגער אַרמיי), פיהרט די מערהייט אַליין דורך אויף א דירעקטען אופן אַלע פונקציעס פון דער שטאאטליכער מאכט, און וואָס גרעסער עס זיינען די מאסען, וואָס באטייליגען זיך אין דעם, אַלץ ווייניגער איז די נויטווענדיגקייט פאר א ספּעציעלער מאכט.

באזונדער מערקווירדיג אין דעם פּרט איז דער דעקרעט פון דער קאָמונע, וועלכען אויך מארקס האָט אונטערגעשטראָכען: דאָס אָפּשאפען פון ארויסגעבען ספּעציעלע געלדער אויף אָפיציעלער פארטרעטערשאפט, פון אַלערליי געלד־פּריווילעגיעס פאר בעאמטע, און דאָס רעדוצירען די באלוינונג פון *אַלע* שטאאט־בעאמטע צו דער שטופע פון אַן *ארבייטער'ס לוין*. אין דעם ערשיינט באזונדערס בולט דער *איבערברוך* פון בורזשואזער דעמאָקראטיע צו פּראָלעטארישער, פון אונטערדריקערישער דעמאָקראטיע צו א דעמאָקראטיע פון די אונטערדריקטע קלאסען, פון הערשאפט, אַלס א „ספּעציעלע קראפט" צו אונטערדריקען א באשטימטען קלאס, — צו דערשטיקען די אונטערדריקער מיט דער *אַלגעמיינער מאכט* פון דער מערהייט פון פאָלק, פון די ארבייטער און פויערים. און גראד אין דעם דאָזיגען באזונדער קלאָרען און פיליכט וויכטיגסטען פּונקט — די פראגע פון שטאאט — זיינען די לעהרען פון

מאַרקס'ן מייסטענס פאַרגעסען, אין די פּאָפּולערע קאָמענטאַרען רעדט מען וועגען זיי ניט. עס איז „אָנגענומען“ זיי צו פאַרשוויי־גען, ווי מען פאַרשווייגט אַ „נאַאיוויטעט“ וואָס האָט אָפּגעלעבט איהר צייט. פּונקט ווי די קריסטען האָבען פאַרגעסען די אומ־שולדיגע „נאַאיוויטעט“ פון דעם ערשטען קריסטענטום מיט זיין ז'עמאָקראַטיש־רעוואָלוציאָנערען גייסט, ווען זייער רעליגיע איז געוואָרען אַ שטאַאַטליכע אינסטיטוציע.

דאָס פאַרקלענערען די באַלוינונג פון די העכסטע שטאַאַטליכע באַאַמטע קוקט „איינפאַך“ אויס אַלס אַ פאָדערונג פון נאַאיוור פּרימיטיווען דעמאָקראַטיזם. איינער פון די גרינדער פון דעם מאָדערנעם אָפּאָרטוניזם, דער געוועזענער סאָציאַל־דעמאָקראַט עד. בערנשטיין, פלעגט ניט איינמאָל ווידערהאָלען די ביליגע בורזשואַ־זיע וויצען וועגען דעם „פּרימיטיווען“ דעמאָקראַטיזם. ווי אַלע אָפּאָרטוניסטען, און ווי די איצטיגע קאַוטסקיאַנער, האָט ער אין גאַנצען נט פאַרשטאַנען, אַז, ערשטענס, איז דער איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם אוממעגליך, אויב מען מאַכט ניט אַ געוויסען שריט „צוריק“, צום „פּרימיטיווען“ דעמאָקראַטיזם (ווארום ווי אַנדערש קען מען איבערגעהן צום דורכפיהרען די שטאַאַטליכע פונקציעס דורך דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג, דורך דער גאַנצער באַפעלקערונג?); און, צווייטענס, אַז „פּרימי־טיווער דעמאָקראַטיזם“ אויף דעם פונדאַמענט פון קאַפּיטאַליזם און קאַפּיטאַליסטישער קולטור איז ניט דאָסזעלבע, וואָס פּרימיטי־ווער דעמאָקראַטיזם אין די אורשפּרינגליכע, ביז קאַפּיטאַליסטישע צייטען. די קאַפּיטאַליסטישע קולטור האָט באַשאַפען די גרויס פּראָדוקציאָן, פאַבריקען, אייזענבאַהנען, פּאָסט, טעלעגראַף, א. ד. ג. און אויף דעם דאָזיגען פונדאַמענט זיינען מייסטע פונקציעס פון דער אַלטער „שטאַאַטליכער מאַכט“ אַזוי פאַראייגפאַכט געוואָרען, אַז זיי קענען רעדוצירט ווערען צו אַזעלכע פּראָסטע אָפּעראַציעס, ווי רעגיסטרירען, פאַרשרייבען, קאָנטראָלי־רען, וועלכע וועלען געטאָן ווערען פון יעדען, וואָס קען שרייבען און לעזען, פאַר דעם געוועהנליכען „לוין פון אַן אַרבייטער“, און אַז מען קען (און מען דאַרף) אַוועקנעמען פון די דאָזיגע פונקציעס יעדען שאָטען פון פּריווילעגיע און „קאָמאַנדע“.

דאָס וואָס אַלע באַאַמטע, אָהן אויסנאַם, מוזען געוועהלט ווערען, און קענען צו יעדער צייט אָראָפּגעזעצט ווערען; דאָס וואָס זייער באַלוינונג דאַרף שטעהן אויף דער געוועהנליכער שטופע פון אַן „אַרבייטערס לוין“; די דאָזיגע איינפאַכע און זעלבסט־פאַרשטענדליכע דעמאָקראַטישע געזעצמיטלען, פאָלשטענדיג פאַראייניגענדיג די אינטערעסען פון די אַרבייטער און מאַיאָריטעט פויערים, דיענען צו דער זעלבער צייט פאַר דעם בריקעל, וואָס פיהרט פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם. די דאָזיגע געזעצמיטלען האָבען אַ שייכות צו דער שטאַאַטליכער, ריין־פּאָליטישער איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט, זיי קריגען אָבער זייער גאַנצען זין און באַדייטונג פון דעם, וואָס זיי פאַרווירקליכען אָדער פאָרבאַרייטען די „עקספּראָפּריאַציע פון די עקספּראָפּריאַטאָרען“, דאָס הייסט, דעם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליסטישען פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען צו געזעלשאַפטליכען אייגענטום.

„די קאָמונע, — האָט מאַרקס געשריבען — האָט פאַרווירקליכט אַ לאָזונג פון אַלע בורזשואַזע רעוואָלוציעס, ד. ה. ביליגע רעגירונג, מיט דעם, וואָס זי האָט אָפּגעשאַפט די צוויי גרעסטע אויסגאַבען, אויף דער אַרמיי און דער ביוראָקראַטיע“.

פון דעם פויערטום, ווי אויך פון אַנדערע קליינבורזשואַזע שיכטען, הויבט זיך בלויז אַ קליינע מינאָריטעט אויף אין דער הויך און „ווערען מענשען“ אין דעם בורזשואַזען זין פון וואָרט, ד. ה., ענטוועדער רייכע בורזשוא, אָדער פאַרזיכערטע און פּריווילעגירטע ביוראָקראַטען. די גרעסטע מערהייט פון פויערטום אין יעדער קאַפּיטאַליסטישער לאַנד, וואו אַזעלכע איז פאַראַן (און פאַראַן זיינען זיי אין מייסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער), ווערט אונטערדריקט פון דער רעגירונג און גאַרט זי אַרונטערצוזעצען און קריגען אַ „ביליגע“ רעגירונג. דאָס דורכפיהרען קען נאָר דער פּראָלעטאַריאַט, און פאַרווירקליכענדיג עס מאַכט ער צוזאַמען מיט דעם אַ שריט צו דער סאָציאַליסטישער איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט.

### 3. די פארניכטונג פון פּאַרלאַמענטאַריזם.

„די קאָמונע — האָט מארקס געשריבען — האָט געזאָלט זיין ניט קיין פּאַרלאַמענטאַריע, נאָר אַן אַר־בייטענדע קאָרפּאָראַציע, אַ געזעצגעבענדע און אויספיהרענדע איינריכטונג, אין איינער און דערזעלבער צייט . . ."

„. . . אַנשטאַט דעם צו באַשטימען איינמאָל אין דריי אָדער זעקס יאָהר, ווער פון דעם הערשענדען קלאַס עס זאָל פּאַרטרעטען און אונטערדריקען דאָס פאָלק אין פּאַרלאַמענט, האָט דאָס אַלגעמיינע וואהל־רעכט געזאָלט דיענען דעם פאָלק אַליין, וואָס וועט זיין אָרגאַניזירט אין קאָמונעס, און אויף אַזאַ אופן אויסגעפינען פאַר זיינע אונטערנעהמונגען די אַר־בייטער, אויפזעהער, בוכהאַלטערס, פּונקט אַזוי ווי יעדער אַנדער ארבייטס-געבער באַנוצט זיך מיט זיין פּערזענליכען וואהל־רעכט אויסצוקלייבען די מענשען פאַר זיין פּריוואַטער אונטערנעהמונג".

די דאָזיגע מערקווירדיגע קריטיק פון פּאַרלאַמענטאַריזם, וואָס איז געגעבען געוואָרען אין 1871, באַלאַנגט אויך איצט, אַ דאַנק צו דער הערשאַפט פון סאָציאַל־שאָוויניזם און אָפּאָרטוניזם, צו די „פאַרגעסענע ווערטער" פון מאַרקסיזם. די מיניסטאָרען און פּאַרלאַמענטאַריער לויט דער פּראָפעסיע, די פאַררעטער פון פּראָ־לעטאַריאַט און די היינטיגע „געשעפטסמעסיגע" סאָציאַליסטען האָ־בען איבערגעלאָזט די גאַנצע קריטיק פון פּאַרלאַמענטאַריזם פאַר די אַנאַרכיסטען, און אויף דעם וואונדערבאַר־פאַרנינפטיגען גרונד, ערקלערען זיי י ע ד ע ר קריטיק פון פּאַרלאַמענטאַריזם פאַר „אַנאַרכיזם". עס איז זיך דארום ניט צו וואונדערען, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט פון די „פאָרטגעשריטענע" פּאַרלאַמענטאַרישע לענ־דער, פיהלענדיג אַן עקעל צו אַזוינע „סאָציאַליסטען", ווי שיידע־מאַן, דאַוויד, לעגיען, סאַמבאַ, רענאַדעל, הענדערסאָן, וואַנדערוועל־דע, סטאונינג, בראַנטינג, ביסאָלאַטי און קאָ., פלעגט זעהר אָפט אָפּגעבען זיינע סימפּאַטיען דעם אַנאַרכאָ־סינדיקאַליזם, וואָס איז אַ לייבליכער ברודער פון אָפּאָרטוניזם.

פאַר מאַרקס'ן איז די רעוואָלוציאָנערע דיאַלעקטיק קיינמאָל

ניט געווען קיין פוסטע, קלינגענדע פראזע, ווי זי איז פאר פּלע־כאַנאָוו׳ן, קאוטסקי׳ן, א. א. וו. מארקס האָט געקענט אָפּרייסען אָהן רחמנות מיט דעם אַנארכיזם, פאר זיין אונפעהיגקייט אויס־צונוצען דעם „שטאַל" פון בורזשואזען פארלאמענטאריזם, באזונ־דערס ווען עס האָט זיך ניט געמערקט קיין רעוואָלוציאָנערע סיטוא־ציע, — און, צו דערזעלבער צייט, האָט ער געקענט געבען א ווירק־ליכע רעוואָלוציאָנער־פּראָלעטארישע קריטיק פון פארלאמענטאריזם.

צו באַשטימען, איינמאָל אין עטליכע יאָהר, ווער פון דעם הערשענדען קלאַס עס זאָל דריקן און שטיקען דאָס פאָלק אין פּאר־לאַמענט — דאָס איז דער עצם פון בורזשואזען פארלאמענטאריזם, ניט נאָר אין פארלאמענטאריש־קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנארכיעס, נאָר אויך אין די סאַמע דעמאָקראַטישסטע רעפּובליקען.

נאָר אויב מען שטעלט אוועק די פראגע פון שטאַאט; אויב מען באטראכט דעם פארלאמענטאריזם, פאר איינער פון דעם שטאַאט׳ס איינריכטונגען, פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלע־טאריאט׳ס אויפגאַבען אויף דעם דאָזיגען געביעט, טאָ וואו איז דער אויסגאַנג פון פארלאמענטאריזם? ווי אזוי קען מען זיך באגעהן אָהן דעם?

עס קומט אויס ווידער און ווידער אמאָל צו זאָגען: דער מוסר השכל, וואָס מארקס האָט זיך אָראָפּגענומען פון דער קאָמונע, איז אזוי גרינדליך פארגעסען געוואָרען, אז דער היינטיגער „סאָ־ציאַל־דעמאָקראַט" (לעז: דער היינטיגער פאררעטער פון סאָ־ציאַליזם) קען ניט פארשטעהן קיין אנדער קריטיק פון פארלא־מענטאריזם, ווי די אַנארכיסטישע אָדער רעאַקציאָנערע.

דער אויסגאַנג פון פארלאמענטאריזם איז, פארשטעהט זיך, ניט אין דער פארניכטונג פון געוועהלטע און רעפּרעזענטאַטיווע איינריכטונגען נור אין זייער פארוואנדלונג פון רעד־מאַשינען און „ארבייטענדע" אינסטיטוציעס. „די קאָמונע האָט געדארפט זיין ניט קיין פארלאמענטארישע איינריכטונג, נאָר אַן ארבייטענדע, — א געזעצגעבענדע און אויספיהרענדע קערפּערשאַפט, אין איינער און דער זעלבער צייט".

„ניט קיין פארלאמענטארישע, נאָר אַן ארבייטענדע" איינ־ריכטונג, — דאָס דערלאַנגט גלייך אין אויג אַריין די היינטיגע

פאַרלאַמענטאַריער און פאַרלאַמענטאַרישע „הויז־הינטלאַך“ פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. נעמט איהגענד וועלכעס פאַרלאַמענטאַ־ריש לאַנד, פון אַמעריקאַ ביז דער שווייץ, פון ענגלאַנד ביז פראַנקרייך, נאָרוועגיען, א. ד. ג., און איהר וועט זעהן, אַז די ווירקליכע „שטאַאטליכע“ ארבייט ווערט אָפּגעטאָן אונטער די קוליסען, און ווערט אויסגעפיהרט פון די דעפּאַרטאַמענטען, קאַנ־צעלאַריעס און שטאַבען. אין די פאַרלאַמענטען טוט מען בלויז איין ארבייט: מען פּלאַפּעלט מיט דעם איינציגען צוועק אָפּצו־נאַרען דאָס „פּראָסטע פאָלק“. דאָס איז אַזוי ריכטיג, אַז אפילו אין דער רוסישער רעפּובליק, די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעפּוב־ליק, איידער זי האָט באַוויזען צו באַשאַפען אַ ריכטיגען פאַרלאַ־מענט, האָבען זיך גלייך ארויסגעצייגט אָט אַלע די איינגענשאַפטען פון פאַרלאַמענטאַריזם. אַזעלכע העלדען פון דעם פאַרפוילטען קליינבירגערטום, ווי סקאָבעלעוו, צערעטעלי, טשערנאָוו און אווקסענטיעוו האָבען באַוויזען צו פאַראומרייניגען אפילו די סאָוועט־טען אויף דעם מוסטער פון דעם שמוציגסטען, בורזשואַזען פאַרלאַ־מענטאַריזם, פאַרוואַנדלענדיג זיי אין פוסטע רעד־מאַשינען. אין די סאָוועטען ווערט דאָס פאָלק גענאַרט פון די „סאָציאַליסטישע“ מיניסטאָרען מיט פראַזען און רעזאָלוציעס, און אין דער רעגירונג געהט אָן אַ שטענדיגער קאַדריל בכדי פון איין זייט, אַוועקצוזעצען ארום דער „שיסעל“ פון גוט־באַצאָהלטע און בכבוד׳יגע עמטער אַלץ אַ גרעסערע צאָהל פון „עס־ער׳ן און מענשעוויקעס“, און פון דער צווייטער זייט, בכדי איינצושלעפערען די אויפמערקזאַמקייט פון פאָלק. און די אמת׳ע „שטאַאטליכע ארבייט“ ווערט אָפּגעטאָן אין די קאַנצעלאַריעס און שטאַבען.

די „דיעלאָ נאַראָדאַ“ — דער אָרגאַן פון דער רעגירענדער פּאַרטיי „סאָצ.־רעוואָלוציאָנערען“ — האָט זיך ניט לאַנג צוריק מודה געווען, אין אַ לייט־אַרטיקעל, מיט אַ אומגעהערטער אָפנ־הערציגקייט פון מענשען פון דער „גוטער געזעלשאַפט“ אין וועלכער „אַלע“ פאַרנעמען זיך מיט פּאָליטישער פּראָסטיטוציע, אַז אפילו אין יענע מיניסטעריומס, וואָס באַלאַנגען צו „סאָציאַליסטען“ (ענט־שולדיגט פאַר׳ן אויסדרוק!), בלייבט אויך דער גאַנצער רעגירענדער אַפּאַראַט אין די הענט פון די אַלטע באַאמטע, אַז ער פונקציאָנירט

אויפ'ן אַלטען שטייגער, און שטערט די רעוואָלוציאָנערע פארזוכען גאַנץ „פריי". און אַפילו אָהן זייער אַנערקענונג, וואָלט דאָס זעלבע דען ניט באוויזען געוואָרען מיט דעם פאקט אַליין, וואָס די מענשעוויקעס און עס־ער'ן באַטייליגען זיך אין דער רעגירונג? כאַראַקטעריסטיש אין דעם אַלעמען איז בלויז דאָס, וואָס געפינענדיג זיך אין דער מיניסטאַרישער געזעלשאַפט פון די קאַדעטען, האָבען די הערערן טעשרנאָוו, רוסאַנאָוו, זענזינאָוו און די איבריגע רעדאַקטערע פון דער „דיעלאָ נאַראָדאַ" אַזוי פאַרלאָרען יעדע בושה, אַז זיי שעהמען זיך ניט און ווערען ניט רויט ווען זיי דערצעהלען וועגען דער קליינינגקייט, אַז „ביי זיי" אין די מיניסטעריומס איז אַליץ ווי געוועז. רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע פראַזען צו פאַר־טומלען די מוחות פון די דאָרפישע איוואַנושקעס, און ביוראָקראַ־טיש־קאַנצעלאַרישע פארשלאָפעגישען צו „פארגיטיגען" די קאַפּי־טאַליסטען — דאָס איז דער ע צ ם פון דער עהרליכער קאָאַליציע.

דעם פארקויפטען און דורכגעפוילטען פאַרלאַמענטאַריזם פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט האָט די קאָמונע געגומען פארבייטען מיט אַזעלכע איינריכטונגען, וואו די פרייהייט פון רעדען און באַ־טראַכטען איז ניט קיין שווינדעל, ווארום די נייע פאַרלאַמענטאַריער דאַרפען אַליין ארבייטען, אַליין דורכפיהרען זייערע געזעצען, אַליין זעהן, וואָס עס קומט אַרויס פון די געזעצען נאָך זייער פאַרווירק־ליכונג, און אַליין אָפּגעבען דין וחשבון פאַר זייערע וועהלער. די רעפּרעזענטאַטיווע איינריכטונגען פאַרבלייבען, אָבער דער פאַרלאַ־מענטאַריזם אַלס אַ באַזונדער סיסטעם, אַלס אַ פאַנאַנדערטיילונג צווישען געזעצגעבענדער און אויספיהרענדער טעטיגקייט, מיט דער־פּוטאַטען אַלס פּריווילעגירטען שטאַנד, דאָס איז דאָ נ י ט פ א ר א ן. אָהן רעפּרעזענטאַטיווע איינריכטונגען קאָנען מיר זיך נים פאַרשטעלען קיין דעמאָקראַטיע, אַפילו אַ פּראָלעטאַרישע, אָבער אָהן פּאַרלאַמענטאַריזם קענען מיר און ד א ר פ ע ן אויסקומען, אויב די קריטיק פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט איז פאַר אונז ניט קיין פּוסטע ווערטער, אויב אונזער שטרעבען צו שטירצען די הערשאַפט פון דער בורזשאַזיע איז ערנסט און אויפריכטיג, און ניט קיין „וואהל־קאַמפּיין" פראַזע צו כאַפּען ארבייטער־שטימען,

ווי ביי די מענשעוויקעס און עס־ער'ן, און ביי שיידעמאַן, לעגין, סעמבאַ און וואַנדערוועלדע.

עס איז העכסט באַלעהרענד, אַז רעדענדיג וועגען דעם סאָרט באַאמטע, וואָס די קאָמונע און די פּראָלעטארישע דעמאָקראַטיע דאַרף האָבען, האָט זיי מאַרקס פאַרגליכען מיט די אַנגעשטעלטע פון „יעדען אַנדער אַרבייטסגעבער", ד. ה., מיט די „אַרבייטער, אויפזעהער און בוכהאַלטערס" פון אַ געוועהנליכער קאַפּיטאַליסטישער אונטערנעמונג.

מאַרקס פאַרמאָגט ניט קיין טראָפּען אוטאָפּיזם, אין דעם זין פון וועלען פאַרפאַסען, אָדער אויספאַנטאַזירען אַ „נייע" געזעלשאַפט. ניין, ער שטודירט דעם געבורט פון דער נייער געזעלשאַפט, וואָס קומט אַרויס פון דער אַלטער, די איבערגאַנגספאָרמען פון דער ערשטער צו דער צווייטער, אַלס אַ נאַטור־היסטאָרישען פּראָצעס. ער נעמט די פּאַקטישע ערפאַהרונג פון דער מאַסען־באַוועגונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט, און באַמיהט זיך אַרויסצוציהען פון איהר אַ פּראַקטישען מוסר השכל. ער „לערנט" זיך ביי דער קאָמונע, ווי עס האָבען זיך ניט מורא צו לערנען פון מאַסען־באַוועגונגען צווישען אונטערדריקטע קלאַסען אַלע גרויסע רעוואָלוציאָנערע דענקער, וואָס האָבען זיך קיינמאָל ניט געווענדעט צו די באַוועגונגען מיט פּעדאַנטישען „מוסר־זאָגען" (ווי פּלעכאַנאָוו'ס: „מען האָט זיך ניט גענדאַרפט נעמען פאַר'ן געוועהר", אָדער צערעטעלי'ס: „אַ קלאַס דאַרף זיך אַליין באַגרעניצען").

וועגען פאַרניכטען די ביוראָקראַטיע מיט אַמאָל, אומעטום, און ביז'ן סוף קען ניט זיין קיין רייד, דאָס איז אַ אוטאָפּיע. אָבער צוקלאַפּען מיט אַמאָל די אַלטע ביוראָקראַטישע מאַשין און גלייך אָנפאַנגען בויען אַ נייע, וואָס זאָל מעגליך מאַכען אָפּצושאַפען די ביוראָקראַטיע שטופענווייז, דאָס איז ניט קיין אוטאָפּיע, דאָס איז די ערפאַהרונג פון דער קאָמונע, דאָס איז די דירעקטע און צייטיגע אויפגאַבע פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט.

דער קאַפּיטאַליזם פאַראיינפאַכט די פונקציעס פון „שטאַאַטליכען" רעגירען, ער ערלויבט זיך צו באַגעהן אָהן „קאָמאַנדעווען", און רעדוצירט די גאַנצע זאַך צו אַן אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַריער (אַלס הערשענדען קלאַס), וואָס שטעלט אָן אין נאָמען פון

דער געזעלשאפט „ארבייטער, אויפזעהער און בוכהאַלטערס“.

מיר זיינען ניט קיין אוטאָפּיסטען. מיר „טרוימען“ ניט וועגען דעם, ווי אזוי מ י ט א מ א ל זיך צו באגעהן אָהן איר־גענד וועלכער רעגירונג, אָהן אירגענד וועלכער דיסציפּלין; דאָס זיינען אנארכיסטישע טרוימען, וואָס נעמען זיך פון ניט פארשטעהן די אויפגאבען פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור, וואָס זיינען אין גרונד גענומען פרעמד דעם מארקסיזם, און וואָס ציהען אין דער ווירקליכקייט אָפּ די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע ביז יענער צייט. ווען מענשען וועלען ווערען אנדערש. ניין, מיר ווילען א סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע מיט אזעלכע מענשען ווי היינט, וואָס וועלען זיך אָהן דיסציפּלין, אָהן קאָנטראָל און אָהן „אויפזעהער און בוכהאַלטערס“ ניט באגעהן.

אָבער אונטערוואַרפען זיך דארף מען דעם באוואפענטען אוואנגארד פון אַלע וואָס ארבייטער און ווערען עקספּלואטירט — דעם פּראָלעטאריאַט. דאָס ספּעציפישע „קאָמאנדעווען“ פון די שטאאטליכע בעאמטע דארף און קען גלייך פארביטען ווערען מיט איינפאכע פונקציעס פון „אויפזעהער און בוכהאַלטער“, פונקציעס, וואָס זיינען שוין איצט צוגענגליך פאר דער ענטוויקלונגס־שטופע פון דעם שטאָדטישען מענשען, און קענען אויסגעפיהרט ווערען פאר דעם „לוין פון אַן ארבייטער“.

לאָמיר אָרגאניזירען די גרויס־פאבריקאציאָן ארויסגעהענדיג פון דעם, וואָס די קאפּיטאַליסטען האָבען שוין באשאפען; מיר א ל י י ן, ארבייטער, שטיצענדיג זיך אויף אונזער ארבייטער ערפאהרונג, און באשאפענדיג א שטרענגע אייזערנע דיסציפּלין, וואָס זאָל זיך שטיצען אויף דער שטאאטליכער מאכט פון די באוואפענטע ארבייטער, לאָמיר פארוואנדלען די שטאאטליכע באאמטע אין איינפאכע אויספיהרער פון אונזערע באפעהלען, פאראנטוואָרט־ליכע צו אונז, אראָפּזעצבארע, באשיידען־באצאָהלטע „אויפזעהער און בוכהאַלטער“ (פארשטעהט זיך, מיט טעכניקער פון אַלע סאָר־טען, מינים און גראַדען) — דאָס איז א ו נ ז ע ר פּראָלעטא־רישע אויפגאבע, אָט פון וואָס מען דארף, און מען מוז אָנ פ א נ־ג ע ן צו פארווירקליכען די פּראָלעטארישע רעוואָלוציע. אזא אנפאנג, אויף דעם פונדאמענט פון דער גרויס־פּראָדוקציאָן, פיהרט

פון זיך זעלבסט צו א שטופענווייזער „אפשטאַרבונג“ פון יעדער סאָרט ביוראָקראַטיע, צו אַ שטופענווייזער אויפבויאונג פון אזא אָרדנונג, — אָרדנונג אָהן גענזענפיסלאך, אַן אָרדנונג, וואָס איז ניט עהנליך צו לוין־שקלאַפעריי — פון אזא אָרדנונג, וואו די פונקציעס פון אויפזעהערשאַפט און קאָנטראָל, וואָס ווערען אלץ מעהר פאַראיינפאַכט, וועלען אויסגעפיהרט ווערען פון אַלעמען נאָך דער רייהע, וועלען נאכהער פאַרוואַנדעלט ווערען אין א געוואוינהייט, און וועלען צום סוף אינגאַנצען אָפּפאַלען אַלס ס פ ע צ י ע ל ע פונקציעס פון א באַזונדער קלאַס מענשען.

א שאַרפזיניגער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַט פון די 70ער יאָהרען פון דעם פאַרגאַנגענעם יאהרהונדערט האָט אָנגערופען די פ אָ ס ט א מוסטער פון סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט. דאָס איז גאַנץ ריכטיג. איצט איז די פאָסט א געביעט פון ווירטשאַפט, וואָס איז אָרגאַניזירט אויף דעם שניט פון שטאַאַט־ק א פ י ט אַ ל י ס ט י ש ע ר מאָנאָפּאָל. דער אימפּעריאַליזם פאַרוואַנדעלט אַלע טראָסטען אין אָרגאַניזאַציעס פון דעם סאָרט. איבער די „איינפאַכע“ ארבייטער, וואָס זיינען פאַרוואָרפען מיט ארבייט און הונגערן, שטעהט דאָ דיזעלבע בורזשואַזע ביוראָקראַטיע. אָבער דער מעכאַניזם פון געזעלשאַפטליכער ווירטשאַפט איז דאָ שוין פאַרטיג. וואַרפט אַרונטער די קאַפּיטאַליסטען, צוקלאַפּט מיט דער אייזערנער האַנט פון די באַוואָפענטע ארבייטער דעם ווידערשטאַנד פון די דאָזיגע עקספּלואַטאַטאָרען — און פאַר אונז שטעהט א באַפרייטער פון דעם „פאַראַזיט“ און טעכניש הויך־ענטוויקעלטער מעכאַניזם וואָס די פאַראייניגטע ארבייטער אַליין קענען לייכט לאָזען געהן, אָנשטעלענדיג טעכניקער, אויפזעהער און בוכהאַלטערס, און באַלוינענדיג זייער ארבייט. ווי די ארבייט פון א ל ע שטאַאַטליכע בעאַמטע, מיט דעם לוין פון אַן ארבייטער. אָט איז א קאָנקרעטע, פּראַקטישע אויפגאַבע, וואָס איז איצט דורכפיהרבאַר בנוגע צו אַלע טראָסטען און וואָס וואָלט באַפרייט די ארבייטער פון עקספּלואַטאַציע, אַן אויפגאַבע, וואָס נעמט און באַשטימט די פּראַקטיש־אָנגעפאַנגענע ערפאַהרונג פון דער קאָמונע (באַזונדערס אויפ'ן געביעט פון שטאַאַטליכער בויאונג).

די ג אַ נ צ ע פאָלקס־ווירטשאַפט זאָל אָרגאַניזירט ווערען

ווי די פּאָסט דערמיט, וואָס די טעכניקער, ווי אַלע שטאַאַט־באַאַמטע זאָלען קריגען באַצאָהלט ניט מעהר, ווי אַן ארבייטער־לוין, און זאָלען טאָן זייער ארבייט אונטער דעם קאָנטראָל און לייטונג פון דער באַוואפּענטער מאַכט פון דעם ארבייטער־קלאַס, — דאָס איז אונזער נעהנטסטער ציעל. אָט אזא סאָרט שטאַאַט, און אויף אזא סאָרט עקאָנאָמישען פונדאַמענט, דאַרפען מיר האָבען. אָט דאָס וועט אונז געבען די פארניכטונג פון פּאַרלאַמענטאַריזם מיט דער אויפהאַלטונג פון רעפּרעזענטאַטיווע איינריכטונגען, און דאָס וועט באַפרייען די ארבייטער־מאַסען פון דער בורזשואַזיע, וואָס פּראָסטיטואירט די דאָזיגע איינריכטונגען.

### 4. די אָרגאַניזאַציע פון נאַציאָנאַלער איינהייט.

. . . „אין דעם קורצען איבערבליק פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, וועלכע די קאָמונע האָט קיין צייט ניט געהאַט ווייטער צו באַארבייטען, ווערט גאַנץ אויסדריקליך געזאָגט, אַז די קאָמונע האָט געדאַרפט . . . „ווערען די פּאָליטישע פאָרם אפילו פון דעם קלענסטען דאָרף“ . . . די קאָמונען וואָלטען אויך אויסגעוועהלט די „נאַציאָנאַלע דעלעגאַציע“ אין פּאַריז.

„די ווייניגע, אָבער זעהר וויכטיגע פונקציעס, וועלכע וואָלטען נאָך דאַן געבליבען פאַר דער צענטראַלער רעגירונג, האָבען ניט געזאָלט אָפּגעשאַפט ווערען, — אזא באַהויפּטונג איז געווען אַ באַוואוסטזיניגע פעלשונג, — נאָר האָבען געזאָלט איבערגעגעבען ווערען צו די קאָמונאַלע, דאָס הייסט, שטרענג פאַראַנטוואָרטליכע בעאַמטע“...

. . . „די נאַציאָנאַלע איינהייט האָט ניט געזאָלט פאַרניכטעט ווערען, נאָר, פאַרקעהרט, אָרגאַניזירט ווערען דורך דער קאָמונאַלער אָרדנונג. נאַציאָנאַלע איינהייט האָט געזאָלט ווערען אַ ווירקליכקייט דורך פאַרניכטונג פון דער שטאַאַט־מאַכט, וועלכע האָט זיך ארויסגעשטעלט פאַר דער פאַרקערפּערונג פון דער דאָזיגער איינהייט און וועלכע האָט צו דער זעלבער צייט געוואָלט זיין אונאָפּהענגיג פון דער נאַציע. אין דער ווירקליכקייט איז די דאָזיגע שטאַאַטס־מאַכט געווען בלויז אַ פּאַראַזיטישער אויסוואוקס אויף דעם

נאַציאָנאַלען קערפּער". . . . „די אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מען זאָל אָפּהאַקען די ריין־אונטערדריקענדע אָרגאַנען פון דער אַלטער רעגירונגס־מאַכט און אָוועקנעהמען די רעכט־מעסיגע פונקציעס פון דער מאַכט, וואָס פּרעטענ־דירט צו שטעהן העכער פון דער געזעלשאַפט, און זיי איבער־געבען צו פאַראַנטוואָרטליכע דיענער פון דער געזעלשאַפט."

אויף וויפיעל די אָפּאָרטוניסטען פון דער מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבען ניט פאַרשטאַנען — ס'וועט פיליכט זיין ריכטיגער צו זאָגען: האָבען ניט געוואָלט פאַרשטעהן — אָט די מיינונגען פון מאַרקס'ען, זעהט מען אם בעסטען פון דעם צווייפעל־האַפט־באַריהמטען בוך פון דעם רענעגאַט בערנשטיין: „די פּרע־מיזען פון דעם סאָציאַליזם און די אויפגאַבען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע". גראַדע וועגען מאַרקס'עס אויבען־ציטירטע ווער־טער האָט בערנשטיין געשריבען, אַז די דאָזיגע פּראָגראַם, „לויט איהר פּאָליטישען אינהאַלט, צייגט ארויס אין אַלע איהרע וועזענט־ליכע שטריכען די גרעסטע עהנליכקייט צו פּרודאָן'ס פעדעראַליזם... טראָץ אַלע אַנדערע קאָנטראַסטען צווישען מאַרקס'ען און דעם „קליין־בורזשואַזען" פּרודאָן (בערנשטיין שליסט איין די ווערטער „קליין־בורזשואַזען" אין גענזען־פיסלעך, וועלכע דאַרפען, לויט זיין מיינונג, זיין איראָניש) איז אין די דאָזיגע פונקטען דער געדאַנ־קען־לויף ביי זיי אַזוי נאָהענט, ווי נאָר מעגליך". נאַטירליך, זאָגט בערנשטיין ווייטער, די באַדייטונג פון די מוניציפּאַליטעטען וואַקסט, אָבער „איך צווייפעל, אויב די ערשטע אויפגאַבע פון דער דעמאָקראַטיע דאַרף זיין אַזאַ אָפּשאַפונג פון דעם מאָדערנעם שטאַאַט און אַזאַ פאָלשטענדיגע פאַרענדערונג אין זיין געבוי, ווי מאַרקס און פּרודאָן שטעלען זיך פאָר, ד. ה., די גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וואָס זאָל באַשטעהן פון דעלעגאַטען פון די פּראָווינציעלע אָדער טעריטאָריעלע פאַרזאַמלונגען, וועלכע, פון זייער זייט, זאָלען צוזאַמענגעשטעלט ווערען פון דעלעגאַטען פון די קאָמונען, — אַזוי אַז די גאַנצע פריהערדיגע פאָרם פון נאַציאָ־נאַלער פאַרטרעטערשאַפט זאָל פאָלשטענדיג פאַרשווינדען".

דאָס איז פּשוט ווילד. צונויפמישען מאַרקס'עס בליקען אויף

דער „פארניכטונג פון דער פאראזיטישער שטאאט־מאכט“ מיט פרודאָן'ס פעדעראליזם! אָבער דאָס איז ניט קיין צופאַל, ווייל דער אָפּאָרטוניסט שטעלט זיך גאָר ניט פאָר, אז מארקס רעדט דאָ לחלוטין ניט וועגן פעדעראליזם אלס א געגנגעוויכט צום צענטראליזם, נאָר וועגן צוברעכען די אלטע בורזשואזע שטאאטס־מאשין, וואָס עקזיסטירט אין אלע בורזשואזע לענדער.

דעם אָפּאָרטוניסט קומט אויפ'ן זינען ארויף בלויז דאָס, וואָס ער זעהט ארום זיך, אין דער סביבה פון קליין־בירגערליכער אלטעגליכקייט און „רעפאָרמיסטישער“ באוועגלאָזיגקייט, נעמליך, בלויז די „מוניציפּאַליטעטען“! וועגן דער רעוואָלוציע פון דעם פּראָלעטאריאט האָט דער אָפּאָרטוניסט פארגעסען אפילו ווי צו קלעהרען.

דאָס איז, פארשטעהט זיך, לעכערליך. אָבער מערקווירדיג איז עס, אז אין דעם דאָזיגען פונקט האָט מען בערנשטיינען נישט באשטריטען. בערנשטיינען האָבען פיעלע שרייבער אָפּגעשטריטען — באזונדערס פּלעכאַנאָוו אין דער רוסישער ליטעראטור און קאוטסקי אין דער אייראָפּעאישער, אָבער ניט דער און ניט יענער האָבען ניט גערעדט וועגן אָט דעם פאלשען אויסטייטשען פון מארקס'ען.

דער אָפּאָרטוניסט האָט אויף אזוי פיעל פארגעסען ווי צו דענקען רעוואָלוציאָנער און ווי צו דענקען וועגן רעוואָלוציע, אז ער שרייבט מארקס'ען צו פעדעראליזם און מישט איהם צוזאמען מיט פּרודאָנען, דעם גרינדער פון דעם אנארכיזם. און קאוטסקי מיט פּלעכאנאָוו'ן, וועלכע ווילען זיין אָרטאָדאָקסאלע מארקסיסטען און פארטיידיגען די רעוואָלוציאָנערע לעהרע פון דעם מארקסיזם, פארשווייגען דאָס! דאָ ליעגט איינער פון די וואָרצלען פון דער עקסטרעמער נאכלעסיגקייט אין באצוג צו די בליקען אויף דעם אונטערשיעד צווישען מארקסיזם און אנארכיזם, וועלכע איז כאראקטעריסטיש פאר די אָפּאָרטוניסטען און די נאָכפאָלגער פון קאוטסקי, און וועגען וועלכער עס וועט אונז נאָך אויסקומען צו רעדען.

אין די אויבען־ציטירטע שטעלען פון מארקס'ען וועגען דער ערפאהרונג פון דער קאָמונע איז נישט פאראן קיין שפּור פון פעדעראליזם. מארקס געהט זיך צוזאמען מיט פּרודאָנען גראדע דאָרט,

וואו דער אָפּאָרטוניסט בערנשטיין זעהט עס ניט. מארקס און פּרודאָן געהען זיך פאנאנדער גראדע דאָרט, וואו בערנשטיין זעהט אַן עהנליכקייט.

מארקס איז איינשטימיג מיט פּרודאָנען אין דעם, וואָס ביידע זיינען זיי פאַר דער צושטערונג פון דער מאָדערנער שטאַאַטס־מאַשין. אָט די עהנליכקייט צווישען דעם מארקסיזם און דעם אנארכיזם (מיט פּרודאָנען און באקונינען) ווילען ניט זעהן ניט די אָפּאָרטוניסטען און ניט די נאכפאָלגער פון קאוטסקי, ווייל אין דעם דאָזיגען פונקט זיינען זיי אוועק פון דעם מארקסיזם.

מארקס געהט זיך פאנאנדער מיט פּרודאָנען און באקונינען גראדע אין דער פראגע פון פעדעראליזם (שוין נישט רעדענדיג וועגען דער דיקטאטור פון דעם פּראָלעטאריאַט). דער פעדעראליזם איז א פּרינציפּיעלער פועל־יוצא פון די קליין־בורזשואזע אנשוי־אונגען פון דעם אנארכיזם. מארקס איז א צענטראַליסט. און אין די אויבען אָנגעגעבענע מיינונגען זיינע טרעט ער אויף א האָר ניט אָפּ פון צענטראַליזם. בלויז מענשען וואָס זיינען אָנגעפילט מיט „אבערגלויביגען גלויבען" אין שטאַאַט, קענען אָננעהמען די צו־שטערונג פון דער בורזשואזער מאשין פאַר דער צושטערונג פון צענטראַליזם.

נו, און ווען דער פּראָלעטאריאט און די אָרימסטע טייל פון פויערטום וועלען אריינעהמען די רעגירונגס־מאכט אין זייערע הענד, וועלען זיך פאָלשטענדיג פריי אָרגאניזירען אין קאָמונען און וועלען פ א ר א י י נ י ג ע ן די האנדלונגען פון אַלע קאָמונען אין דעם אָנגריף אויף קאפּיטאל, אין דער צושטערונג פון דעם ווידערשטאנד פון די קאפּיטאליסטען, אין איבערגעבען דאָס פּרי־וואט־אייגענטום פון אייזענבאהנען, פאבריקען און ערד א. ז. וו. צו דער גאנצער געזעלשאפט, וועט דאָס דען ניט זיין קיין צענטראַ־ליזם? וועט דאָס דען ניט זיין דער אויסגעהאלטענסטער דעמאָ־קראטישסטער צענטראַליזם? און דערצו נאָך פּראָלעטארישער צענטראַליזם.

בערנשטיין קען פשוט ניט פארשטעהן, אז עס איז מעגליך אזא זאך, ווי פרייוויליגער צענטראַליזם, א פרייוויליגע פאראייני־גונג פון קאָמונען אין א נאציע, א פרייוויליגע צוזאמענגיסונג פון

די פּראָלעטארישע קאָמונען אין דער זאַך פון צושטערען די בור־זשואזע הערשאַפט און די בורזשואזע רעגירונגס־מאַשין. בערנ־שטיין, ווי יעדער פיליסטער, מאָלט זיך דעם צענטראַליזם אלס עטוואס פון אויבען, אלס עטוואס אזעלכעס וואס קען ארויפגע־צוואונגען און אויפגעהאַלטען ווערען בלויז דורך סאָלדאַטשינע און קאַזיאָנשטשינע.

מארקס אונטערשטרייכט אבזיכטליך, אזוי ווי ער וואָלט פאָר־אויסגעזעהן די מעגליכקייט, אז זיינע בליקען וועלען פאַלש אויס־געטייטשט ווערען, דאָס ס׳איז א באוואוסטזיניגע פעלשונג צו באשולדיגען די קאָמונע אין דעם, אז זי האָט געזוכט צו צושטערען די נאציאָנאַלע איינהייט און אָפּשאַפען די צענטראַלע מאכט. מארקס געברויכט אבזיכטליך דעם אויסדרוק „אָרגאַניזירען די איינהייט פון דער נאַציע“ אום צו אונטערשיידען דעם באוואוסט־זיניגען, דעמאָקראטישען, פּראָלעטאַרישען צענטראַליזם פון דעם בורזשואזען, מיליטערישען, קאַזיאָנעם צענטראַליזם.

אָבער — נישטאָ אזא טויבער, ווי דער, וואָס וויל ניט הערען. און די אָפּאָרטוניסטען פון דער מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראטיע ווילען אויסדריקליך ניט הערען וועגען דער פארניכטונג פון דער שטאַאַט־מאכט, וועגען באזייטיגען דעם פּאַראַזיט.

### 5. די פאַרניכטונג פון דעם פּאַראַזיט — דעם שטאַאַט.

מיר האָבען שוין אויבען אָנגעגעבען ציטאַטען פון מארקס׳ען, וואָס ענטשפּרעכען דעם ענין און מיר מוזען דאָ אָנגעבען נאָך איניגע:

„. . . עס איז געוועהנליך דער שיקזאַל פון דעם נייעם היסטאָרישען שאַפען — האָט מארקס געשריבען — דאָס מען נעהמט עס אָן פאר א קאָפּיע פון די אַלטע און זאָגאר אָפּגע־לעבטע פאָרמען פון געזעלשאַפטליכען לעבען, צו וועלכע די נייע איינריכטונגען זיינען פיעל־ווענים עהנליך. אזוי האָט מען אויך די נייע קאָמונע, וועלכע צוברעכט די מאָדערנע שטאַאַט־מאכט, באטראַכט אלס אן אויפלעבונג פון דער מיטעל־אַלטערליכער קאָמונע... אלס א בונד פון קליינע שטאַאטען (מאָנטעסקיע, די זשיראָנדיסטען) . . . אלס אן

איבערטריבענע פאָרם פון דעם אַלטען קאַמף געגען איבער־מעסיגער צענטראַליזאַציע.״

. . . „די קאָמונאַלע אָרדנונג וואָלט צוריקגעגעבען דעם געזעלשאַפטליכען קערפּער די אַלע קרעפטען, וועלכע זיינען ביז אַהער פאַרצעהרט געוואָרען פון דעם פּאַראַזיטישען אויס־וואוקס, דעם „שטאַאַט״, וואָס ערנעהרט זיך אויף דעם חשבון פון דער געזעלשאַפט און האַלט אָפּ איהר פרייע באַוועגונג. שוין דורך דעם אַליין וואָלט דער ווידערגעבורט פון פראַנק־רייך אַ רוק געטאָן געוואָרען פאָראויס.״

. . . „די קאָמונאַלע אָרדנונג וואָלט געווען אַוועקגעשטעלט די דאָרפס־פּראָדוצענטען אונטער דער גייסטיגער פיהרער־שאַפט פון די הויפּט־שטעדט פון יעדער טעריטאָריע און וואָלט פאַר זיי דאָרט געווען פאַרזיכערט, אין דער פּערזאָן פון די שטאָדט־אַרבייטער, נאַטירליכע פאָרשטעהער פון זייערע אינטערעסען. דאָס עקזיסטענץ גופא פון דער קאָמונע וואָלט געבראַכט מיט זיך, אַלס עטוואָס זעלבסטפאַרשטענדליכעס, לאָקאַלע זעלבסט־פאַרוואַלטונג, אָבער נישט אַלס אַ געגען־געוויכט צו דער מאַכט פון שטאַאַט, וועלכע ווערט אונטער די דאָזיגע אומשטענדען איבעריג.״

„די פאַרניכטונג פון דער מאַכט פון שטאַאַט״, וועלכער איז געווען „אַ פּאַראַזיטישער אויסוואוקס״, „באַזייטיגען זי״, „פאַר־ניכטען״ זי; „די מאַכט פון שטאַאַט ווערט אונטער די דאָזיגע אומשטענדען איבעריג״ — דאָס זיינען די אויסדרוקען, וועלכע מאַרקס געברויכט רעדענדיג וועגען שטאַאַט, אָפּשאַצענדיג און אַנאַליזירענדיג דעם עקספּערמענט פון דער קאָמונע.

דאָס איז געשריבען געוואָרען כמעט מיט פופציג יאָהר צוריק, און איצט קומט אויס כאָטש מאַכען היסטאָרישע אויסגראָבונגען כדי צו ברענגען דעם מאַרקסיזם צום באַוואוסטזיין פון די ברייטע מאַסען ניט אַ פאַרפעלשטען און ניט אַ צוקאַליעטשעטען. די אויספיהרונגען, וואָס מאַרקס האָט געמאַכט פון באַאָבאַכטונגען פון דער לעצטער גרויסער רעוואָלוציע, וועלכע ער האָט דורכגעלעבט,

האָט מען פארגעסען גראדע דאן, ווען עס איז געקומען די צייט פאר ווייטערע גרויסע רעוואָלוציעס פון דעם פראָלעטאריאט.

„די פארשיעדענע אויסטייטשונגען, וועלכע די קאָמונע האָט ארויסגערופען, און די פארשיעדנארטיגע אינטערעסען, וועלכע האָבען אין איהר געפונען זייער אויסדרוק, באווייזען, אז אלס א פאָליטישע פאָרם איז זי געווען בויגזאם ביז צום העכסטען גראד, בעת אלע פריהערדיגע רעגרונגס-פאָרמען זיינען, אין זייער עצם, געווען אונטערדריקענד. איהר ווירקליכער סוד איז געווען אָט וואָס: זי איז אין עצם געווען א רעגירונג פון דעם ארבייטער-קלאס, א רעזולטאט פון דעם קאמף פון דעם פראָדוצירענדען קלאס געגען דעם עקספלואטירענדען; זי איז געווען די ענדליך-ענטדעקטע פאָליטישע פאָרם, אונטער וועלכער עס האָט געקאָנט פאָרקומען די עקאָנאָמישע באפרייאונג פון ארבייט.

„אָהן אָט דער לעצטער באדינגונג וואָלט די קאָמונאלע אָרדנונג געווען אן אונמעגליכקייט און א באטרוג".

די אָפּאָרטוניסטען האָבען זיך לעצטענס געגומען „ענטדעקען" די פאָליטישע פאָרמען, אונטער וועלכע עס האָט געדארפט פאָרקומען דער סאָציאַליסטישער איבערבוי פון דער געזעלשאפט. די אנארכיסטען האָבען אינגאנצען אוועקגעמאכט מיט דער האנד די פראגע וועגען פאָליטישע פאָרמען. די אָפּאָרטונסטען פון דער מאָדערנער סאָציאל-דעמאָקראטיע האָבען אָנגענומען די בורזשואזע פאָליטישע פאָרמען פון דעם פארלאמענטארישען פאָליטישען שטאאט אלס דעם גרעניץ, וואָס טאָר ניט איבערגעטראָטען ווערען; זיי האָבען זיך צוקלאפט דעם שטערען אָן דעם דאָזיגען „מוסטער", און פארדאמט אלס אנארכיזם, יעדען פארזוך צו צוברעכען די דאָזיגע פאָרמען.

פון דער גאנצער געשיכטע פון סאָציאליזם און פאָליטישען קאמף האָט מארקס געצויגען דעם שלוס, אז דער שטאאט וועט מוזען פארשווינדען, אז די איבערגאנגס-פאָרם פון זיין פארשווינדען (דער איבערגאנג פון שטאאט צו ניט-שטאאט) וועט זיין „דער פראָלעטאריאט, אָרגאניזירט אלס א הערשענדער קלאס". אָבער

צו ע נ ט ד ע ק ע ן פּאָליטישע פ אָ ר מ ע ן פון דער דאָזיגער צוקונפט האָט זיך מארקס ניט אונטערנומען. ער האָט זיך באַשרענקט מיט אַ גענויער באָאָבאַכטונג פון דער פראַנצויזישער געשיכטע, מיט איהר אַנאַליז, און מיט דעם שלוס, צו וועלכען עס האָט געבראַכט דאָס יאָהר 1851: אַז עס געהט צו דער צ ו ר שׁ ט ע ר ו נ ג פון דער בורזשואזער רעגירונגס־מאַשין.

און ווען די רעוואָלוציאָנערע מאַסען־באַוועגונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט האָט אויסגעבראָכען, האָט מארקס, נישט קוקענדיג אויף דעם דורכפאַל פון דער באַוועגונג, נישט קוקענדיג אויף איהר קורצוויילינקייט און אויגענשיינליכע שוואַכקייט, גענומען פאָרשען, וואָס־פאַר אַ פאָרמען זי האָט ענטדעקט.

די קאָמונע איז אַן „ענדליך־ענטדעקטע“ פאָרם, אויפגעדעקט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אונטער וועלכער עס קען פאָרקומען די עקאָנאָמישע באַפרייאונג פון ארבייט.

די קאָמונע — דאָס איז דער ערשטער פאַרזוך פון דער פּראָלעטאַרשער רעוואָלוציע צו צ ו ב ר ע כ ע ן די בורזשואזיע שטאַאט־מאַשין און די „ענדליך־ענטדעקטע“ פּאָליטישע פאָרם, וועלכע קען און מוז פ אַ ר נ ע ה מ ע ן ד ע ם פּ ל אַ ץ פון דעם צושטערטען.

## דריטער קאַפּיטעל.

## נאָך אַ פּאָר פּונקטען וועגען דער ערפאַהרונג פון דער פּאַריזער קאָמונע. ענגעלס איבער דער פראַגע.

### 1. די פאָררעדע פון דעם יאָהר 1891 צו מאַרקס'עס „בירגער קריעג“.

**אין דער פאָררעדע צו דער דריטער אויסגאַבע פון „בירגער־קריעג אין פראַנקרייך“ — די פאָררעדע איז דאַטירט מערץ דעם 16טען, 1891, און איז צוערשט געווען געדרוקט אין דער „נייער צייט“*),— גיט ענגעלס, זייט ביי זייט מיט אינטערעסאַנטע פאַרביי־געהענדע באַמערקונגען איבער פראַגען, וואָס האָבען אַ שייכות**

---

*) וויסענשאַפטליכער אָרגאַן פון דער דייטשער סאָצ.־דעמאָקראַטיע.

מיט דער באציהונג צום שטאאט, א מערקווירדיג־בולט'ען סך־הכל פון דעם, וואָס די קאָמונע לערענט אונז. דער דאָזיגער סך הכל, פארטיעפט פון דער ערפאהרונג פון דער גאנצער 20־יעהריגער פעריאָדע, וואָס האָט דעם פארפאסער אָפגעטיילט פון דער קאָמונע, און וואָס איז ספּעציעל געריכטעט געגען דעם „אבערגלויביגען גלויבען אין שטאאט", וואָס איז געווען פארשפּרייט אין דייטשלאנד, קען מיט רעכט אָנגערופען ווערען ד אָ ס ל ע צ ט ע וו אָ ר ט פון דעם מארקסיזם איבער דער פראגע, וואָס ווערט דאָ באטראכט.

„אין פראנקרייך, — באמערקט ענגעלס, — זיינען די ארבייטער נאָך יעדער רעוואָלוציע געוועזען באוואפענט; „דעריבער איז דער ערשטער געבאָט פון די בורזשואַ, וואָס זיינען געשטאנען ביים רעגירונגס־רודער, געווען צו ענטוואפענען די ארבייטער. און פאָלגליך, נאָך יעדער רעוואָלוציע, וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרען פון די ארבייטער, קומט פאָר א נייער קאמף, וואָס ענדיגט זיך מיט א נידערלאגע פאר די ארבייטער."

דער סך הכל פון דער ערפאהרונג פון די בורזשואזע רעוואָלוציעס איז פונקט אזוי קורץ ווי ער איז אויסדריקליך. דער עצם — אגב אויך וועגען דער פראגע פון שטאאט (ה אָ ט ד ע ר א ו נ ט ע ר ד ר י ק ט ע ר ק ל א ס א וו א פ ע ?) — איז דאָ אונטערגעכאפּט אויף א מערקווירדיגען אופן. און טאקע דערפאר ווערט דער דאָזיגער עצם פארשוויגען סיי פון פּראָפעסאָרען, וואָס זיינען אונטער דעם איינפלוס פון דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע, און סיי פון די קליין־בורזשואזע דעמאָקראטען. אין דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1917 איז אויף דעם „מענשעוויק", „אויך־מיר־מארקסיסט" צערעטעלי געפאלען דער כבוד אויסצופלוידערען דעם דאָזיגען סוד פון די בורזשואזע רעוואָלוציעס. צערעטעלי האָט זיך אונפאָרזיכטיג ארויסגערעדט וועגען דער ענטשלאָסענהייט פון דער בורזשואזיע צו ענטוואפנען די פּעטראָגראדער ארבייטער, אָנגעבענדיג, נאטירליך, דעם דאָזיגען באשלוס אלס זיין אייגענעם און אלס א „שטאאטס־נויטווענדיגקייט" אין אלגעמיין!

צערעטעלי׳ס היסטאָרישע רעדע פון דעם 9טען יוני וועט, נאַטירליך, פאַר יעדען היסטאָריקער פון דער רעוואָלוציע פון 1917 זיין איינע פון די קלאָרסטע אילוסטראַציעס פון דעם, ווי דער ב ל אָ ק פון די עס־ערען און די מענשעוויקעס, געפיהרט פון העד צערעטעלי, איז איבערגעגאַנגען אויף דער זייט פון דער בורזשואַזיע ג ע ג ע ן דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט.

א צווייטע פאַרבייגעהענדיגע באַמערקונג, וואָס ענגעלס מאַכט, איז אויך פאַרבונדען מיט דעם שטאַאַט און באַציהט זיך אויף רעליגיע. עס איז באַוואוסט, אַז וואָס מעהר די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געוואָרען אָפּאָרטוניסטיש, אַלץ אָפטער האָט זי זיך געקייקעלט צו דער פיליסטישער אויסטייטשונג פון דער באַריהמטער פאָרמולע: „ערקלעהרען רעליגיע פאַר א פּריוואַט־זאַך“. געגנויער: די דאָזיגע פאָרמולע האָט מען אויסגעטייטשט אַזוי, אַז אויך פ א ר ד ע ר פ א ר ט י י פון רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט איז די פראַגע וועגען רעליגיע כלומרשט א פּריוואַט־זאַך!!! געגען דעם דאָזיגען פאַרראַט פון דער רעוואָלוציאָנערער פּראָגראַם פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז דאָס אויפגעשטאַנען ענגעלס, וועלכער האָט אין 1891 באַמערקט בלויז א שוואַכען אָנפאַנג פון אָפּאָרטוניזם אין זיין פאַרטיי און וועלכער האָט זיך דעריבער אויסגעדריקט זעהר פאָרזיכטיג:

„ווען אין דער קאָמונע זיינען געזעסען כמעט אויסשליסליך אַרבייטער אָדער אַנערקענטע אַרבייטער־פאָרשטעהער, האָבען איהרע באַשלוסען געטראָגען אַן אויסדריקליך פּראָלעטאַרישען כאַראַקטער. אָדער די דאָזיגע באַשלוסען האָבען דעקרעטירט רעפאָרמען, פון וועלכע די רעפּובליקאַנער בורזשואַזיע האָט זיך ענטזאָגט בלויז צוליעב איהר געמיינער פייגהייט, און וועלכע שטעלען מיט זיך פאַר דעם נויטיגען באָדען פאַר דער פרייער טעטיגקייט פון דעם אַרבייטער־קלאַס: אַזוי איז דורכגעפיהרט געוואָרען דער פּרינציפּ, אַז א י ן ב א צ ו ג צ ו ם ש ט א א ט איז רעליגיע בלויז א פּריוואַט זאַך; אָדער די קאָמונע האָט אָנגענומען באַשלוסען און אַרויסגעגעבען באַפעהלען, וועלכע זיינען געווען דירעקט

אין די אינטערעסען פון דעם ארבייטער־קלאַס, און וועלכע האָבען זיך טיילוויז טיעף איינגעשניטען אין דער אַלטער גע־זעלשאפטליכער אָרדנונג".

די ווערטער „אין באצוג צום שטאאט" האָט ענגעלס אונטער־שטראָכען אבזיכטליך אלס א קלאפּ פאר דעם דייטשען אָפּאָרטוניזם, וואס האָט ערקלעהרט רעליגיע אלס א פּריוואט־זאך אין באצוג צו דער פּארטיי און האָט אזוי ארום דערנידע־ריגט די פּארטיי פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאריאט צו דער מדרגה פון דעם געוועהנליכסטען „פרייַדענקענדען" קליין־בירגערטום, וואס איז בארייט צו אנערקענען א צושטאנד, וואו יעדער מעג זיך גלויבען אין זיין גאָט, אָבער וואס טרייסעלט זיך אָפּ פון דער אויפגאבע פון דעם פּארטיי־קאמף געגען דעם רעלי־גיעזען אָפּיום, וואס פארטומעלט די מוחות פון פאָלק.

דער צוקינפטיגער היסטאָריקער פון דער דייטשער סאָציאל־דעמאָקראטיע, נאָכפאָלגענדיג די גרונד־אורזאכען פון איהר שענד־ליכען צוזאמענברוך אין 1914, וועט געפינען גענוג אינטערעסאנטען מאטעריאל וועגען דער פראגע, אָנפאנגענדיג מיט די אויסווייכענ־דע ערקלעהרונגען און ארטיקלען פון קאוטסקי, גייסטיגען פיהרער פון דער פּארטיי, וועלכע האָבען ברייט צועפענט די טיר פאר דעם אָפּאָרטוניזם, און ענדיגענדיג מיט דער באציהונג פון דער פּארטיי צו דער „לויז־פון־קירכע־באוועגונג" אין 1913.

אָבער לאָמיר איבערגעהן צו דעם, ווי ענגעלס האָט 20 יאָהר נאָך דער קאָמונע אונטערגעפיהרט דעם סך הכל פון דעם, וואס דער קעמפּפענדער פּראָלעטאריאט האָט פון איהר געלערענט.

אָט וואס ענגעלס רוקט ארויס צום פאָדערגרונד:

„. . . גראדע אָט די אונטעדריקענדע מאכט פון דער פריהערדיגער צענטראליזירטער רעגירונג — די ארמעע, די פּאָליטישע פּאָליציי, די ביוראָקראטיע, וועלכע נאפּאָלעאָן האָט באשאפען אין דעם יאָהר 1798 און וועלכע יעדע נייע רעגירונג האָט פון דאַן אָן איבערגענומען אלס א געוואונשטען וואפען און זיך באנוצט מיט דעם געגען איהרע געגנער, —

גראדע אָט די מאכט האָט געדאַרפט פאַלען איבעראַל אין פראנקרייך, אזוי ווי זי איז געפאַלען אין פאריז.

„די קאָמונע האָט געדארפט פון סאמע אָנהויב אנער־קענען, אַז דער ארבייטער־קלאס, באַקומענדיג די מאכט, האָט ווייטער ניט געקענט אָנפיהרען די געזעלשאפטליכע געשעפ־טען מיט דער אַלטער שטאאטס־מאשין; אַז דער ארבייטער־קלאס, אום ניט צו פארלירען די נאָר־וואָס ערוואָרבענע הער־שאפט, האָט געדאַרפט, פון איין זייט, באזייטיגען אין גאנצען די אַלטע מאַשין פון אונטערדריקונג, וואָס איז געווען אָנגע־ווענדט געגען איהם, און פון דער אנדערער זייט האָט ער זיך געדארפט פארזיכערען געגען זיינע אייגענע דעפוטאטען און בעאמטע דורך דעם וואָס יעדער איינער פון זיי זאָל קענען צו יעדער צייט אראָפּגעזעצט ווערען און פארביטען ווערען אויף אַן אנדערען"....

ענגעלס אונטערשרייבט ניט איינמאָל, אַז ניט נאָר אין אַ מאָנארכיע, נאָר זאָגאר אין אַ ד ע מ אָ ק ר א ט י ש ע ר ר ע־פּ וּ ב ל י ק פארבלייבט די רעגירונג אַ רעגירונג, דאָס הייסט, זי האַלט אָן איהר פונדאמענטאַלען כאראקטעריסטישען שטריך: צו פארוואַנדלען די בעאמטע, די „דיענער פון דער געזעלשאפט", אין ה ע ר ש ע ר איבער דער געזעלשאפט.

... „געגען דעם דאָזיגען, אין אַלע ביז־אהעריגע שטאא־טען אונפארמיידליכען פארוואַנדלען פון דער רעגירונג און די רעגירונגס־אָרגאנען פון געזעלשאפטליכע דיענער אין הער־שער איבער דער געזעלשאפט, האָט די קאָמונע אָנגעווענדט צוויי זיכערע מיטלען. ערשטענס, האָט זי באשטימט אויף אַלע עמטער — אדמיניסטראטיווע און יורידישע — פער־זאָנען, וואָס זיינען ערוועהלט געוואָרען דורך אַלגעמיינעם שטימ־רעכט און דערצו נאָך איינגעפיהרט דאָס רעכט צוריק־צורופען וועלכען ס'ניט איז פון די אויסגעוועהלטע לויט דעם באשלוס פון די וועהלער. צווייטענס, האָט זי אַלע בעאמטע, די העכסטע אזוי גוט ווי די נידעריגסטע, געצאָהלט בלויז אזא געהאַלט, ווי אנדערע ארבייטער האָבען געקראָגען. דער

העכסטער געהאַלט וואָס די קאָמונע האָט ווען ס'ניט איז געצאָהלט איז געווען 6000 פראַנק.

אזוי אַרום איז באַשאַפען געוואָרען אַ זיכערע שטערונג צום געיעג נאָך עמטער און צום קאַריעריזם, זאָגאַר אונאָפּ־הענגיג פון די אויסדריקליכע אינסטרוקציעס צו די דעפּו־טאַטען פון די פאַרטרעטענדע פאַרזאַמלונגען, וואָס די קאָ־מונע האָט איינגעפיהרט אַלס אַ צוגאַב.״

דאָ קומט ענגעלס צו צו דער אינטערעסאַנטער גרעניץ־ליניע, וואו די אויסגעהאַלטענע דעמאָקראַטיע ווערט, פון איין זייט, פ א ר־ו ו אַ נ ד ע ל ט אין סאָציאַליזם, און פון דער אַנדערער זייט פ אָ־ד ע ר ט זי סאָציאַליזם. וואָרום אום צו פאַרניכטען דעם שטאַאַט איז עס נויטיג צו פאַרוואַנדלען די פונקציעס פון שטאַאַט־דיענסט אין אַזוינע איינפאַכע אָפּעראַציעס פון קאָנטראָל און פאַראַנטוואָרט־ליכקייט, אַז זיי זאָלען זיין צוגענגליך און פאַר די כחות פון אַ גרויסער מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג, און דערנאָך זאָגאַר פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג. און אום פאָלשטענדיג צו באַ־זייטיגען דעם קאַריעריזם פאָדערט זיך, אַז אַ „בכבוד׳יגע״, אפילו אויב ניט קיין באַצאָהלטע, שטעלע אין דער רעגירונגס־דיענסט זאָל ניט קענען דיענען אַלס אַ בריקעל צו גוט־באַצאָהלטע עמטער אין באַנקען, אין אַקציאָנער־געזעלשאַפטען, ווי דאָס איז ש ט ע נ־ד י ג דער פאַל אין די פרייסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

אָבער ענגעלס באַגעהט ניט דעם טעות, וואָס אַנדערע מאַרק־סיסטען, צום ביישפּיעל, באַגעהען אַרום דעם רעכט פון נאַציעס אויף זעלבסט־באַשטימונג, אַז אונטער קאַפּיטאַליזם איז אַזאַ באַ־שטימונג, הייסט עס, אונמעגליך און אונטער סאָציאַליזם — איבע־ריג. אַזאַ כלומרשט שאַרפזיניגען אָבער אין עצם פאַלשען אַרגו־מענט קען מען ווידערהאָלען וועגען ו ו ע ל כ ע ר ס ׳ נ י ט א י ז דעמאָקראַטישער איינריכטונג, און אויך וועגען באַשיידענעם גע־האַלט פאַר בעאַמטע, ווייל אַ פאָלשטענדיג אויסגעהאַלטענער דעמאָ־קראַטיזם איז אונטער קאַפּיטאַליזם אוממעגליך, און אונטער סאָ־ציאַליזם וועט דעמאָקראַטיע בכלל אָ פּ ש ט אַ ר ב ע ן.

דאָס איז אַ סאָפיזם, וואָס דערמאָנט אָן דעם אַלטען וויץ, צי

אַ מענש וועט ווערען פּליכעוואַטע אויב ער וועט האָבען אויף אַ האָאַר וועניגער האָאַר.

די ענטוויקלונג פון דעמאָקראַטיע ביז צום סוף, די ערפינדונג פון פאָרמען פאַר אַזאַ ענטוויקלונג, זייער אויס־פּרובירונג אין דער פּראַקטיק א. ז. וו. — דאָס איז איינע פון די אויפגאַבען, וואָס איז אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם קאַמף פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. באַזונדער גענומען, וועט קיין דעמאָקראַ־טיזם ניט געבען קיין סאָציאַליזם, אָבער אין דער ווירקליכקייט וועט דעמאָקראַטיזם קיינמאָל ניט „גענומען ווערען באַזונדער", נאָר וועט „גענומען ווערען צוזאַמען", וועט אויסאיבען זיין ווירקונג אויף דער עקאָנאָמיק, וועט פאַרשנעלערען איהר פאַר־ענדערונג, וועט זיך אונטערוואַרפען דער ווירקונג פון עקאָנאָמישער ענטוויקלונג א. ז. וו. אַזאַ איז די דיאַלעקטיק פון דער לעבעדיגער געשיכטע.

ענגעלס זאָגט ווייטער:

. . . „דער דאָזיגער אויפרייס פון דער אַלטער שטאַאַטס־מאַכט און דער איבערגאַנג צו אַ נייער אמת דעמאָקראַטישער, זיינען באַשריבען מיט איינצעלהייטען אין דעם דריטען טייל פון דעם „בירגער קריעג". אָבער אין קורצען זיך אָפּשטעלען נאָך אַ מאָל אויף איינינע שטריכען פון דעם דאָזיגען איבער־גאַנג איז דאָ געווען נויטווענדיג, ווייל גראַדע אין דייטש־לאַנד איז דער אַבערגלויבינער גלויבען אין שטאַאַט אַריבער־געגאַנגען פון דער פילאָזאָפיע צום אַלגעמיינעם באַוואוסטזיין פון דער בורזשואַזיע און זאָגאַר פון פיעלע אַרבייטער. לויט דער לעהרע פון איינינע פילאָזאָפען איז דער שטאַאַט די „פאַרווירקליכונג פון דער אידעע", אָדער, אַ גן עדן אויף דער ערד. איבערזעצט אויף דער פילאָזאָפישער שפּראַך, איז דער שטאַאַט דער באָדען, אויף וועלכען עס ווערט פאַרווירקליכט און מוז פאַרווירקליכט ווערען דער אייביגער אמת און גערעכ־טיגקייט. און פון דאַנען נעהמט זיך די אַבערגלויביגע עהר־פורכט פאַר דעם שטאַאַט, פאַר אַלצדינג, וואָס האָט אַ שייכות צום שטאַאַט, — אַן עהרפורכט, וואָס ווערט אַלץ

מעהר איינגעוואָרצעלט, דערפאַר, וואָס מענשען זיינען איינגעוואוינט פון קינדהייט אָן צו דענקען, אַז די זאַכען און אינטערעסען, וואָס האָבען צו טאָן מיט דער גאַנצער געזעלשאַפט, קענען אַנדערש ניט ערפילט און אָפּגעהיט ווערען, ווי דורך דער אַלטער מעטאָדע, דאָס הייסט דורך דעם שטאַאַט און זיינע בעאַמטע, וואָס זיינען באַלוינט מיט גוט־באַצאָהלטע שטעלען. מענשען דענקען, אַז זיי מאַכען אַ גוואַלדיג גרויסען שריט פאָראויס, ווען זיי טרייסלען זיך אָפּ פון דעם גלויבען אין אַ מאָנאַרכיע, וואָס געהט איבער בירושה, און ווערען אָנהענגער פון אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק. אין דער ווירקליכקייט אָבער איז דער שטאַאַט נישט מעהר, ווי אַ מאַשין פאַר איין קלאַס צו אונטערדריקען אַ צווייטען, און אין אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק אויף אַ האָאָר ניט וועניגער ווי אין אַ מאָנאַרכיע. אין בעסטען פאַל איז דער שטאַאַט אַן איבעל, וועלכער געהט איבער בירושה צום פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט געזיעגט אין דעם קאַמף פאַר קלאַסען־הערשאַפט; דער זיעגרייכער פּראָלעטאַריאַט, אַזוי גוט ווי די קאָמונע, וועט זיין געצוואונגען באַלד צו פאַרניכטען די ערגסטע זייטען פון דעם דאָזיגען איבעל ביז דער נייער דור, ערצויגען אין נייע, פרייע געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען, וועט זיין אימשטאַנד זיך אָפּצוטרייסלען פון דעם שטאַאַטליכען אַלטוואַרג.״

ענגעלס האָט געווארענט די דייטשען, אַז, אין פאַל די מאָנאַרכיע וועט פאַרביטען ווערען אויף אַ רעפּובליק, זאָלען זיי ניט פאַרגעסען די גרונד פּרינציפּען פון דעם סאָציאַליזם אין באַצוג צום שטאַאַט אין אַלגעמיין. זיינע וואָרנונגען לעזען זיך איצט ווי אַ דירעקטער באַפעהל פאַר די הערען צערעטעלי און טשערנאָוו, וואָס האָבען אין זייער „קאָאַליציאָנערער“ פּראַקטיק ארויסגעוויזען אַן אַבערגלויביגען גלויבען אין שטאַאַט און אַן אַבערגלויביגע עהרפורכט פאַר איהם!

נאָך צוויי באַמערקונגען:

1) אויב ענגעלס זאָגט, אַז אין אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק, „אויף אַ האָאַר ניט וועניגער“ ווי אין אַ מאָנאַרכיע, פאַרבלייבט דער שטאַאַט „אַ מאַשין פאַר איין קלאַס

צו אונטערדריקען אַ צווייטען", מיינט דאָס לחלוטין ניט, אַז די פאָרם פון אונטערדריקונג איז פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט אַלץ איינס, ווי עס "לערנען" אונז אַנדערע אַנאַרכיסטען. אַ ברייטערע, אַ פרייערע, אַ מעהר אָפענע פאָרם פון קלאַסען־קאַמף און קלאַסען־אונטערדריקונג גיט דעם פּראָלעטאַריאַט אַן אונגעהייערע פאַר־לייכטערונג אין דעם קאַמף פאַר דער פאַרניכטונג פון קלאַסען אין אַלגעמיין.

2) פאַר וואָס נאָר דער נייער דור וועט זיין אימשטאַנד אָפּצוטרייסלען פון זיך דעם שטאַאַטליכען אַלטווארג איז אַ פראַגע, וואָס איז פאַרבונדען מיט דער פראַגע וועגען בייקומען די דעמאָ־קראַטיע, און צו אָט דער פראַגע געהען מיר אַריבער.

2. ענגעלס וועגען בייקומען די דעמאָקראַטיע.

ענגעלס'ען איז אויסגעקומען אַרויסזאָגען זיין מיינונג וועגען דעם אין דער באַצוג מיט דער פראַגע וועגען דער וויסענ־שאַפטליכער פאַלשקייט פון דעם טערמין "סאָציאַל־דעמאָקראַט" אין דער פאָררעדע צו דער אויסגאַבע פון זיינע אַר־טיקלען פון די זיבעציגער יאָהרען איבער פאַרשיידענע טעמאַן, מייסטענס פון אַן "אינטערנאַציאָנאַלען" אינהאַלט. אין דער פאָררעדע, וואָס איז דאַטירט יאַנואַר דעם 3טען, 1894, דאָס הייסט, וואָס איז פון ענגעלס'ען געשריבען געוואָרען אַ יאָהר און אַ האַלב פאַר זיין טויט, שרייבט ער, אַז אין אַלע אַרטיקלען ווערט גע־ברויכט דאָס וואָרט "קאָמוניסט" און ניט "סאָציאַל־דעמאָקראַט", ווייל דאַן האָבען די פּרודאָניסטען אין פראַנקרייך און די לאַסאַליאַ־נער אין דייטשלאַנד זיך גערופען סאָציאַל־דעמאָקראַטען.

"...פאַר מאַרקסען און פאַר מיר, — שרייבט ענגעלס ווייטער, — איז דעריבער געוועזן פאָלשטענדיג אונמעגליך זיך צו באַנוצען מיט אַזאַ צוצויגענעם אויסדרוק אום ספּעציעל צו באַצייכענען אונזער שטאַנדפּונקט. איצט איז די זאַך אַנ־דערש, און דאָס דאָזיגע וואָרט ("סאָציאַל־דעמאָקראַט") קיין פּילייכט געברויכט ווערען, כאָטש עס פאַרבלייבט נישט גענוי (נישט פּאַסענד) פאַר אַ פּאַרטיי, וואָס איהר עקאָנאָמישע

פּראָגראַם איז נישט בלויז סאָציאַליסטיש אין אַלגעמיין, נאָר טאַקי קאָמוניסטיש, — פאַר אַ פּאַרטיי, וואָס איהר פּאָליטי־שער ענד־ציעל איז בייצוקומען דעם גאַנצען שטאַאַט, און פּאָלגליך, אויך די דעמאָקראַטיע. אָבער דער נאָמען פון ווירקליכע (אונטערשטראָכען פון ענגעלס'ען) פּאָליטישע פּאַרטייען האָט קיינמאָל זיי ניט ענטשפּראָכען פּאָלשטענדיג; די פּאַרטיי ענטוויקעלט זיך, דער נאָמען פּאַרבלייבט".

ענגעלס, דער דיאַלעקטיקער, פּאַרבלייבט אין זיינע לעצטע טעג טריי דער דיאַלעקטיק. איך און מאַרקס, זאָגט ער, האָבען געהאַט אַ שעהנעם, וויסענשאַפטליך־גענויען נאָמען פאַר אַ פּאַרטיי; מיר האָבען אָבער נישט געהאַט קיין ווירקליכע, דאָס הייסט, פּראָ־לעטאַרישע מאַסען־פּאַרטיי. איצט (צום ענד פון דעם נייגצעהנטען יאָהרהונדערט) איז פּאַראַן אַזאַ ווירקליכע פּאַרטיי, אָבער איהר נאָמען איז ניט קיין גענויער. ניש־קשה, אָבער, ס'וועט מיט־געהן, אַבי די פּאַרטיי זאָל זיך ענטוויקלען, אַבי די וויסענשאַפטליכע נישט גענויקייט פון איהר נאָמען זאָל פון איהר ניט באַהאַלטען ווערען און איהר נישט שטערען זיך צו ענטוויקלען אין דער געהעריגער ריכטונג!

אין די געוועהנליכע אָפּהאַנדלונגען וועגען שטאַאַט ווערט אי־מער באַגאַנגען דער פעהלער, געגען וועלכען ענגעלס וואָרענט דאָ, און וועלכען מיר האָבען פּאַרבייגעהענדיג נאָטירט פריהער, נעמ־ליך: מען פאַרגעסט אימער, אַז די פּאַרניכטונג פון שטאַאַט מיינט אויך די פאַרניכטונג פון דעמאָקראַטיע, און דאָס אָפּשטאַרבען פון דעם שטאַאַט מיינט אויך דאָס אָפּשטאַרבען פון דעמאָקראַטיע.

אויף דעם ערשטען בליק קוקט אַזאַ באַהויפּטונג אויס זעהר מאָדנע און אומפּאַרשטענדליך; עס קען נאָך ביי אימיצען גע־באָרען ווערען אַ חשד, אַז מיר ערוואַרטען דאָס אָנקומען פון אַ געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, אין וועלכער עס וועט ניט אָפּגעהיט ווערען דער פּרינציפּ, אַז די מינדערהייט זאָל זיך אונטערוואַרפען דער מעהרהייט, ווייל וואָס איז אַזוינס דעמאָקראַטיע אויב ניט די אָנערקענונג פון דעם דאָזיגען פּרינציפּ?

ניין. דעמאָקראַטיע איז ניט דאָס זעלבע, וואָס דער פּרינ־ציפּ, אַז די מינדערהייט זאָל זיין אונטערוואָרפען דער מעהרהייט. דעמאָקראַטיע — דאָס איז אַ רעגירונג, וואָס אנערקענט, אַז די מינדערהייט זאָל זיך אונטערוואַרפען דער מעהרהייט, דאָס הייסט, אַן אָרגאַניזאַציע פאַר סיסטעמאַטישען געוואַלד פון איין קלאַס איבער דעם צווייטען, פון איין טייל פון דער באַפעלקע־רונג איבער דער צווייטער.

אלס אונזער ענד־ציעל שטעלען מיר אוועק די פאַרניכטונג פון שטאַאַט, דאָס הייסט, פון יעדען אָרגאַניזירטען און סיסטעמאַטישען געוואַלד, פון יעדען געוואַלד איבער מענשען אין אַלגעמיין. מיר ערוואַרטען ניט, אַז עס זאָל קומען אַזאַ געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, וואו עס זאָל ניט אָפּגעהיט ווערען דער פּרינציפּ, אַז די מינדערהייט דאַרף זיך אונטערוואַרפען דער מעהרהייט. אָבער, שטרעבענדיג צום סאָציאַליזם, זיינען מיר איבערצייגט, אַז די דאָזיגע אָרדנונג וועט אין איהר וואוקס פאַרוואַנדעלט ווערען אין קאָמוניזם, און אין פאַרבינדונג מיט דעם וועט פאַרשוואונדען ווערען יעדע נויט־ווענדיגקייט פאַר געוואַלד אין אַלגעמיין, פאַר אונטערוואָרפענהייט פון איין מענשען צו אַ צווייטען, פון איין טייל פון דער באַפעלקע־רונג צו אַ צווייטער, ווייל די מענשען וועלען זיך צוגעוואוי־נען אָפּצוהיטען די עלעמענטאַרישע באַדינגונגען פון געזעל־שאַפטליכקייט אָהן געוואַלד און אָהן אונטער־וואָרפענהייט.

אום צו אונטערשטרייכען דעם עלעמענט פון געוואוינהייט, רעדט דאָס ענגעלס וועגען דעם נייעם דור, „ערצויגען אין נייע, פרייע געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען, וועלכער וועט זיין אימשטאַנד אינגאַנצען אַפּצוטרייסלען פון זיך דעם שטאַאַט־אַלטוואַרג״—יעדען מין שטאַאַטליכקייט, די דעמאָקראַטישע און רעפּובליקאַנישע אריינגערעכענט.

אום דאָס קלאָרער צו מאַכען דאַרף מען אַנאַליזירען די פראַגע וועגען דעם עקאָנאָמישען באָדען פאַר דעם אָפּשטאַרבען פון דעם שטאַאַט.

## פערטער קאַפּיטעל.

# דער עקאָנאָמישער באָדען פאַר דאָס אָפּשטאַרבען פון דעם שטאַאט.

די אַלזייטיגסטע באַהאַנדלונג פון דער דאָזיגער פראַגע גיט מאַרקס אין זיין „קריטיק פון דער גאָטהע פּראָגראַם” (דער בריעף צו בראַקע פון מאַי דעם 5טען, 1875). די פּאָלעמישע טייל פון דעם דאָזיגען מערקווירדיגען ווערק, וואָס באַשטעהט פון אַ קריטיק פון לאַסאַל'ס לעהרע (לאַסאַליאַנסטוואָ), האָט אָוועקגעשטעלט אין שאָטען, אַזוי צו זאָגען, זיין פּאָזיטיווע זייט, נעמליך, דעם אַנאַליז פון דער פאַרבינדונג, וואָס עקזיסטירט צווישען דער ענטוויקלונג פון דעם קאָמוניזם און דעם אָפּשטאַרבען פון שטאַאט.

### 1. ווי מאַרקס שטעלט אַוועק די פראַגע

אין אַ בריעף צו בעבעל'ן, געשריבען דעם 28טען מערץ, 1875, וועגען דער „גאָטהע'ר פּראָגראַם”, האָט ענגעלס ארויסגע־זאָגט די פאָלגענדע מערקווירדיגע ווערטער וועגען דעם שטאַאט:

„... דער פרייער פאָלקס־שטאַאט האָט זיך פאַרוואַנ־דעלט אין אַ פרייען שטאַאט. לויט דעם גראַמאַטיקאַלישען טייטש פון די ווערטער איז אַ פרייער שטאַאט אַזאַ, וואו דער שטאַאט איז פריי אין באַצוג צו זיינע בירגער, ד. ה. אַ שטאַאט מיט אַ דעספּאָטישער רעגיערונג. אָט די גאַנצע פּלוידעריי וואָלט מען שוין לאַנג באַדאַרפט פאַרוואַרפען, בפרט אַזוי זינט נאָך דער קאָמונע, וואָס איז ניט געווען קיין שטאַאט אין דעם געוועהנליכען זינען. די אַנאַרכיסטען האָ־בען אונז גענוג דערגאַנגען די יאָהרען מיט דעם „פאָלקס־שטאַאט”, הגם מאַרקס'עס ווערק קעגען פּרודאָן'ען און דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט” זאָגען קלאָהר, אַז נאָך דער איינפיהרונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, וועט דער שטאַאט זיך אַליין אויפלייזען און פאַר־שווינדען. אַזוי ווי דער שטאַאט איז נאָר אַן איינריכטונג, וואָס עקזיסטירט ניט אייביג, מיט וועלכען מען מוז זיך באַ־נוצען אין קאַמף אין דער רעוואָלוציע, מיט גוואַלד צו דער־

שטיקען די געגנער, איז עס דאָך א ריינער אונזין צו ריידען וועגען א פרייען פאָלקס־שטאַאַט: אזוי לאַנג ווי דער פּראָ־לעטאַריאַט נ ו י ט י ג ט ז י ך נ אָ ך אין דעם שטאַאַט, דארף ער דעם שטאַאַט ניט אין די אינטערעסען פון פרייהייט, נאָר כדי מיט זיין הילף צו דערשטיקען זיינע געג־נער, און ווען עס וועט מעגליך זיין צו ריידען וועגען פריי־הייט, וועט קיין שטאַאַט, אלס אַזעלכער, ניט זיין. מיר וואָלטען דערפאר פאָרגעשלאָגען, אַז אומעטום, וואו עס קומט דאָס וואָרט ש ט א א ט, זאָל עס פארביטען ווערען אויף — „געמיינדע", א פרעכטיג אַלט דייטש וואָרט, וואָס ענט־שפּרעכט דעם פראַנצויזישען וואָרט „קאָמונע".

אָט די ווערטער פון ענגעלס'ען, ווען מען פארגלייכט זיי מיט מארקס'עס אויבענדערמאָנטען ווערק („די קריטיק פון גאָטהע'ר פּראגראם", א בריעף צו בראַקע'ן), לאָזען דעם איינדרוק אז מארקס איז א סך מעהר א „שטאַאַטסמאַן" ווי ענגעלס, און אז דער אונ־טערשייד צווישען די בליקען פון דיביידע שרייבער אויף דעם שטאַאַט איז גאַנץ באַדייטענד.

ענגעלס שלאָגט פאָר בעבעל'ן אינגאַנצען אויפצוהערען פּלוי־דערען וועגען שטאַאַט, ארויסצוואַרפען דאָס וואָרט „שטאַאַט" פון דער פּראָגראַם און אַוועקשטעלען אויף זיין פּלאַץ דאָס וואָרט „געמיינדע"; ענגעלס זאָגט זאָגאַר, אז די קאָמונע איז שוין ניט געוועזען קיין שטאַאַט אין דעם גענויען זין פון וואָרט. מארקס אָבער רעדט וועגען „דער צוקונפטיגער שטאַאַטס־סיסטעם פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט", דאָס הייסט, עס קומט אויס, אזוי ווי ער וואָלט אַנערקענט די נויטווענדיגקייט פון דעם שטאַאַט אַפילו אין א קאָמוניסטישער אָרדנונג.

אָבער אזא קוק וואָלט זיין אין גרונד פאַלש. א נאָהענטערע באַטראַכטונג ציינט אונז, אז מארקס'עס און ענגעלס'עס בליקען אויף דעם שטאַאַט און זיין אָפּשטאַרבען פאַלען פאָלשטענדיג צו־זאַמען, און אז מארקס'עס אויבענדערמאָנטער אויסדרוק באַציהט זיך טאַקי אויף דעם אָפּשטאַרבענדען שטאַאַט.

עס איז קלאָר, אז מען קען ניט רעדען וועגען א באַשטימטען מאָמענט פון צ ו ק ו נ פ ט י ג ע ן אָפּשטאַרבען, בפרט נאָך

װעג דאָס מוז זיין א דויערהאפטער פּראָצעס. דער אויגענשיינ־ליכער אונטערשייד צווישען מארקס'ען און ענגעלס'ען ערקלערט זיך דורך די פארשיידענע טעמען, וואָס זיי האָבען פאר זיך גע־נומען, אין די אויפגאבען, וואָס זיי האָבען פאָרפאָלגט. ענגעלס שטעלט זיך אלס זיין אויפגאבע בולט און אין ברייטע שטריכען צו צייגען בעבעל'ן דעם גאנצען אבסורד פון די פארשפּרייטע פאר־אורטיילען (אין וועלכע לאסאל האט געהאט נישט קיין קליינעם חלק) וועגען שטאאט. מארקס באריהרט די דאָזיגע פראגע בלויז פארבייגעהענדיג און אינטערעסירט זיך מיט אנאנ־דער טעמא: די ענטוויקלונג פון דער קאָמוניסטי־שער געזעלשאפט.

מארקס'עס גאנצע טעאָריע איז די אָנווענדונג פון דער טע־אָריע פון עוואָלוציע (ענטוויקלונג) אין איהר קאָנזעקווענסטער, דורכגעטראכטעסטער און אינהאלט־רייכסטער פאָרם — צו דעם מאָדערנעם קאפּיטאליזם. עס איז נאטירליך, אז פאר מארקס'ען איז ענטשטאנען די פראגע וועגען אָנווענדען די דאָזיגע טעאָריע צו דעם קומענדען קראך פון דעם קאפּיטאליזם און צו דער צוקונפטיגער ענטוויקלונג פון צוקונפטי־גען קאָמוניזם.

אויף דעם גרונד פון וועלכע פאקטען קען מען, אלזאָ, אוועק־שטעלען די פראגע וועגען דער צוקונפטיגער ענטוויקלונג פון דעם צוקונפטיגען קאָמוניזם?

אויף דעם גרונד פון דעם, וואָס ער קומט אַרויס פון דעם קאפּיטאליזם, ענטוויקעלט זיך היסטאָריש פון דעם קאפּי־טאליזם, איז א רעזולטאט פון דער ווירקונג פון א סאָציאלער קראפט, וועלכע איז געבוירען געוואָרען פון דעם קאפּיטאליזם. מארקס מאכט ניט דעם מינדסטען פארזוך צו באשאפען אוטאָפּיען, צו טרעפען גלאט אין דער וועלט אריין וועגען זאכען, וואָס זיינען אומבאוואוסטבאר. מארקס שטעלט אוועק די פראגע וועגען קאָמוניזם ווי א נאטור־פאָרשער וואָלט אוועקגעשטעלט די פראגע פון דער ענטוויקלונג, לאָמיר זאָגען, פון א נייעם ביאָלאָגישען מין, וויסענדיג, אז ער איז ענטשטאנען אויף אזא און אזא אופן און ענטוויקעלט זיך אין אזא און אזא ריכטונג.

צום אַלעם ערשטען באַווייזט מאַרקס דעם גאַנצען פּלאַנטער, וואָס איז אַריינגעטראָגען געוואָרען פון דער גאָטהע־פּראָגראַם אין דער פראַגע וועגען דער געגענזייטיגער באַציהונג צווישען דעם שטאַאַט און דער געזעלשאַפט.

„...די מאָדערנע געזעלשאַפט, — שרייבט ער, — איז אַ קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט, וואָס עקזיסטירט אין אַלע ציוויליזירטע לענדער, מעהר אָדער ווייניגער פריי פון דער ביימישונג פון מיטעל־אַלטערטום, מעהר אָדער ווייניגער פאַרענדערט פון די אייגעטימליכקייטען פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג פון יעדען לאַנד, מעהר אָדער ווייניגער ענטוויקעלט. דער „מאָדערנער שטאַאַט", פאַרקערט, ענדערט זיך מיט יעדער גרענעץ־ליניע. אין דער פּרייסיש־דייטשער אימפּעריע איז ער גאַנץ אַנדערש ווי אין דער שווייץ, אין ענגלאַנד גאַנץ אַנדערש ווי אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען. דער מאָדערנער שטאַאַט איז פאָלגליך, אַ פיקציע.

„אָבער ניט קוקענדיג אויף דער פאַרשידענאַרטיגקייט פון זייערע פאָרמען, האָבען די פאַרשידענע שטאַאַטען פון די פאַרשידענע ציוויליזירטע לענדער דעם געמיינשאַפטליכען שטריך, וואָס זיי שטעהען אַלע אויף דעם באָדען פון דער בורזשואזער געזעלשאַפט, מעהר אָדער ווייניגער קאַפּיטאַליסטיש ענטוויקעלט. זיי האָבען דאַריבער אייניגע געמיינשאַפטליכע וועזענטליכע כאַראַקטער־שטריכען. אין דעם דאָזיגען זין קען מען רעדען וועגען דער מאָדערנער „שטאַאַטס־סיסטעם" אין קאָנטראַסט מיט דער צוקונפט, ווען עס וועט אָפּשטאַרבען איהר איצטיגער וואָרצעל, די בורזשואזע געזעלשאַפט.

„די פראַגע שטעלט זיך דאַן אַזוי: „וואָס פאַר אַ פאַרענדערונג וועט דער שטאַאַט דורכמאַכען אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט? אין אַנדערע ווערטער: וועלכע געזעלשאַפטליכע פונקציעס וועלען דאַן פאַרבלייבען, וואָס זיינען אַנאַלאָגיש צו די מאָדערנע פונקציעס פון שטאַאַט? אויף דער דאָזיגער פראַגע קען מען געבען בלויז אַ וויסענשאַפטליך באַגרינדעטען ענטפער; אין וויפיעל טויזענדער מאָל מען זאָל ניט צוזאַמענפּאָרען דאָס וואָרט „פאָלק" מיט

דעם וואָרט „שטאַאט“, וועט עס אויף אַ האָר ניט העלפען לייזען די פראַגע“.

נאַכדעם ווי ער לאַכט זיך אַזוי אַרום אויס פון די אַלע רייד וועגען אַ „פאָלקס־שטאַאט“, שטעלט מאַרקס אַוועק די פראַגע מיט דער וואַרנונג, אַז אום צו געבען אַ וויסענשאַפטליכען ענטפער אויף איהר, מוז מען זיך באַנוצען בלויז מיט וויסענשאַפטליך פעסטגע־שטעלטע פאַקטען.

דאָס ערשטע, וואָס איז גאַנץ גענוי פעסטגעשטעלט געוואָרען פון דער עוואָלוציאָנס־טעאָריע, פון דער וויסענשאַפט אין אַלגעמיין, — און וואָס עס האָבען פאַרגעסען די אוטאָפּיסטען און עס פאַר־געסען די היינטיגע אָפּאָרטוניסטען, וועלכע האָבען מורא פאַר אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, — איז, דאָס עס מוז זיין אַ באַזונ־דער סטאַדיע, אַ באַזונדער שטאַפעל פון **איבערגאַנג** פון קאַפּיטאַליזם צו קאָמוניזם.

2. דער איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו קאָמוניזם.

„...צווישען דער קאַפּיטאַליסטישער און קאָמוניסטישער גע־זעלשאַפט — שרייבט מאַרקס ווייטער, — ליגט אַ פּעריאָדע פון דעוואָלוציאָנערער פאַרוואַנדלונג פון דער ערשטער אין דער צווייטער. דער דאָזיגער פּעריאָדע ענטשפּרעכט אויך די פּאָליטישע איבער־גאַנגס־פּעריאָדע, און דער שטאַאט אין דער דאָזיגער פּעריאָדע קען ניט זיין אַנדערש ווי אַ **רעוואָ־לוציאָנערע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט**.

דער דאָזיגער שלוס איז ביי מאַרקס'ען באַגרינדעט אויף דעם אַנאַליז פון דער ראָל, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט שפּיעלט אין דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אויף די באַוואוסטע פאַקטען און אומשטענדען פון דער ענטוויקלונג פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט און אויף דער אומעגליכקייט אויסצוגלייכען די אַנטקעג־נענגעזעצטע אינטערעסען פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דער בור־זשואַזיע.

פריהער האָט מען די פראַגע אַוועקגעשטעלט אויף אַזאַ אופן: אום זיך צו דערשלאָגען צו זיין באַפרייאונג, מוז דער פּראָלעטאַ־

ריאַט אָרגאַניזירן, אַרונטערוואַרפן די בורזשואַזיע, אויסקעמפן פּאָליטישע מאַכט און איינפירן זיין רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור.

איצט שטעלט מען די פראַגע אַוועק עטוואָס אַנדערש: דער איבערגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס ענטוויקעלט זיך אין דער ריכטונג פון קאָמוניזם, צו אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט איז אוממעגליך אָהן אַ „פּאָליטישער איבערגאַנגס־פּעריאָדע“, און דער שטאַאַט פון דער דאָזיגער פּעריאָדע קען זיין בלויז די רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

וואָס־זשע פאַר אַ שייכות האָט די דאָזיגע דיקטאַטור צו דער דעמאָקראַטיע?

מיר האָבען געזעהן, אַז דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט“ שטעלט פּשוט אַוועק זייט ביי זייט צוויי באַגריפען: „די פאַרוואַנדלונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ הערשענדען קלאַס“, און דאָס „אויסקעמפען פון דעמאָקראַטיע“. אויף דעם גרונד פון דער ביז־אַהעריגער אָפּהאַנדלונג קען מען גענויער באַשטימען ווי אַזוי עס ענדערט זיך די דעמאָקראַטיע אין דעם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו קאָמוניזם.

אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, ווען זי ענטוויקעלט זיך אויף אַ גינסטיגען אופן, האָבען מיר אַ מעהר אָדער ווייניגער פאָלשטענדיגען דעמאָקראַטיזם אין אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק. אָבער דער דאָזיגער דעמאָקראַטיזם איז אימער איינגעפּאַסט אין די ענגע ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע און איז דאַריבער אין עצם אימער אַ דעמאָקראַטיזם פאַר אַ מינדערהייט, בלויז פאַר די פאַרמעגליכע קלאַסען, פאַר די רייכע. די פרייהייט אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט פאַרבלייבט אימער אומגעפעהר אַזאַ, ווי די פרייהייט אין די אַלטע גריכישע רעפּובליקען — פרייהייט פאַר די שקלאַפען־איינגענטימער. די מאָדערנע געדונגענע שקלאַפען זיינען, צוליעב די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, אַזוי צודריקט פון נויט און אָרימקייט, אַז זיי „ליגט ניט אין קאָפּ“ ניט קיין „דעמאָקראַטיע“ און ניט קיין „פּאָליטיק“, און אין דעם געוועהנליכען, רוהיגען גאַנג פון פּאַסירונגען שטעהט די מערהייט פון דער באַפעלקערונג אויסער דעם אַקטיווען געזעלשאַפטליכען און פּאָליטישען לעבען.

די ריכטיגקייט פון דער דאָזיגער באהויפטונג ווערט פיליכט אַם שאַרפסטען באשטעטיגט אין דייטשלאַנד, גראַדע דערפאַר, וואָס אין דעם דאָזיגען שטאאַט איז די קאָנסטיטוציאָנעלע לעגאַליטעט געווען מערקווירדיג שטאַנדהאַפט און האָט געדויערט מערקווירדיג לאַנג, כמעט א האַלבען יאהרהונדערט (1871—1914), און די סאָציאַל דעמאָקראַטיע האָט אין פאַרלויף פון דער דאָזיגער צייט אויפגעטאָן מעהר ווי אין אַנדערע לענדער, אויף דעם געביעט פון „אויסנוצען די לעגאַליטעט“ פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון א גרוי־סער טייל פון די ארבייטער אין א פאָליטישער פאַרטיי.

ווי גרויס איז אָבער די צאָהל פון די פאָליטיש־באוואוסטזי־ניגע און טעטיגע לוין־שקלאַפען אין דייטשלאַנד, אין דעם לאַנד, וואָס פאַרמאָגט דעם גרעסטען פּראָצענט פון אַזעלכע ארבייטער? אַיין מיליאָן מיטגלידער פון דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — פון פופצעהן מיליאָן לוין־ארבייטער! דריי מיליאָן עקאָנאָמיש־אָרגאַניזירטע (אין געווערקשאפטען) — פון פופצעהן מיליאָן!

דעמאָקראַטיע פאַר א נישטיג־קליינער מינדערהייט, דעמאָ־קראַטיע פאַר די רייכע — אָט דאָס איז דער דעמאָקראַטיזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. ווען מען קוקט זיך צו נעהנ־טער צום מעכאַניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער דעמאָקראַטיע, זעהט מען איבעראַל סיי אין די „קליינע“ — כלומרשט קליינע — איינצעלהייטען פון דעם וואהל־רעכט (די מינימום צייט, וואָס פאָדערט זיך פאַר א וועהלער צו וואוינען אין דעם וואהל־געגענד, די אויסשליסונג פון פרויען, א. ז. וו.), סיי אין דער טעכניק פון די פאַרלאַמענטאַרישע אינסטיטוציעס, סיי אין די פּאַקטישע שטער־רונגען פאַר פאַרזאַמלונגס־רעכט (געזעלשאַפטליכע געביידעס זיינען ניט פאַר „בעטלער“), סיי אין דער ריין־קאַפּיטאַליסטישער אָרגאַני־זאַציע פון דער טעגליכער פּרעסע, א. ז. וו., א. ז. וו. — אין די אַלע זאַכען זעהט מען אַלץ באגרענצונגען און באגרענצונגען פון דע־מאָקראַטיזם. די דאָזיגע באגרענצונגען, באשרענקונגען, שטערונ־גען, אויסשליסונגען, זעהען אויס קליין, — באזונדערס אין די אויגען פון די, וואָס האָבען אַליין קיינמאָל קיין נויט ניט געליטען און זיינען מיט דעם לעבען פון די אונטערדריקטע מאַסען נאָהענט ניט באַקאַנט (און ניין צעהנטלאַך, אויב ניט ניין און ניינציג הונ־

דערטלעך פון די בורזשואַזע פּובליציסטען און פּאָליטיקער זיינען פון דעם דאָזיגען סאָרט), — אָבער צוזאַמענגענומען שליסען די דאָזיגע באַגרענצונגען אויס די אָרימע טייל פון דער באַפעלקערונג פון אַן אַקטיווען אנטייל אין דער דעמאָקראַטיע.

מאַרקס האָט אויסגעצייכענט גוט אונטערגעכאַפּט; דעם *עצם* פון דער קאַפּיטאַליסטישער דעמאָקראַטיע, ווען ער האָט געזאָגט אין זיין אַנאַליז פון דעם עקספּערימענט פון דער קאָמונע: אַלע עטליכע יאָהר ערלויבט מען די אונטערדריקטע צו באַשטימען, וועלכער פון די פאָרשטעהער פון דעם אונטערדריקענדען קלאַס זאָל זיי אין פּאַרלאַמענט פאַרטרעטען און אונטערדריקען!

אָבער פון דער דאָזיגער קאַפּיטאַליסטישער דעמאָקראַטיע, — אונפאַרמיידליך שמאָהלער, וואָס שטויסט אָפּ די אָרימע קלאַסען דורך פאַרשיידענע הינטער־וועגען, און וואָס איז דאַריבער דורך און דורך ליגנעריש און היפּאָקריטיש, — געהט די ענטוויקלונג ניט פּאָר־אויס אויף אַן איינפאַכען, דירעקטען, גלאַטען אופן, ווי די זאַך ווערט פאָרגעשטעלט פון ליבעראַלע פּראָפעסאָרען און קליין־בורזשואַזע אָפּאָרטוניסטען. ניין. די ענטוויקלונג פאָרווערטס, דאָס הייסט, צום קאָמוניזם, געהט דורך דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און קען אַנדערש ניט געהן, ווייל עס איז ניטאָ קיין אַנדער קלאַס, וואָס זאָל *צוברעכען דעם ווידערשטאנד* פון די קאַפּיטאַליסטען־עקספּלואַטאַטאָרען, און עס איז ניטאָ קיין אַנדער וועג, ווי דאָס צו טאָן.

און די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט, דאָס הייסט, דאָס אָרגאַניזירען זיך פון דעם אַוואַנגאַרד פון די אונטערדריקטע אין דעם הערשענדען קלאַס צו אונטערדריקען די אונטערדריקער, ברענגט מיט זיך אַ סך מעהר ווי די פאַרברייטערונג פון דעמאָקראַטיע. *צוזאַמען* מיט אַן אונגעהייערער פאַרברייטערונג פון דעם דעמאָקראַטיזם, וואָס ווערט *צום ערשטען מאָל* דער דעמאָקראַטיזם פאַר די אָרימע, פאַר דעם פאָלק און ניט פאַר די רייכע, גיט די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַ רייהע באַגרענצונגען פון פרייהייט אין באַצוג צו די רייכע, די עקספּלואַטאַטאָרען, די קאַפּיטאַליסטען. זיי מוזען מיר אונטערדריקען, אום צו באַפרייען די מענשהייט פון לוין־שקלאַפעריי, זייער ווידערשטאַנד

מוז מען צוברעכען מיט גוואַלד, — און עס איז קלאָר, אַז דאָרט, וואו עס איז דאָ אונטערדריקונג, וואו עס איז דאָ גוואַלד, — דאָרט איז נישטאָ קיין פרייהייט, נישטאָ קיין דעמאָקראַטיע.

ענגעלס האָט דאָס זעהר גוט אויסגעדריקט אין זיין בריעף צו בעבעל'ען, ווען ער האָט געזאָגט, אַז „ער נויטיגט זיך אין שטאַאַט ניט אין די אינטערעסען פון פרייהייט, נאָר אום צו אונטערדריקען זיינע געגנער, און ווען מען וועט קענען רעדען וועגען פרייהייט, — דאַן וועט קיין שטאַאַט ניט זיין".

דעמאָקראַטיע פאַר דער גרויסער מערהייט פון פאָלק און די אונטערדריקונג, דורך גוואַלד, פון די עקספּלואַטאַטאָרען, די אונטער־דריקער פון פאָלק, — אָט אַזאַ איז די פאַרענדערונג פון דער דע־מאָקראַטיע אין דער פעריאָדע פון איבערגאַנג פון קאַ־פּיטאַליזם צו קאָמוניזם.

בלויז אין אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, ווען דער ווידער־שטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטען איז שוין אינגאַנצען געבראָכען, ווען די קאַפּיטאַליסטען זיינען פאַרשוואונדען, ווען עס זיינען שוין נישטאָ קיין קלאַסען (דאָס הייסט, קיין אונטערשיעד צווישען די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט וואָס אַנבאַלאַנגט זייער שייכות צו די געזעל־שאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־מיטעל), בלויז דאַן פאַר־שווינדט דער שטאַאַט און מען קען רעדען וועגען פרייהייט! בלויז דאַן איז מעגליך און עס וועט פאַרווירקליכט ווערען אמת'ע פולע דעמאָקראַטיע, אָהן קיינע אויסנאַהמען און באַגרענצונגען. און בלויז האַן וועט די דעמאָקראַטיע אָנהויבען אָפּשטאַרבען פשוט דערפאַר, וואָס די מענשען, באַפרייט פון דער קאַפּיטאַליס־טישער שקלאַפעריי, פון די אונענדליכע שרעקליכקייטען, ווילדקיי־טען, אַבסורדען, נידערטרעכטיגקייטען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, וועלען זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינען אָפּצוהיטען די עלעמענטאַרע רעגלען פון צוזאַמענלעבען, רעגלען, וואָס זיינען באַקאַנט זייט טויזענדער יאָהרען און וואָס ווערען זייט טויזענדער יאָהרען ווידערהאָלט אין אַלערליי פאַרשריפטען. די מענשען וועלען זיך צוגעוואוינען אָפּצוהיטען די דאָזיגע נויטיגע רעגלען אָהן צוואַנג־מאַכט, אָהן אַ ספּעציעלען צוואַנג־אַפּאַראַט, וואָס מען רופט שטאַאַט.

דער אויסדרוק „דער שטאַאַט שטאַרבט אָפּ“ איז זעהר געלונגען אויסגעקליבען, ווייל ער ווייזט אָן אויף דעם שטופּענווייזען כאַראַקטער פון דעם פּראָצעס און אויף זיין סטיכיאישען און אונפאַרמיידליכען כאַראַקטער. בלויז געוואוינהייט קען און וועט האָבען אַזאַ ווירקונג, ווייל מיר זעהן אַרום זיך מיליאָנען ביישפּיעלען, ווי לייכט מענשען געוואוינען זיך איין אָפּצוהיטען די נויטיגע רעגלען פון צוזאַמענלעבען, אויב עס איז ניטאָ קיין עקספּלואַטאַציע, אויב עס איז ניטאָ גאָרניט אַזוינס, וואָס רופט אַרויס ביי זיי ענטריסטונג, פּראָטעסט און אויפשטאַנד, און באַשאַפט די נויטווענדיגקייט צו אונטערדריקען.

אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט האָבען מיר, אַלזאָ, אַ באַשניטענע, אָרימע און פאַלשע דעמאָקראַטיע, אַ דעמאָקראַטיע בלויז פאַר די רייכע, פאַר אַ מינדערהייט. די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט, די פּעריאָדע פון איבערגאַנג צום קאָמוניזם, וועט צום ערשטען מאָל איינפיהרען אַ דעמאָקראַטיע פאַר דעם פאָלק, פאַר דער מערהייט, זייט ביי זייט מיט דער נויטיגער אונטערדריקונג פון דער מינדערהייט, די עקספּלואַטאַטאָרען. בלויז קאָמוניזם איז אימשטאַנד צו געבען אַ ווירקליכע, פאָלשטענדיגע דעמאָקראַטיע, און וואָס פאָלשטענדיגער זי איז, אַלץ מעהר נוצלאָז וועט זי ווערען, און אַלץ גיכער וועט זי אָפּשטאַרבען פון זיך אַליין.

אין אַנדערע ווערטער: אונטער קאַפּיטאַליזם האָבען מיר אַ שטאַאַט אין דעם ספּעציפישען זין פון וואָרט, אַ באַזונדער מאַשין פאַר איין קלאַס צו אונטערדריקען אַ צווייטען, און דערצו נאָך פאַר דער מינדערהייט צו אונטערדריקען די מערהייט. עס איז פאַרשטענדליך, אַז אום צו האָבען ערפאָלג אין אַזאַ זאַך ווי די סיסטעמאַטישע אונטערדריקונג פון דער עקספּלואַטירטער מערהייט מצד דער עקספּלואַטירענדער מינדערהייט, מוז מען אָנווענדען עקסטרעמע גרויזאַמקייט, ברוטאַלע אונטערדריקונג, טייכען בלוט, דורך וועלכע די מענשהייט מאַכט טאַקע דורך איהר וועג אין דעם צושטאַנד פון שקלאַפעריי, לייב־אייגענטום און לוין־אַרבייט.

ווייטער, בעת דעם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו קאָמוניזם איז אונטערדריקונג נאָך אַלץ נויטיג, אָבער דאָס איז שוין די אונטערדריקונג פון דער עקספּלואַטירענדער מינ־

דערהייט מצד דער עקספּלואַטירטער מערהייט. אַ באַזונדערער אַפּאַראַט, אַ ספּעציעלע אונטערדריקונגס־מאַשין, אַ „שטאַאט", איז נאָך אַלץ נויטיג, אָבער דאָס איז שוין אַן איבער־גאַנגס־שטאַאט, דאָס איז שוין ניט דער שטאַאט אין דעם אָנגענו־מענעם זין פון וואָרט, ווייל פאַר דער מערהייט פון די לוין־שקלאַפען פון נעכטען צו אונטערדריקען די מינדערהייט פון די עקס־פּלואַטאַטאָרען איז פאַרהעלטניסמעסיג אַזאַ גרינגער, איינפאַכער, און נאַטירליכער פּראָצעס, אַז ער וועט קאָסטען פיעל ווייניגער בלוט איידער די אונטערדריקונגען פון אויפשטאַנדען פון די שקלאַפען, די לייב־אייגענע, די לוין־אַרבייטער, און וועט אַרום און אַרום קאָסטען דער מענשהייט אַ סך ביליגער. און דער דאָזיגער פּראָ־צעס געהט אָן האַנד ביי האַנד מיט אַזאַ ברייטער פאַרשפּרייטונג פון דעמאָקראַטיע אויף דער גרויסער מעהרהייט פון דער באַפעל־קערונג, אַז די נויטווענדיגקייט פאַר אַ באַזונדערער מאַ־שין פון אונטערדריקונג וועט פון זיך אַליין פאַרשווינדען. די עקספּלואַטאַטאָרען זיינען, נאַטירליך, ניט אימשטאַנד צו אונטער־דריקען דאָס פאָלק אָהן אַ קאָמפּליצירטער מאַשין, וואָס זאָל דורכ־פיהרען די דאָזיגע אויפגאַבע, אָבער דאָס פאָלק קען אונטער־דריקען די עקספּלואַטאַטאָרען מיט דער הילף פון אַ גאַנץ איינ־פאַכער „מאַשין", כמעט אין גאַנצען אָהן אַ מאַשין, אָהן אַ באַזונ־דער אַפּאַראַט, בלויז דורך דער אָרגאַניזאַציע פון די באַוואַפענטע מאַסען (ווי די סאָוועטען פון אַרבייטער־ און סאָלדאַטען־דעפּוטאַ־טען — לאָמיר דאָ באַמערקען, פאָרלויפענדיג פּאָראַוים).

און, לעצטענס, וועט בלויז דער קאָמוניזם פיהרען צו אַ פאָל־שטענדיגער נוצלאָזיגקייט פון דעם שטאַאט, ווייל עס וועט ניט זיין וועמען צו אונטערדריקען, „עס וועט ניט זיין וועמען", אין דעם זין פון אַ קלאַס, אין דעם זין פון אַ סיסטע־מאַטישען קאַמף מיט אַ געוויסער טייל פון דער באַפעלקערונג. מיר זיינען ניט קיין אוטאָפּיסטען און מיר לייקענען גאָרניט אָפּ די מעגליכקייט און אונפאַרמיידליכקייט פון עקסצעסען פון איינ־צעלנע פּערזאָנען, און אויך ניט די נויטווענדיגקייט צו אונטער־דריקען אַזעלכע עקסצעסען. אָבער ערשטענס דאַרף מען אויף דע־רויף ניט קיין ספּעציעלע מאַשין, קיין ספּעציעלען אונטערדריקונגס־

אפּאַראַט, דאָס וועט געטאָן ווערען פון דעם באוואפּענטען פאָלק אליין איינפאַך און לייכט, אזוי ווי וועלכע ס'ניט איז מענגע ציוויליזירטע מענשען אפילו אין דער היינטיגער געזעלשאפט רייסט פאנאנדער מענשען אין אַ געשלעג, אָדער לאָזט ניט צו פארגוואל־דיגען אַ פרוי. און, צווייטענס, ווייסען מיר, אז די סאָציאלע גרונד־אורזאַכע פון עקסצעסען, וואָס באשטעהען אין איבערטרעטען די רעגלען פון צוזאמענלעבען, איז די עקספּלואַטאַציע פון די מאַ־סען, זייער נויט און עלענד. מיט דעם באזייטיגען פון דער דאָ־זיגער גרונד־אורזאַכע, וועלען עקסצעסען פון זיך אליין אָנהויבען „אָפּשטאַרבען". מיר ווייסען ניט ווי שנעל, אָבער זיי וועלען אָפּ־שטאַרבען. מיט זייער אָפּשטאַרבען וועט אויך אָ פּ ש ט אַ ר ב ע ן דער שטאַאַט.

זיך ניט אריינלאָזענדיג אין אוטאָפּיען, האָט מארקס גאַנץ אויספיהרליך באשטימט דאָס, וואָס מען קען איצט באשטימען וועגען דער דאָזיגער צוקונפט, נעמליך — די אָנמערקונג פון אַ נידעריגערער און העכערער פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעל־שאפט.

### 3. די ערשטע פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט

אין זיין „קריטיק פון דער גאָטהע פּראָגראַם" שטרייט מארקס אָפּ לאַסאַל'ס אידעע, אז די ארבייטער וועלען אונטער דעם סאָ־ציאליזם קריגען דעם „נישט אָפּגעשניטענעם" אָדער „פולען פּראָ־דוקט פון זייער ארבייט". מארקס ווייזט אָן, אז פון דער גאנצער סומע געזעלשאפטלכער ארבייט, וואָס ווערט געטאָן פון דער גאנ־צער געזעלשאפט, מוז מען ארונטעררעכענען אי אַ רעזערוו־פאָנד, אי אַ פאָנד פאַר דער פארברייטערונג פון פּראָדוקציע, אי פאַר רע־פּראָדוצירען אָפּגעניצטע מאשינען א. ז. וו. און פון די געברויך־ארטיקלען — אַ פאָנד פאַר אויפהאַלטען געזעלשאפטליכע אנ־שטאַלטען, שולען, האָספּיטעלער, היימען פאַר אַלטע א. ז. וו.

אָנשטאָט לאַסאַל'ס נעבעלהאפטער, אלגעמיינער פראזע („דעם ארבייטער — דער פולער פּראָדוקט פון זיין ארבייט") גיט מארקס אַ ניכטערען חשבון פון דעם, ווי אזוי די סאָציאליסטישע געזעל־שאפט וועט זיין געצוואונגען צו פיהרען איהר ווירטשאפט. מארקס

טרעט צו צום ק אָ נ ק ר ע ט ע ן אַנאַליז פון די לעבענס־באַדינ־גונגען פון אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער עס וועט ניט זיין קיין קאַפּיטאַליזם, און זאָגט אין באַצוג צו דעם:

„מיר האָבען דאָ צו טאָן (אין אַנאַליזירען די פּראָגראַם פון דער אַרבייטער פּאַרטיי) „ניט מיט אַ קאָמוניסטישער גע־זעלשאַפט, וואָס האָט זיך ע נ ט וו י ק ע ל ט אויף איהר איינענעם באָדען, נאָר מיט אַזאַ, וואָס גיהט ערשט אַרויס פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און וואָס טראָגט נאָך דעריבער אין אַלע הינזיכטען — עקאָנאָמישע, מאָראַלע און אינטעלעקטועלע — דעם שטעמפּעל פון דער אַלטער גע־זעלשאַפט, פון וועלכער זי איז אַרויסגעקומען."

אָט די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, וועלכע איז נאָר־וואָס אַרויס אויף דער ליכטיגער וועלט פון די געדערים פון דעם קאַפּיטאַליזם, וועלכע טראָגט אין אַלע הינזיכטען דעם שטעמפּעל פון דער אַלטער געזעלשאַפט, רופט מאַרקס אָן די „ערשטע" אָדער נידעריגערע פאַזע פון דער קאָמונסטישער געזעלשאַפט.

די פּראָדוקציאָנס־מיטלען זיינען שוין ניט מעהר דאָס פּריוואַט־איינענטום פון איינצעלנע פּערזאָנען. די פּראָדוקציאָנס־מיטלען געהערען דער גאַנצער געזעלשאַפט. יעדער מיטגליעד פון דער גע־זעלשאַפט, ערפילענדיג אַ געוויסע טייל פון געזעלשאַפטליך־נויט־טיגער אַרבייט, קריגט אַ קוויטאַנציע פון דער געזעלשאַפט, פאַר אַזאַ און אַזאַ קוואַנטיטעט געטאָנענער אַרבייט. אויף דער דאָזיגער קוויטאַנציע קריגט ער פון די געזעלשאַפטליכע געוועלבען אַן ענט־שפּרעכענדע קוואַנטיטעט געברויך־פּראָדוקטען. אַרונטעררעכענענ־דיג, הייסט עס, די קוואַנטיטעט אַרבייט וואָס גיהט פאַר דעם געזעלשאַפטליכען פאָנד, קריגט יעדער אַרבייטער פון דער געזעל־שאַפט פונקט אַזוי פיעל וויפיעל ער האָט איהר געגעבען.

עס הערשט, דאַכט זיך, „גלייכהייט".

אָבער ווען לאַסאַל, האָבענדיג אין זינען אַזאַ געזעלשאַפטליכע איינאָרדנונג (וואָס מען רופט געוועהנליך סאָציאַליזם און וואָס מאַרקס רופט די ערשטע פאַזע פון קאָמוניזם) זאָגט, אַז דאָס איז אַ „גערעכטע פאַנאַנדערטיילונג", אַז דאָס איז „דאָס גלייכע רעכט

פון יעדען איינעם אויף אַ גלייכען פּראָדוקט פון ארבייט", האָט ער אַ טעות, און מארקס קלעהרט אויף זיין טעות.

„אַ גלייך רעכט" — זאָגט מארקס — האָבען מיר דאַ טאַקי, אָבער דאָס איז נאָך אַ בורזשואזע רעכט", וואָס איז באַזירט אויף אונגלייכהייט, ווי יעדע רעכט איז. יעדע רעכט איז די אָנווענדונג פון דעם זעלבען מאסשטאב אויף פארשיעדענע מענשען, וועלכע זיינען אין דער ווירקליכקייט נישט גלייך איינע צו די אנדערע, און דעריבער איז דאָס „גלייכע רעכט" אַן אונגלייכהייט און אונגערעכטיגקייט. אין דער ווירקליכקייט קריגען אלע אַ גלייכע טייל פון דער געזעלשאפטליכער פּראָדוקציע, האָבענדיג געלייסטעט אַ גלייכע מאָס ארבייט.

אָבער ניט אלע מענשען זיינען גלייך. איינער איז שוואכער, אנאַנדערער — שטארקער. איינער איז פארהייראט, אנאנדערער ניט. איינער האָט אַ סך קינדער, אנאַנדערער — ווייניג א. ז. וו.

„גלייכע ארבייט" — ציהט מארקס דעם שלום, — און, פאָלגליך, אַ גלייכער איינטייל אין דעם געזעלשאפטליכען געברויך־פאָנד, מיינט, אז איינער קריגט אין דער אמת'ען מעהר ווי אַ צווייטער, איז רייכער פאר'ן צווייטען א. ז. וו.; אום דאָס אלעם אויסצומיידען דארף דאָס רעכט זיין אונגלייך אַנשטאַט גלייך".

דאָס מיינט, אַז די ערשטע פאזע פון קאָמוניזם קען נאָך ניט געבען קיין גערעכטיגקייט און גלייכהייט. דער אונטערשיעד אין פארמעגען וועט נאָך פארבלייבען, און דאָס וועט זיין אַן אונגערעכטער אונטערשיעד. עס וועט אָבער זיין אוממעגליך פאר איין מענשען צו עקספּלואַטירען אַ צווייטען, ווייל עס איז אין דער דאָזיגער פאזע פון קאָמוניזם אוממעגליך צו פארכאפּען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, די פאבריקען, מאשינען, לאַנד און אנדער פּריוואט אייגענטום. נאָכדעם ווי ער צוקלאַפּט לאַסאַל'ס קליין־בורזשואזע און נעבעלהאפטע פּראַזע וועגען „גערעכטיגקייט" און „גלייכהייט" אין אלגעמיין, דייטעט מארקס אָן דעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט, וועלכע וועט זיין געצוואונגען צוערשט צו

פאַרניכטען בלויז די „אונגערעכטיגקייט", וואָס די פּראָדוקציאָנס־מיטלען זיינען פאַרכאַפּט געוואָרען פון איינצעלנע פּערזאָנען, און וועלכע איז נ י ט א י מ ש ט א נ ד מיט אַ מאָל צו פאַרניכטען די ווייטערע אונגערעכטיגקייט, וואָס באַשטעהט אין דעם פאַנאַנ־דערטיילען פון די געברויך־אַרטיקלען „לויט דער אַרבייט" (און ניט לויט די באַדערפנישען).

די וואולגאַרע עקאָנאָמיסטען, אַריינרעכענענדיג די בורזשואַ־זע פּראָפעסאָרען, „אונזער" טוגאַן־באַראַנאָווסקי בתוכם, מאַכען אַלע מאָל פאַרוואורפען די סאָציאַליסטען, אַז זיי פאַרגעסען וועגען דער „אונגלייכהייט" פון מענשען און „טרוימען" צו פאַרניכטען די דאָזיגע אונגלייכהייט. אַזאַ פאַרוואורף, ווי מיר זעהען, באַ־ווייזט נאָר די עקסטרעמע אונוויסענהייט פון די הערען בורזשואַזע אידעאָלאָגען.

מאַרקס האָט ניט נאָר גענומען אין אַנבאַטראַכט די אונ־פאַרמיידליכע אונגלייכהייט פון מענשען, ער האָט אויך גענומען אין אַנבאַטראַכט, דאָס דער איבערגאַנג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען צו דער געזעלשאַפט („סאָציאַליזם", אין דעם געוועהנ־ליכען געברויך פון וואָרט) וועט ניט ב א ז י י ט י ג ע ן די חסרונות פון פאַנאַנדערטיילונג און די אונגלייכהייטען פון דעם „בורזשואַזען רעכט", וואָס וועט אָנהאַלטען זיין ממשלה אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל די פּראָדוקטען וועלען צוטיילט „לויט דער אַרבייט".

„. . . אָבער די דאָזיגע חסרונות — זאָגט מאַקס וויי־טער — זיינען אונפאַרמיידליך אין דער ערשטער פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, אין דעם צושטאַנד, אין וועלכען זי איז, נאָך לאַנגע געבורט־וועהען, אַרויסגעקומען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. רעכט קען קיינמאָל ניט זיין העכער פון דעם עקאָנאָמישען געבוי און פון דער קולטור־רעלער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז באַזירט אויף דעם דאָזיגען געבוי."

אין דער ערשטער פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט (וואָס מען רופט געוועהנליך סאָציאַליזם) ווערט, אַלזאָ, דאָס בור־זשואַזע רעכט אָפּגעשאַפט ניט פ א ל ש ט ע נ ד י ג, נאָר בלויז

טיילוויַיז, בלויז אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל עס איז דורכגעפיהרט געוואָרען די עקאָנאָמישע איבערקעהרעניש, דאָס הייסט, בלויז אין באַצוג צו די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. דאָס „בורזשואַזע רעכט" אַנערקענט זיי אַלס דאָס פּריוואַט-אייגענטום פון איינצעלנע פּער־זאָנען. סאָציאַליזם פאַרוואַנדעלט זיי אין ג ע ז ע ל ש אַ פ ט־ל י ך אייגענטום. אויף אַ ז ו י פ י ע ל און ניט מעהר פאַלט אַוועק דאָס „בורזשואַזע רעכט".

אָבער עס פאַרבלייבט נאָך אַלץ אַלס אַ רעגוליאַטאָר (אַ באַ־שטימענדער פאַקטאָר) אין דעם פאַנאַנדערטיילען פון פּראָדוקטען און אין דעם פאַנאַנדערטיילען פון אַרבייט צווישען די מיטגלי־דער פון דער געזעלשאַפט. „ווער עס אַרבייט ניט דער טאָר ניט עסען", — דער דאָזיגער סאָציאַליסטישער פּרינציפּ איז ש ו י ן פאַרווירקליכט; „פאַר אַ גלייכער מאָס אַרבייט — אַ גלייכע מאָס פּראָדוקטען" — אויך אָט דער סאָציאַליסטישער פּרינציפּ איז ש ו י ן פאַרווירקליכט. אָבער דאָס איז נאָך ניט קיין קאָמוניזם, און דאָס באַזייטיגט נאָך ניט דאָס בורזשואַזע רעכט, וואָס גיט אַ גלייכע מאָס פּראָדוקטען פאַר אַ ניט-גלייכער (פאַקטיש ניט גלייכער) מאָס אַרבייט צו ניט גלייכע מענשען.

דאָס איז אַ „חסרון", זאָגט מאַרקס, אָבער ער איז אונפאַר־מיידליך אין דער ערשטער פאַזע פון קאָמוניזם, ווייל, אויב מען וויל ניט אַריינפאַלען אין אוטאָפּיזם, קען מען ניט דענקען, דאָס אַזוי שנעל ווי דער קאַפּיטאַליזם וועט אַרונטערגעוואָרפען ווערען, וועלען די מענשען מיט אַמאָל זיך אויסלערנען ווי צו אַרבייטען פאַר דער געזעלשאַפט אָ ה ן ש ו ם ר ע כ ט ל י כ ע נ אָ ר־מ ע ן, און אַ חוץ דעם גיט ניט די אָפּשאַפונג פון דעם קאַפּיטאַ־ליזם מ י ט אַ מ אָ ל קיין עקאָנאָמישע טעזיסען פאַר אַזאַ ענדערונג.

און קיין אַנדערע נאָרמען אויסער דעם „בורזשואַזען רעכט" זיינען ניטאָ. און אויף אַזוי פיעל פאַרבלייבט נאָך די נויט־וועגדיגקייט פון דעם שטאַאַט, וועלכער היט אָפּ דאָס געזעלשאַפט־ליך אייגענטום פון פּראָדוקציאָנס-מיטלען און גיט אַכטונג, אַז אַר־בייט און די פּראָדוקטען פון אַרבייט זאָלען פאַנאַנדערגעטיילט ווערען אין אַ גלייכער מאָס.

דער שטאַאט שטאַרבט אָפּ אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל עס זיינען שוין ניטאָ קיין קאַפּיטאַליסטען, קיינע קלאַסען, און מען קען שוין ניט אונטערדריקען וועלכען ס'ניט איז קלאַס.

אָבער דער שטאַאט איז נאָך ניט אין גאַנצען אָפּגעשטאָרבען. ווייל עס ווערט נאָך אָפּגעהיט דאָס „בורזשואַזע רעכט", וואָס סאַנקציאָנירט די פאַקטישע אונגלייכהייט. אום דער שטאַאט זאָל אינגאַנצען אָפּשטאַרבען איז פאָלשטענדיגער קאָמוניזם נויטיג.

4. די העכסטע פאָרם פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט

מאַרקס זאָגט ווייטער:

. . . „אין דער העכסטער פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, נאָכדעם ווי עס וועט פאַרשווינדען די פאַרשקלאַפּענדע אונטערוואַרפענהייט פון דעם מענשען צו דער פאַנאַנדערטיילונג פון אַרבייט; ווען עס וועט צוזאַמען מיט דעם אויך פאַרשווינדען די צווייענדיגע באַציהונג צו אינטעלעקטועלער און פיזישער אַרבייט; ווען אַרבייט וועט אויפהערען זיין בלויז א מיטעל פאַר לעבען, נאָר וועט ווערען די ערשטע באַדערפניש פון לעבען; ווען צוזאַמען מיט דער אַלזייטיגער ענטוויקלונג פון די איינצעלנע וועלען אויך אויסוואַקסען די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען, און אַלע קוואַלען פון דעם געזעלשאַפטליכען רייכטום וועלען פליסען אין פולע, האַסטיגע שטראָמען — בלויז דאַן וועט מעגליך זיין אינגאַנצען צו צוברעכען די שמאָלע ראַמען פון דעם בורזשואַזען רעכט, און די געזעלשאַפט וועט קענען אויפשרייבען אויף איהר פאָהן: „יעדער נאָך זיינע פעהיגקייטען, יעדען — לויט זיינע באַדערפנישען."

בלויז איצט קענען מיר אָפּשעצען, ווי גערעכט ענגעלס איז געווען, ווען ער האָט אונ'ברחמנות'דיג חוזק געמאַכט פון דעם צוזאַמענפּאָרען פון די ווערטער: „פרייהייט" און „שטאַאט". אַזוי לאַנג ווי עס עקזיסטירט א שטאַאט, קען ניט זיין קיין פרייהייט, און ווען עס וועט זיין פרייהייט, וועט קיין שטאַאט ניט זיין.

דער עקאָנאָמישער באָדען פאַר דעם פאָלשטענדיגען אָפּשטאַרבען פון דעם שטאַאַט באַשטעהט אין א הויכער ענטוויקלונג פון דעם קאָמוניזם, אין וועלכער עס פאַרשווינדט דער געגענזאַץ פון פיזישער און אינטעלעקטועלער אַרבייט, און פאָלגליך, — איינער פון די וויכטיגסטע אורזאַכען פון דער מאָדערנער סאָציאַלער אונגלייכהייט, און דערצו נאָך אַזאַ אורזאַכע, וואָס קען אויף קיין אופן ומיט אמאָל ניט באַזייטיגט ווערען בלויז דורך דער עקספּראָפּריאַציע פון די קאַפּיטאַליסטען, בלויז דורך דעם, וואָס די פּראָדוקציאָנס־מיטלען ווערען פאַרוואַנדעלט אין געזעלשאַפטליכען אייגענטום.

די דאָזיגע עקספּראָפּריאַציע וועט געבען א מעגליכקייט פאַר א ריזיגער ענטוויקלונג פון די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען און זעהענדיג, ווי שוין איצט פאַרהאַלט דער קאַפּיטאַליזם די דאָזיגע ענטוויקלונג, וואָס פאַר א פאָרטשריט מען וואָלט שוין איצט געקאָנט מאַכען אויף דעם באָדען פון דעם איצטיגען צושטאַנד פון דער טעכניק, — קאָנען מיר פאָלשטענדיג באַרעכטיגט זיין צו באַהויפּטען מיט זיכערהייט, אַז די עקספּראָפּריאַציע פון די קאַפּיטאַליסטען וועט אומפאַרמיידליך פיהרען צו א ריעזיגער ענטוויקלונג פון די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. אָבער ווי שנעל די דאָזיגע ענטוויקלונג וועט אָנגעהן, ווי שנעל זי וועט זיך אָפּגעבען מיט דער פאַנאַנדערטיילונג פון אַרבייט, ווי שנעל זי וועט דערגרייכען צו דער פאַרניכטונג פון דעם געגענזאַץ צווישען אינטעלעקטועלער און פיזישער אַרבייט, צו דער פאַרוואַנדלונג פון אַרבייט אין דער „ערשטער באַדערפניש פון לעבען“, — דאָס ווייסען מיר ניט און קענען ניט וויסען.

דעריבער האָבען מיר א רעכט צו ריידען בלויז וועגען דעם אומפאַרמיידליכען אָפּשטאַרבען פון דעם שטאַאַט, אונטערשטרייכענדיג די דויערהאַפטקייט פון דעם דאָזיגען פּראָצעס, זיין אָפּהענגיגקייט פון דער שנעלקייט, מיט וועלכער עס וועט זיך ענטוויקלען די העכסטע פאַזע פון קאָמוניזם, און לאָזענדיג אין גאַנצען אָפען די פראַגע וועגען דער באַשטימטער צייט און די קאָנקרעטע פאָרמען פון דעם אָפּשטאַרבען; ווייל

קיין מאטעריאַל פאר דער לעזונג פון די דאָזיגע פראגען  א י ז  ג י ט  אָ.

דער שטאַאט וועט קענען אין גאנצען אפשטאַרבען בלויז דאַן, ווען די געזעלשאַפט וועט פארווירקליכען דעם פּרינציפּ: „יעדער נאָך זיינע פעהיגקייטען — יעדען לויט זיינע באדערפנישען", דאָס הייסט, ווען מענשען וועלען אויף אזוי פיעל זיך צוגעוועהנען אפּ־צוהיטען די וויכטיגסטע רעגלען פון צוזאַמענלעבען און ווען זייער ארבייט וועט זיין אויף אזוי פיעל פּראָדוקטיוו, אז זיי וועלען פרייוויליג ארבייטען  ל ו י ט  ז י י ע ר ע  פ ע ה י ג ק י י ט ע ן. דער שמאָלער האָריזאָנט פון דעם בורזשואַזען רעכט, וואָס צווינגט יעדען איינעם אויסצורעכענען מיט דער הארטקייט פון א שיי־לאָק, אויב ער האָט ניט געקראָגען ווייניגער פון א צווייטען — דער דאָזיגער שמאָלער האָריזאָנט וועט דאַן פארשווינדען. דאָס פאנאַנדערטיילען פון פּראָדוקטען וועט דאַן ניט פאדערען, אז די געזעלשאַפט זאָל רעגולירען די מאָס פּראָדוקטען, וואָס יעדער דארף באַקומען, ווייל יעדער איינער וועט פריי נעהמען „לויט זיינע באדערפנישען".

פון דעם בורזשואַזען שטאַנדפּונקט איז עס זעהר גרינג צו ערקלעהרען אזא געזעלשאַפטליכע אָרדנונג פאר א „ריינער אוטאָ־פּיע" און מאַכען חוזק פון דעם, וואָס די סאָציאַליסטען זאָגען צו פאר יעדען איינעם דאָס רעכט צו קריגען פון דער געזעלשאַפט, אָהן וועלכען ס'ניט איז קאָנטראָל איבער דער ארבייט פון דעם איינצעלנעם בירגער, אזוי פיעל אויטאָמאָבילען, פּיאַנאָס, א. ז. וו. וויפיעל איהם ווילט זיך. מיט אזא חוזק מאַכען קומען נאָך איצט אָפּ די מעהרסטע בורזשואַזע „געלערטע", וועלכע צייגען ארויס דערביי אי זייער אונוויסענהייט, אי זייער אייגעננוציגע פארטיי־דיגונג פון דעם קאַפּיטאַליזם.

עס איז אונוויסענהייט, ווייל „צוזאָגען", אז די העכסטע פאזע פון דעם קאָמוניזם וועט זיכער קומען — דאָס וועט קיין סאָציאַליסט גאָר ניט איינפאלען, און דאָס  פ אָ ר א ו י ס ז ע ה ן  פון גרויסע סאָציאַליסטען, אז אזא צייט וועט קומען, איז באזירט ניט אויף דער איצטיגער פּראָדוקטיוויטעט פון ארבייט, און ניט אויף דעם איצטיגען בירגער, וואָס איז פעהיג „גלאַט אזוי", קאַליע

צו מאַכען געזעלשאַפטליכע רייכטימער און פאָדערען דאָס אומ־מעגליכע.

ביז דער קאָמוניזם וועט דערגרייכען צו דער „העכסטער" פאַזע זיינער, פאָדערען די סאָציאַליסטען דעם שטרענגסטען קאָנטראָל מצד דער געזעלשאַפט און מצד דעם שטאַאַט איבער דער מאָס פון ארבייט און דער מאָס פון פארברויכען. אָבער דער דאָזיגער קאָנטראָל מוז זיך אָנהויבען מיט דער עקספּראָפּריאַציע פון די קאַפּיטאַליסטען, מיט דעם קאָנטראָל פון די ארבייט איבער די קאַפּיטאַליסטען, און דאַרף דורכגעפיהרט ווערען ניט פון א שטאַאַט פון טשינאָווניקעס, נאָר פון א שטאַאַט פון באַוואַפענטע ארבייטער.

די אייגענניציגע פארטיידיגונג פון דעם קאַפּיטאַליזם מצד די בורזשואַזע אידעאָלאָגען (און זייערע נאָכשלעפער, ווי די הע־רען צערעטעלי, טשערנאָוו און קאָ.) באשטעהט טאַקע אין דעם, וואָס מיט זייערע ויכוחים וועגען דער ווייטער צוקונפט פאַר־בלענדען זיי די וויכטיגסטע אנגעוועהטאָגסטע פראַגען פון דער היינטיגער פּאָליטיק: די עקספּראָפּריאַציע פון די קאַ־פּיטאַליסטען, די פאַרוואַנדלונג פון אַלע בירגער אין ארבייטער און באַאַמטע פון איין גרויסען „סינדיקאַט" — דעם שטאַאַט, און די פאָלשטענדיגע אונטערוואַרפענהייט פון דער ארבייט פון דעם גאַנצען סינדיקאַט צו א ווירקליך דעמאָקראַטישען שטאַאַט, א שטאַאַט פון סאָוועטען, פון ארבייטער פאַרשטעהער.

אייגענטליך, ווען א געלערנטער פּראָפעסאָר, און נאָך איהם דער דורכשניטליכער בירגער און נאָך איהם די הערען צערעטע־לים און טשערנאָווס, ריידען וועגען די אבסורדע אוטאָפּיען, וועגען די דעמאַגאָגישע פארשפּרעכענס פון די באָלשעוויקעס, וועגען דער אוממעגליכקייט „איינצופיהרען" דעם סאָציאַליזם, האָבען זיי אין זינען גראַדע די העכערע סטאַדיע אָדער פאַזע פון דעם קאָמוניזם, וואָס קיינער האָט ניט נאָר ניט פארשפּראָכען „איינ־צופיהרען", נאָר אפילו ניט געדענקט דאָס צו טאָן, ווייל „איינ־צופיהרען" עס איז אין אַלגעמיין אונמעגליך.

און דאָ זיינען מיר געקומען צו דער פראַגע וועגען דעם

וויסענשאפטליכען אונטערשיעד צווישען קאָמוניזם און סאָציאַליזם, וואָס ענגעלס האָט באריהרט אין דער אויבען־אָנגעגעבענער אָפּ־האנדלונג זיינער, וואו ער האָט אָנגעוויזען די ניט־גענויקייט פון דעם נאָמען „סאָציאַל־דעמאָקראַטען“. דער פּאָליטישער אונטער־שיעד צווישען דער ערשטער אָדער נידעריגערער פאזע פון דעם קאָמוניזם און זיין העכערער פאזע וועט מיט דער צייט וואהר־שיינליך זיין גוואלדיג גרויס, אָבער איצט, אונטער דעם קאפּי־טאליזם, וואָלט זיין לעכערליך דעם דאָזיגען אונטערשיעד צו אנער־קענען, און ארויסרוקען איהם צום פאָדערגרונד וואָלטען איצט געקאָנט פּילייכט נאָר איינצעלנע אנארכיסטען (אויב עס זיינען נאָך פארבליבען צווישען די אנארכיסטען מענשען, וואָס האָבען גאָרניט געלערענט נאָך דער „פּלעכאַנישער“ פארוואנדלונג פון די קראָפּאָטקינס, גראוו'ס, קארנעליסען'ס, און אנדערע „שטערען“ פון דעם אנארכיזם און סאָציאַל־שאָוויניסטען אָדער טראַנשעען־אנארכיסטען, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט ג ע, איינער פון די ווייניגע אנארכיסטען וואָס האָט ניט אָנגעוואָהרען זיין עהרע און געוויסען).

אָבער דער וויסענשאפטליכער אונטערשיעד צווישען סאָ־ציאַליזם און קאָמוניזם איז קלאָר. דאָס וואָס מען רופט געוועהנ־ליך סאָציאַליזם. רופט מארקס „די ערשטע“ אָדער די נידעריגסטע פאזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט. אויף וויפיעל די פּראָדוקציאָנס־מיטלען ווערען א ל ג ע מ י י ן אייגענטום, אויף אזוי פיעל קען מען אפילו דאָ אָנווענדען דאָס וואָרט „קאָמוניזם“, אויב מען זאָל ניט פארגעסען, אז דאָס איז נ י ט קיין פאָלשטענ־דיגער קאָמוניזם. די גרויסע באדייטונג פון מארק'ס ערקלעהרונ־גען באשטעהט אין דעם, וואָס ער ווענדט אויך דאָ אן אויף א קאָנזעקווענטען אופן די מאטעריאליסטישע דיאלעקטיק, די עוואָ־לוציאָנס־לעהרע, באטראכטענדיג דעם קאָמוניזם אלס עטוואס, וואָס געהט ארויס און ענטוויקעלט זיך פ ו ן דעם קאפּיטאליזם, אָנשטאָט די סכאָלאסטיש־אויסגעטראכטע דעפיניציאָנען און די פּרוכטלאָזע ויכוחים וועגען ווערטער (וואָס איז אזוינס קאָמוניזם און וואָס איז סאָציאַליזם) גיט מארקס אן אנאליז פון די שטופען פון דער עקאָנאָמישער רייפקייט פון דעם קאָמוניזם.

אין זיין ערשטער פאַזע, אויף זיין ערשטער שטופע, קען נאָך דער קאָמוניזם ניט זיין עקאָנאָמיש פאָלשטענדיג רייף, פאָל־שטענדיג פריי פון די טראַדיציעס און די שפּורען פון קאַפּיטאַ־ליזם. און פון דאַנען נעהמט זיך אַזאַ אינטערעסאַנטע ערשיי־נונג, ווי דאָס אנהאַלטען פון דעם שמאָלען האָריזאָנט פון ב ו ר־ז ש ו א ז ע ן רעכט אין דער ערשטער פאַזע פון דעם קאָמוניזם. דאָס בורזשואַזע רעכט אין באַצוג צו דער פאַנאַנדערטיילונג פון די געברויך־מיטלען מיינט, נאַטירליך, די אונפאַרמיידליכע עק־זיסטענץ פון דעם ב ו ר ז ש ו א ז ע ן ש ט א א ט, ווייל דאָס (בורזשואַזע) רעכט מיינט ג אָ ר נ י ט אָהן אַן אַפּאַראַט צ ו צ ו ו י נ ג ע ן, אַז די רעכטליכע נאָרמען זאָלען אָפּגעהיט ווערען.

עס קומט אַלזאָ אויס, אַז אין פאַרלויף פון אַ געוויסער צייט פאַרבלייבט אונטער דעם קאָמוניזם ניט נאָר דאָס בורזשואַזע רעכט, נאָר זאָגאָר דער בורזשואַזער שטאַאַט — אָהן דער בורזשואַזיע!

דאָס קען אויסקוקען ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָדער פּשוט אַ שפּיעל פון דיאַלעקטישער לאָגיק, אין וואָס דער מאַרקסיזם ווערט אָפט מאָל באַשולדיגט פון מענשען, וואָס האָבען זיך ניט גענומען די מיה צו שטודירען זיין אויסערגעוועהנליך טיפען אינהאַלט.

אין דער ווירקליכקייט זעהען מיר אויף יעדען שריט און טריט, סיי אין דער נאַטור און סיי אין דער געזעלשאַפט, אַז אין דעם נייעם לעבען זיינען תמיד פאַראַן איבערבלייבונגען פון דעם אַלטען. און מאַרקס האָט ניט גלאַט אַזוי אריינגערוקט אַ שטיקעל „בורזשואַזע“ רעכט אין דעם קאָמוניזם אריין, נאָר ער האָט גענומען דאָס, וואָס איז עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אונ־פאַרמיידליך אין אַ געזעלשאַפט, וואָס קומט ארויס פון די נע־דערים פון דעם קאַפּיטאַליזם.

דעמאָקראַטיע האָט אַ גוואַלדיגע באַדייטונג אין דעם קאַמף פון דעם אַרבייטער קלאַס געגען די קאַפּיטאַליסטען פאַר זיין באַפרייאונג. אָבער דעמאָקראַטיע איז ניט קיין ענדליכע גרעניץ־ליניע, נאָר בלויז איינער פון די עטאַפּען אויף דעם וועג פון דעם פעאָדאַליזם צום קאַפּיטאַליזם, און פון דעם קאַפּיטאַליזם צום קאָמוניזם.

דעמאָקראַטיע מיינט גלייכהייט. עס איז גאַנץ קלאָר, אז דער קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט פאַר גלייכהייט און דער לאָזונג פון גלייכהייט זיינען פון גרויסער וויכטיגקייט, אויב זיי זאָלען פאַרשטאַנען ווערען אין דעם זין פון פאַרניכטונג פון קלאַסען, אָבער דעמאָקראַטיע מיינט בלויז פאָרמעלע גלייכהייט. און באַלד נאָך דער פאַרווירקליכונג פון דער גלייכהייט פון אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט אין באַצוג צו דעם באַזיץ פון פּראָדוקציאָנס־מיטעל, דאָס הייסט, גלייכהייט פון אַרבייט, גלייכהייט פון אַר־בייטס־לוין, וועט פאַר דער מענשהייט אונפאַרמיידליך אויפשטעהן די פראַגע וועגען געהן ווייטער, פון פאָרמעלער גלייכהייט צו פאַקטישער, דאָס הייסט, וועגען פאַרווירקליכען דעם פּרינציפּ: „יעדער נאָך זיינע פעהיגקייטען — יעדען לויט זיינע באַדערפנישען". דורך וועלכע עטאַפּען, דורך וועלכע פּראַקטישע מיטלען די מענש־הייט וועט דורכגעהן אויף דעם וועג צו אָט דעם העכסטען ציעל — דאָס ווייסען מיר ניט און קענען ניט וויסען. עס איז אָבער וויכ־טיג צו פאַרשטעהן, ווי פאַלש די געוועהנליכע בורזשואַזע מיינונג איז, אַז דער סאָציאַליזם איז אַ טויטע, פאַרגליווערטע, איינמאָל פאַר אַלע מאָל פעסטגעשטעלטע דאָגמע, ווען אין דער ווירקליכקייט וועט גראַדע פון דעם סאָציאַליזם זיך אָנ־הויבען אַ שנעלער, ווירקליך־מאַסאָווער פאָרווערטס־גאַנג אויף אַלע געביטען פון געזעלשאַפטליכען און פערזענליכען לעבען, אַ באַ־וועגונג אין וועלכער עס וועט אַנטייל נעהמען פריהער די מעהר־הייט פון דער באַפעלקערונג און דערנאָך די גאַנצע באַ־פעלקערונג.

דעמאָקראַטיע איז אַ פאָרם פון שטאַאַט, איינע פון זיינע וואַריאַציעס, און פאָלגליך איז זי, ווי יעדער שטאַאַט, אַן אָרגאַ־ניזירטע סיסטעמאַטישע אַנווענדונג פון געוואַלד איבער מענשען. אָבער פון דער אַנדערער זייט מיינט דעמאָקראַטיע אַ פאָרמעלע אַנערקענונג פון גלייכהייט צווישען בירגער, פון דער גלייכער רעכט, וואָס אַלע האָבען אין באַשטימען דעם געבוי און די פאַרוואַלטונג פון דעם שטאַאַט. און דאָס, ווידער, איז פאַרבונדען מיט דעם, וואָס אויף אַ געוויסער שטופע פון איהר ענטוויקלונג באַפעסטיגט די דעמאָקראַטיע דעם רעוואָלוציאָנערען אַנטי־קאַפּיטאַליסטישען

קלאַס, דעם פּראָלעטאַריאַט, און גיט איהם א מעגליכקייט צו צישמעטערען, צו פאַרניכטען אין גאַנצען די בורזשואַזע רעגירונגס־מאַשין, אפילו אויב זי איז א רעפּובליקאַניש־בורזשואַזע, די שטענדיגע אַרמיי, די פּאָליציי, די ביוראַקראַטיע, און פאַרבייטען זי אויף א מעהר דעמאָקראַטישע, אפילו אויב נאָך אַלץ א רע־גירונגס־מאַשין, אין דער פאָרם פון באַוואַפענטע ארבייטער מאַסען, וואָס ווערען פאַרוואַנדעלט אין פאָלקס מיליציע, אין וועלכער יעדער איינער נעהמט אַן איינטייל.

דאָ „ווערט די קוואַנטיטעט פאַרוואַנדעלט אין קוואַליטעט": אין א ז א שטופּע פון דעמאָקראַטיזם געהט שוין די געזעל־שאַפט אַרויס פון די בורזשואַזע רייהען און ווערט גע־בויט אויף סאָציאַליסטישע יסודות. אויב אַלע נ ע ה מ ע ן ו ו י ר ק ל י ך א ן א י י נ ט י י ל אין דער פאַרוואַלטונג פון דעם שטאַאַט קען זיך שוין דער קאַפּיטאַליזם מעהר ניט האַלטען. און די ענטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם באַשאַפט, פון איהר זייט, די באַזיסען, די מעגליכקייט, אַז ווירקליך א ל ע ז אָ ל ע ן ק אָ נ ע ן נעהמען אַן איינטייל אין דער פאַר־וואַלטונג פון שטאַאַט. צו אַזעלכע באַזיסען געהערט אַלגעמיינע עלעמענטאַרע בילדונג, וואָס איז שוין פאַרווירקליכט אין א רייה מעהר פאַרגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, און „די לעהרע און דיסציפּלין" וואָס מיליאָנען ארבייטער קריגען דורך דעם גרוי־סען, קאָמפּליצירטען, פאַרגעזעלשאַפטליכען אַפּאַראַט פון דער פּאָסט, די אייזענבאַהנען, די גרויסע פאַבריקען, גרויס־האַנדעל, באַנק־געשעפט, א. ז. וו., א. ז. וו.

מיט אַזוינע ע ק אָ נ אָ מ י ש ע באַזיסען איז עס גאַנץ מעגליך שוין באַלד, פון היינט אויף מאָרגען, זיך נעהמען אַרונטער־צ'וואַרפען די קאַפּיטאַליסטען און די טשינאָווניקעס און זייער פּלאַץ זאָל פאַרנעהמען באַוואַפענטע ארבייטער, דאָס באַוואַפענטע פאָלק, וועלכע זאָלען קאָנטראָלירען די פּראָדוקציע און דעם פאַ־נאַנדערטיילען פון די פּראָדוקטען און זאָלען פיהרען חשבון פון דער ארבייט, וואָס ווערט געטאָן און די פּראָדוקטען, וואָס ווערען באַשאַפען. (מען דאַרף אָבער ניט צוזאַמענמישען די פראַגע וועגען קאָנטראָל און חשבון מיט דער פראַגע פון א וויסענשאַפטליך

געאיבטען פערסאָנאַל פון איינזשענירען, אגראָנאָמען, א. ז. וו. די דאָזיגע העכערע ארבייטען היינט אונטער דער אויבערהערשאַפט פון די קאַפּיטאַליסטען, און זיי וועלען ארבייטען נאָך בעסער מאָרגען אונטער דער הערשאַפט פון די באַוואָפענטע ארבייטער.)

פיהרען חשבון און קאָנטראָלירען — דאָס איז די ה ו י פ ט־זאַך וואָס פאָדערט זיך פאַר דעם איינאָרדנען, פאַר דעם רעגעל־מעסיגען פונקציאָנירען פון דער ערשטער פאַזע פון דער קאָמו־ניסטישער געזעלשאַפט. אַלע בירגער ווערען דאַן פאַרוואַנדעלט אין גדונגענע דיענער פון דעם שטאַאט, וואָס באַשטעהט פון באַוואָ־פענטע ארבייטער. א ל ע בירגער ווערען אנגעשטעלטע און אר־בייטער פון איין אַל־נאַציאָנאַלען, שטאַאט'ס־„סינדיקאַט". די גאַנצע זאַך איז צו זעהן, אז זיי זאָלען ארבייטען אַלע גלייך, זיי זאָלען ווי געהעריג אָפּהיטען די מאָס פון ארבייט, וואָס פאָדערט זיך פון זיי, און זיי זאָלען אַלע באַקומען א גלייכע באַלוינונג. דער חשבון און קאָנטראָל איבער אזעלכע זאכען איז פון דעם קאַפּיטאַליזם פ א ר א י י נ פ א כ ט געוואָרען ביז צום העכ־סטען גראַד, ביז צו אויסערגעוועהנליך פּשוט'ע אָפּעראַציעס פון באַ־אָבאַכטען, פאַרשרייבען און ארויסגעבען קוויטאַנציעס, וואָס קען געטאָן ווערען פון יעדען, וואָס האָט געקראָגען אן עלעמענטאַרע בילדונג, וואָס קען די פיער עלעמענטאַרע אָפּעראַציעס פון חיבור, חיסור, כופל און חילוק.

ווען די מ ע ר ה י י ט פון פאָלק וועט אנהויבען דורכ־צופיהרען זעלבסטשטענדיג און איבעראַל אזא חשבון, אזא קאָנ־טראָל איבער די קאַפּיטאַליסטען (וואָס זיינען איצט פאַרוואַנדעלט אין אָנגעשטעלטע) און איבער די העכערע אינטעליגענטלעך, מיט קאַפּיטאַליסטישע געוואוינהייטען, דאַן וועט אזא קאָנטראָלווירקליך ווערען אוניווערסאַל, אַלגעמיין, דאַן וועט ווירקליך ניט זיין וואו פון איהם זיך צו באַהאַלטען, „וואו זיך אהין צו טאָן".

די גאַנצע געזעלשאַפט וועט זיין איין קאַנטאָר און איין פאַב־ריק מיט גלייכער צוטיילונג פון ארבייט און גלייכען לוין.

אָבער די דאָזיגע „פאַבריק־דיסציפּלין", וואָס דער פּראָלעטאַ־ריאַט, וועלכער האָט געזיעגט איבער די קאַפּיטאַליסטען און ארונ־

טערגעוואָרפען די עקספּלואַטאַטאָרען, וועט פאַרשפּרייטען אויף דער גאַנצער געזעלשאַפט, איז פאַר קיין פאַל ניט אונזער אידעאַל און ענד־ציעל, נאָר בלויז א ש ט אַ פּ ע ל, וואָס איז נויטיג פאַר דעם פאָלשטענדיגען אויסרייניגען אין דער געזעלשאַפט פון אלע נידערטרעכטיגקייטען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע און פאַר דער ו ו י י ט ע ר ע ר פאָרווערטס־באַוועגונג.

פון דעם מאָמענט, ווען אלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט אָדער, אם וועניגסטען, די גרויסע מערהייט, וועלען זיך אויסלערנען א ל י י ן צו פאַרוואַלטען דעם שטאַאַט, וועלען אליין נעהמען אלעס איז זייערע הענט, וועלען איינאָרדנען א קאָנטראָל איבער דער נישטיגער קאַפּיטאַליסטישער מינדערהייט, איבער די הערען וואָס זוכען אָנצוהאַלטען זייערע קאַפּיטאַליסטישע נייגונגען, איבער די ארבייטער, וואָס זיינען קאָרומפּירט געוואָרען פון דעם קאַפּי־טאַליזם, — פון דעם מאָמענט וועט אנהויבען פאַרשווינדען די נויטווענדיגקייט צו פ א ר ו ו א ל ט ע ן ב כ ל ל. וואָס פאָל־שטענדיגער די דעמאָקראַטיע וועט זיין, אלץ נאָהענטער וועט זיין דער מאָמענט, ווען זי וועט אינגאַנצען זיין איבעריג. וואָס דעמאָ־קראַטישער עס וועט זיין דער „שטאַאַט“, פון באַוואָפנטע ארביי־טער, דאָס הייסט, „שוין ניט קיין שטאַאט אין דעם אייגענעם זין פון וואָרט“, אלץ שנעלער וועט אָנהויבען אָפּשטאַרבען דער שטאַאט אין אלעגמיין.

ווייל, ווען א ל ע וועלען זיך אויסלערנען צו פאַרוואַלטען, און וועלען ווירקליך פאַרוואַלטען זעלבסטשטענדיג די געזעלשאַפט־ליכע פּראָדוקציע, וועלען זעלבסטשטענדיג דורכפיהרען דעם קאָנ־טראָל און חשבון איבער פוילענצער, פּאַראַזיטען, פריצישע זיהנד־לעך, שווינדלער און אנדערע „היטער פון די טראַדיציעס פון קאַ־פּיטאַליזם“, — דאַן וועט עס ווערען אזוי שווער אויסצומיידען דעם אלגעמיינעם פאָלקס־קאָנטראָל, עס וועט זיין אזא זעלטענהייט צו באַגעהן דעם פאַרברעכען, און וועט מסתמא אזוי שנעל און ערנסט באַשטראָפט ווערען (ווייל באַוואָפנטע ארבייטער זיינען מענשען פון פּראַקטישען לעבען און ניט קיין סענטימענטאַלע אינ־טעליגענטלעך, און וועלען קוים דערלאָזען מען זאָל מיט זיי טרייבען שפּאַס), אז די נויטווענדיגקייט אָפּצוהיטען די איינפאַכע, פונ־

דאַמענטאַלע רעגלען פון צוזאַמענלעבען וועט גיך ווערען א גע־
וואוינהייט.

און דאַן וועט ברייט צועפענט ווערען די טיר צום איבער־
גאַנג פון דער ערשטער פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט
צו איהר הכערער פאַזע און אויך צום פאָלשטענדיגען אפשטאַרבען
פון שטאַאט.

דאָס אַרטיקעל „וועגען לאָזונגען" איז געשריבען קירצליך נאָך דעם ניט־געלונגענעם אויפשטאַנד פון די באָלשעוויקעס, דעם 4טען יולי, און איז באַזונדער אינטערעסאַנט אַלס מוסטער פון נ׳ לענינ׳ס העכסט רעאַליסטישער סטראַטעגיקע פון רעוואָלוציע. נ. לענין וואָרנט די באָלשעוויקעס, זיי זאָלען זיך ניט לאָזען באַהערשען פון געפיהל און געוואוינהייט, די קאָנסערוואַטיווע מידות, וואָס האָבען זייער שליטה אויך איבער רעוואָלוציאָנערען.

דער קאַמף פאַר דער סאָוועטען־מאַכט, די לאָיאַליטעט צו דעם סאָוועטען־געדאַנק, — אודאי, די באָלשעוויקעס גיבען זיי ניט אויף. אָבער דערפון, וואָס סאָוועטען בכלל זיינען גוט, איז ניט נעדרונגען, אַז מען מוז שטיצען באַשטימטע סאָוועטען, וואָס טויגען ניט. פאַרזעהן דאָס קאָנקרעטע צוליעב אַן אבסטראַקציע, דאָס איז אַ טויט־זינד פון אַ פרינציפיעלען רעוואָלוציאָנער. און לענין רופט זיינע נאָכפאָלגער צו באַקעמפען די סאָוועטען, וואָס שטעהען אונטער דער ווירקונג פון די מענשעוויקעס און עס׳ערען, וואָס האָבען זיך ניט אַרויסגעוויזען אויף דער הויך פון דער רעוואָלוציאָנערער נויטיגקייט.

„אין דער נייער רעוואָלוציע דאַרפען זיך אָרגאַניזירען סאָוועטען, אָבער ניט די איצטיגע סאָוועטען, וואָס באַמקען צו דער בורזשואַזיע... מיר וועלען אויך דעמאָלט זיין פאַר דער איבערבויאונג פון דער מלוכה נאָך דעם טיפ פון סאָוועטען... די פראַגע איצטער איז ניט וועגען סאָוועטען אין אַלגעמיין... נאָר וועגען קאַמף מיט דער קאָנטר־רעוואָלוציע, מיט דעם פאַרראַט אין די סאָוועטען, וועלכע מיר האָבען הוינט..." — אין דעם פאַראַגראַף איז דער שליסעל צו לענינ׳ס רעוואָלוציאָנערער פילאָזאָפיע.

די דאַטען, וואָס ער דערמאָנט אין דעם אַרטיקעל „וועגען לאָזונגען", באַציהען זיך אויף די פאָלגענדע פאַסירונגען (אין 1917) —

27 טער פעברואַר — די רעוואָלוציע, ווען עס איז אומשטירצט געוואָרען דער צאַריזם.

21 טער אַפּריל — גרויסע דעמאָנסטראַציעס פון די רעוואָלוציאָנערע מאַסען און אַ טייל סאָלדאַטען אין פעטראָגראַד קעגען דער מלחמה־פּאָליטיק פון דער צייטווייליגער רעגירונג (מיט גוטשקאָוו׳ן און מיליוקאָוו׳ן).

6 טער מאַי — דער פאַל פון מיליוקאָוו׳ן און די בילדונג פון אַ קאָאַליציאָנס־רעגירונג, מיט קערענסקי׳ן אַלס הויפּט־פיגור און דער באַטייליגונג פון די מענשעוויקעס און עס׳ערען (צערעטעלי, סקאָבעלעוו און טשערנאָוו).

9 טער יוני — די מיליטערישע „אָפענסיווע" פון קערענסקי׳ס רעגירונג קעגען עסטרייך און דער צוזאַמענברוך פון דער אָפענסיווע אין אַ פּאָר וואָכען אַרום.

4 טער יולי — דער אויפשטאַנד אין פעטראָגראַד, אונטער דער ליַיטונג פון די באָלשעוויקעס, קעגען קערענסקי׳ס רעגירונג, דער אויפשטאַנד איז מיליטעריש דערשטיקט געוואָרען.

—רעדאַקטאָר פון דער אידישער אויסגאַבע.

עס טרעפט זעהר אָפּט, אַז די געשיכטע פאַרקירעוועט זיך פּלוצלונג אָן אַ זייט פון דעם וועג, אויף וועלכען זי איז פריהער געגאַנגען. אין אַזאַ צייט קאָנען אפילו די פּאָרטגעשריטענסטע פּאַרטייען, פאַר אַ מעהר אָדער ווינציגער לאַנגע צייט, ניט קומען צו זיך. זיי קענען ניט אָריענטירען זיך אין דער נייער לאַגע און חזר'ן איבער די לאָזונגען, וואָס זיינען געווען ריכטיג נעכטען, אָבער וואָס האָבען היינ'ט שוין פאַרלאָרען זייער גאַנצען זינען, פאַרלאָרען אַזוי פּלוצלונג, ווי פּלוצלונג, אונערוואַרטעט די געשיכטע האָט זיך פאַרקירעוועט.

עטוואָס ענליכעס קאָן, ווי עס ווייזט איצטער אויס, ווידערהאָלען זיך מיט'ן לאָזונג, אַז די גאַנצע רעגירונגס־מאַכט דאַרף איבערגעהן צו די סאָוועטען. דיעזער לאָזונג איז געווען ריכטיג אין דעם פאַרגאַנגענעם פּעריאָד פון אונזער רעוואָלוציע פון 27טען פעברואַר ביז'ן 4טען יולי. ער האָט אָבער אויפגעהערט צו זיין אַזעלכער ביי די נייע אומשטענדען. ניט פאַרשטעהן דאָס — הייסט גאָרנישט ניט פאַרשטעהן אין די וויכטיגסטע פראַגען פון אונזער צייט. יעדער באַזונדער לאָזונג פון דער רעוואָלוציע דאַרף זיין אַ רעזולטאַט פון אַלע און צוזאַמען באַטראַכטע אומשטענדען פון דער באַשטימטער פּאָליטישער לאַגע. און די פּאָליטישע לאַגע אין רוסלאַנד, איצטער נאָכ'ן 4טען יולי, אונטערשיידעט זיך גרינדליך פון דער פּאָליטישער לאַגע פון פאַר'ן 4טען יולי. דאַן, אינ'ם פאַרגאַנגענעם פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע, האָט געהערשט אין דער רעגירונג די אַזוי־גערופענע „צווייִמאַכט“, וועלכע האָט אויסגעדריקט סיי מאַטעריעל, סיי פאָרמעל, דעם אומבאַשטימטען איבערגאַנגס־פּעריאָד פון דער מלוכה־מאַכט. און זאָלען מיר פאַר קיין פאַל ניט פאַרגעסען, אַז די פראַגע וועגען מאַכט איז דער עיקר, די הויפּט־פראַגע אין יעדער רעוואָלוציע.

די מאכט איז דעמאלט געווען אין א וואקלענדיגען צושטאנד. די ציימווייליגע רעגירונג און די ראטען (די סאוועטען) האבען זיך געטיילט מיט דער מאכט לויט א פריוויליגען אפמאך. די סאוועטען זיינען באשטאנען פון דעלעגאציעס פון באוואפענטע ארבייטער און סאלדאטען, וועלכע זיינען געווען פריי, קיין אויסער־ליכער צוואנג פון דרויסען האט זיי ניט געדריקט. די באוואפענט־קייט פון פאלק און די אבוועזענהייט פון אויסערליכען צוואנג, דאס איז געווען דער עיקר. דאס האט אויפגעעפענט און פאר־זיכערט פאר דער רעוואלוציע א פרידליכען וועג פון ענטוויקלונג. דער לאזונג, אז די גאנצע מאכט זאל איבערגעהן צו די סאוועטען איז געווען דער לאזונג פון נאהענטסטען שריט, א שריט, וואס האט געזאלט אוממיטעלבאר ערפילט ווערען אויף אט דעם פריעד־ליכען וועג פון ענטוויקלונג. דאס איז געווען דער לאזונג פון דער פרידליכער ענטוויקלונג פון דער רעוואלוציע, וואס איז געווען מעגליך און, עס פארשטעהט זיך, ווינשענסווערט אין דעם פעריאד פון דעם 27טען פעברואר ביז דעם 4טען יולי. שפעטער איז אבער אזא ענטוויקלונג געווארען דורכאויס אונמעגליך.

ווי עס ווייזט אויס, האבען ניט אלע, וואס האבען ארויסגע־שטעלט די פאדערונג, אז די גאנצע מאכט זאל איבערגעהן צו די סאוועטען, ווי עס געהער צו זיין דורכגעטראכט און ריכטיג פאר־שטאנען דעם לאזונג וועגען דער פריעדליכער ענטוויקלונג פון דער רעוואלוציע, א פריעדליכער ניט נאר דערפאר, וואס אין יענעם פע־ריאד האט ניט עקזיסטירט קיין איין קלאס, קיין איין ערנסטע קראפט, וואס וואלט קענען אנטקעגען שטעלען זיך און ניט דערלאזען די מאכט זאל איבערגעהן צו די סאוועטען. אבער דאס איז ניט אלץ. א פרידליכע ענטוויקלונג וואלט דאן מעגליך געווען אויך אין דעם הינזיכט, וואס ביי אזא צושטאנד איז מעגליך געווען, עס זאל זיך פרידליך און שמערצלאז צוזאמענוואוינען דער קאמף פון קלאסען און פארטייען אינערהאלב די סאוועטען.

אויף אט דער זייט פון דער פראגע האט מען געצויגען זעהר ווייניג אויפמערקזאמקייט. די סאוועטען, לויט זייער קלאסען־צוזאמענשטעלונג, זיינען געווען די ארגאנען פון די ארבייטער און פויערים. עס איז געווען א פארטיגע פארמע, אין וועלכער עס

זאָל זיך אויסדריקען זייער דיקטאַטור. דאָס פּויערטום באַלאַנגט
צו דער קליין־בורזשואַזיע. דער הויפּט־חסרון פון דער קליין־בור־
זשואַזיע, איהר טויט־זינד באַשטעהט אין דעם, וואָס זי איז איינ־
געגלויבט אין די קאַפּיטאַליסטען. וואָלטען אָבער די סאָוועטען
געהאַט אין זייערע הענט די פולע מאַכט, וואָלט אַט דער חסרון
פאַרשוואונדען אין דער פּראַקטיק, די ערפאַהרונג פון זיינע איי־
גענע האַנדלונגען וואָלט איהם דער׳הרג׳עט. דאָס בייטען זיך פון
קלאַסען און פּאַרטייען וואָלט געקאָנט פריעדליך אָנגעהן אין די
סאָוועטען גופא אויף דעם גרונט פון איינהייטליכקייט און פולקייט
פון דער מאַכט (ס׳הייסט, אויב די גאַנצע און פולע מאַכט וואָלט
געהערט צו די סאָוועטען און נאָר צו זיי). די פאַרבינדונג פון
אַלע סאָוועט־פּאַרטייען מיט די מאַסען וואָלט פאַרבליבען אומבאַ־
ריהרט, ניט־אָפּגעשוואַכט. מען טאָר ניט אויסלאָזען פון אויג, אַז
דאָס, וואס די מאַכט וואָלט געלעגען אין די סאָוועטען, וואָלט
גאַרניט אומגעביטען אין די פּאַקטישע באַציהונגען צווישען די
קלאַסען. דאָס פּויערטום וואָלט אַלץ בלייבען קליין־בורזשואַזיש.
אַזוי ווי אָבער די סאָוועטען וואָלטען זיין צונויפגעבונדען מיט די
ברייטע מאַסען, וועלכע געפינען זיך אויסער די סאָוועטען, און
וואָלטען אָפּשפּיגלען דעם קאַמף, וועלכען די קלאַסען פיהרען צווי־
שען זיך, וואָלטען אויף דעם אופן מיט דער צייט פאַרשווינדען די
קליין־בורזשואַזע אילוזיעס, דאָס פּויערטום וואָלט זיך פריהער
אָפּרייסען פון דער בורזשואַזיע, נאָכדעם דערנעהנטערען זיך און
אָם ענדע זיך פאַראייניגען מיט די אַרבייטער.

אַזוי האָט געקענט זיין, ווען די מאַכט וואָלט איבערגעגאַנגען
צו די סאָוועטען אין דער געהעריגער צייט. אַזוי וואָלט געווען
פיעל גרינגער און ניצליכער פאַר׳ן פאָלק. אַזא וועג וואָלט געווען
דער אומשעצבאַרער. האָט מען דעריבער געדאַרפט פאַר איהם
קעמפען מיט דער גרעסטער ענערגיע. אָבער איצטער האָט זיך
דער קאַמף פאַר דעם, אַז די מאַכט זאָל איבערגעהן צו די סאָוועט־
טען אין דער געהעריגער צייט, געענדיגט. אַ פרידליכער וועג
פון ענטוויקלונג איז געוואָרען אוממעגליך. עס האָט זיך אָנגע־
הויבען אַן אומפאַרמיידליכער, שמערצליכער וועג.

דער קריזיס פון 4טען יולי באַשטעהט אין דעם, וואָס נאָך

איהם האָט זיך די אָביעקטיווע לאַגע ראַדיקאַל אומגעביטען. די מאַכט איז ניט מעהר אומבאַשטימט. זי איז באַשטימט אין די הענט פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע. די ענטוויקלונג פון די פּאַרטייען אויפ׳ן בּאָדען פון פאַרשטענדניש צווישען די קליין־בורזשואַזע עס־ערען און מענשעוויקעס מיט די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע קאַדעטען האָט געבראַכט צו דעם, אַז אַט די ביידע קליין־בורזשואַזע פּאַרטייען זיינען פאַקטיש געוואָרען אַנטיילנעמער און מיטהעלפער פון די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע מעשים. די ענטוויקלונג פון פּאַרטיי־קאַמף האָט פּאַרוואַנדעלט דעם אומבאַוואוסטזיניגען צוטרוי פון דער קליין־בורזשואַזיע צו די קאַפּיטאַליסטען אין אַ באַוואוסטזיניגער שטיצע פון די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען. דער ענטוויקלונגס־קרייז פון די פּאַרטיי־באַציהונגען האָט זיך פאַרענדיגט. דעם 27טען פעברואַר זיינען אַלע קלאַסען געווען פאַראייניגט געגען דער מאָנאַרכיע, אָבער נאָכ׳ן 4טען יולי האָט די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע בורזשואַזיע, האַנט אין האַנט מיט די מאָנאַרכיסטען און די שוואַרצע מאות, אָנגעשראָקען און צוגעצויגען צו זיך די קליין־בורזשואַזע עס־ערען און מענשעוויקעס און האָט איבערגעגעבען די פאַקטישע רעגירונגס־מאַכט אין די הענט פון די קאַוועניאַקס,*) אין די הענט פון אַ מיליטערישער באַנדע, וועלכע האָט צושאָסען אומגעהאָרכזאַמע סאָלדאַטען ביים פראָנט און פּאַגראָמעוועט די באָלשעוויקעס.

דער לאָזונג, אַז די מאַכט זאָל איבערגעהן צו די סאָוועטען וואָלט ביי די נייע אומשטענדען געקלונגען דאָן־קיכאָטיש אָדער אַלס אַ געלעכטער. אַזאַ לאָזונג וואָלט אָביעקטיוו מיינען אָפּנאַרען דאָס פאָלק, איינפלאַנצען אין איהם אַן אילוזיע, אַז אין די סאָוועטען זיינען נאָך טאַקע פאַראַן פּאַרטייען, וועלכע האָבען זיך נאָך ניט באַשמוצט און ניט געשטיצט די תליונים.

פאַראַן אַ מיינונג, אַז די עס־ערען און די מענשעוויקעס וועלען אינערהאַלב די סאָוועטען באַקעמפען די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע כחות. עס איז אָבער פאַראַן אַ מורא, אַז דער רעוואָלוציאָ־

*) קאָוועניאַק האָט געפיהרט דעם רעגירונגס־חיל געגען די רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער אין דעם יוני־אויפשטאַנד פון 1848, אין פראַנקרייך.

נערער פּראָלעטאַריאַט, פול מיט נקמה צו די עס־ערען און מענשע־וויקעס פאר זייער פריהערדיגער ארבייט, וועט זיך אָפּזאָגען צו שטיצען די עס־ערען און מענשעוויקעס.

דענקען אַזוי איז אַ גרויסער טעות. צוליעב די נוצען פון דער ארבייט וועט דער פּראָלעטאַריאַט שטיצען ניט נאָר די אומענט־שלאָסענע און די קליין־בורזשואזיע. ער וועט שטיצען אויך די גרויס־בורזשואזיע. און צווייטענס, וואָלט דאָס הייסען פארדונקלען דעם פּאָליטישען אינהאַלט מיט אַ זייטיגער פראגע פון מאָראַלישען געפיהל.

דער עיקר באשטעהט היינט צו טאָג אין דעם, וואָס אויף אַ פרידליכען אופן קען מען שוין די מאכט ניט באקומען. מ'קען איהר קריגען נאָר באזיגענדיג אין אַן ענטשלאָסענעם קאַמף די פאַקטישע באזיצער פון מאכט אין דיזען מאָמענט — די מילי־טערישע באנדע פון די קאַוועניאַקס, וועלכע שטיצען זיך אויף די רעאַקציאָנערע סאָלדאַטען, אויף די קאַדעטען און אויף די מאָ־נאַרכיסטען.

דער עיקר באשטעהט אין דעם, אַז באזיגען אָט די נייע באזיצער פון דער רעגירונגס־מאכט קענען בלויז די רעוואָלוציאָ־נערע פאָלקס־מאסען, און דער פאַרבאַדינג פון אַזאַ באוועגונג איז, ערשטענס, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל אָנפיהרען די באוועגונג, און, צווייטענס, אַז די מאַסען זאָלען זיך אָפּקעהרען פון די עס־ערען און מענשעוויקעס, וועלכע האָבען פאַרראַטען די זאַך פון דער רעוואָלוציע.

דער וואָס טראָגט אַריין די באַגריפען פון בירגערליכער מאָ־ראַל אין פּאָליטיק, יענער חקרה'ט זיך אַזוי. אָנגענומען, אַז די עס־ערען און מענשעוויקעס זיינען באַגאַנגען אַ פעהלער, שטיצענ־דיג די קאַוועניאַקס, וועלכע האָבען ענטוואָפענט דעם פּראָלעטאַר־יאַט און די רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטען. מ'דאַרף זיי אָבער גע־בען אַ מעגליכקייט צו פאַרריכטען זייער טעות, גוט מאכען דעם באַגאַנגענעם פעהלער, ניט שווער מאכען, נאָר פאַרגרינגערען דער אומענטשלאָסענער קליין־בורזשואזיע איבערצוגעהן אויפ'ן זייט פון די ארבייטער. אַזאַ חקירה'ן זיך וואָלט געווען קינדערשע נאַ־איוויטעט אָדער אַ פּשוט'ע נאַרישקייט, אויב ניט קיין נייער באַ־

טרוג פון די ארבייטער. דער איבערגאנג פון דער קליין־בורזשואזיע אויפ'ן זייט פון די ארבייטער קען פארקומען נאר ווען אט די מאסען וועלען זיך אפקעהרען פון די עס־ערען און מענשעוויקעס. אויב די עס־ערען און מענשעוויקעס ווילען ווירקליך פאררי‌כטען זייער טעות, דארפען זיי ערקלעהרען, אז צערעטעלי און טשערנאוו, דאן און ראקיטניקאוו זיינען געווען מיטהעלפער פון מערדער. מיר זיינען מיט'ן גאנצען הארצען פאר אזא סארט „פאררי‌כטען זייער טעות".

מיר האבען געזאגט, אז די פראגע פון דער הויפט־רעוואלוציע איז א פראגע פון מאכט. מ'דארף צוגעבען, אז רעוואלוציעס באווייזען אונז אויף יעדען טריט, ווי די פראגע ווערט פארדונקעלט.זיי ווייזען אונז, אז די רעאלע און פארמעלע מאכט געהען זיך פאנאנדער. אין דעם באשטעהט איינע פון די הויפט אייגענשאפטען פון יעדער רעוואלוציע.

אין מערץ און אפריל פון 1917 איז ניט געווען באוואוסט, צו געפינט זיך די רעאלע מאכט אין די הענט פון דער צייטווייליגער רעגירונג אדער אין די הענט פון די סאוועטען. איצטער אבער איז באזונדערס וויכטיג, די באוואוסטזיניגע ארבייטער זאלען קוקען מיט א ניכטערען בליק אויף דער הויפט־פראגע פון דער רעוואלוציע: אין וועמעס הענט ליגט די רעגירונגס־מאכט אין אט דעם מאמענט. זאל מען נאר ניט אננעהמען די פראזע פאר ארבייט און א טראכט טאן אין וועלכע מאטעריעלע פארמען די מאכט צייגט זיך ארויס, און עס וועט ניט זיין שווער צו געפינען דעם ענטפער.

פרידריך ענגעלס האט זיך אמאל אויסגעדריקט, אז א רעגירונג איז פריהער פון אלץ באוואפענטע רעגימענטען מיט מאטעריעלע צוגאבען ווי, למשל, טורמעס. ביי אונז זיינען דאס יונקערס, רעאקציאנערע קאזאקען, וועלכע מען האט ספעציעל געבראכט אין פעטראגראד; דאס זיינען יענע, וועלכע האלטען אין טורמע קאמענעוו'ן און אנדערע; וועלכע האבען צוגעמאכט די צייטונג „פראוודא"; וועלכע האבען ענטוואפענט די ארבייטער און א טייל סאלדאטען; וועלכע דערשיסען סאלדאטען אין דער ארמיי. אט די תליונים זיינען די רעאלע מאכט. צערעטעלי און טשערנאוו

זיינען מאכטלאָזע מיניסטאָרען, מיניסטאָרען־קוקלעס, פיהרער פון פּאַרטייען, וועלכע שטיצען אונטער די מערדער. דאָס איז א פאַקט. און דער פאַקט בייט זיך ניט אום דורך דעם, וואָס פער־זענליך זיינען סיי צערעטעלי, סיי טשערנאָוו ניט קיין גוט־זאָגער פון דער מערדעריי, און זייערע צייטונגען צאַהמען זיך אָפּ פון דעם.

דאָס צומאַכען פון אַן אָרגאַן פון 150 טויזענד פּעטראָגראַדער וועהלער, דאָס ערמאָרדען דעם 6טען יולי דעם אַרבייטער וואָאינאָוו, דערפאַר וואָס ער האָט ארויסגעטראָגען פון דרוק דעם „ליסטאָק פּראַוודי" — וואָס איז דאָס, אויב ניט קיין מערדעריי? איז עס ניט די אַרבייט פון קאַוועניאַק'ען?

זאָגט מען אונז אָבער, אַז אין דעם זיינען ניט שולדיג ניט די רעגירונג, ניט די סאָוועטען — דאָס האָבען געטאָן די יונקערס אליין, ניט אָנפרעגענדיג זיך.

ענטפערען מיר אויף דעם: ערשט ערגער, סיי פאַר דער רעגירונג, סיי פאַר די סאָוועטען, ווייל דאָס צייגט, אַז זיי זיינען נולען, קוקלעס, און די רעאַלע מאכט איז ניט ביי זיי.

דאָס פאָלק דאַרף פריהער פון אַלץ און מעהר פון אַלץ וויסען דעם אמת. ער דאַרף וויסען, אין וועמעס הענט געפינט זיך פאַקטיש די רעאַלע מאַכט. מ'דאַרף זאָגען דעם פאָלק דעם גאַנצען אמת, אַז די מאַכט געפינט זיך אין די הענט פון א מיליטערישער קליקע, וועלכע ווערט געשטיצט פון דער בורזשואַזיע, אַלס א קלאַס, מיט דער קאַדעטישער פּאַרטיי, אַלס די פאָרשטעהערין פון דעם קלאַס, און פון אַלע מאָנאַרכיסטען, וועלכע פיהרען אָן זייער אַרבייט דורך די שוואַרץ־מאַה'דיגע צייטונגען, ווי די „נאָוואָיע וורעמיאַ", „זשיוואָיע סלאָוואָ" און אַנדערע.

היינט צו טאָג ווערט אָט די מאַכט אונטערגעשטיצט דורך די מיניסטאָרען צערעטעלי און טשערנאָוו מיט זייערע פּאַרטייען; מ'דאַרף ערקלעהרען דאָס פאָלק זייער ראָל און די אומפאַרמיידליכ־קייט פון אַזאַ סוף נאָך די טעות'ען, וואָס אָט די פּאַרטייען האָבען געמאַכט דעם 21טען אַפּריל, דעם 6טען מאַי, דעם 9טען יוני און דעם 4טען יולי, ווען זיי האָבען גוטגעהייסען די פּאָליטיק פון אָנ־פאַלען — די פּאָליטיק, וועלכע האָט אויף ניין־צעהנטעל פאָראויס באַשטימט דעם זיעג פון די קאַוועניאַקס אין יולי.

די גאַנצע אַגיטאַציע אין פאָלק דאַרף איבערגעבויט ווערן אַזוי, אַז זי זאָל אונטערברעכען די קאָנקרעטע ערפאַהרונג פון דער יעצטיגער רעוואָלוציע און באַזונדערס פון די יולי־טעג, ד. ה. זי זאָל קלאָר אָנצייגען דעם אמת׳ן שונא פון פאָלק: די מיליטער־רישע קליקע, די קאַדעטען און די שווארצע מאות. זי זאָל ארויס־שטעלען אין זייער פולער נאַקעטקייט יענע קליין־בורזשואַזע פאר־טייען, די פּאַרטייען פון די עס־ערען און די מענשעוויקעס, וועלכע האָבען געשפּיעלט און שפּיעלען נאָך יעצט פאר די מערדער די ראָלע פון באהעלפער.

די גאַנצע אַגיטאַציע אין פאָלק דאַרף מען איבערבויען אַזוי, אַז עס זאָל קלאָר ווערען, אַז כּל זמן עס עקזיסטירט די מאַכט פון דער מיליטעריִשער קליקע, כּל זמן די עס־ערען און די מענשעוויקעס האָבען ניט פארלאָרען דעם צוטרוי פון די מאַסען, איז ניטאָ קיין האָפנונג פאר די פּויערים צו קריגען ערד. דאָס וואָלט געווען זעהר אַ שווערער און אַ לאַנגער פּראָצעס ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען פון קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג, אָבער די מלחמה און די עקאָנאָ־מישע רואינע האָבען אין אַ גרויסער מאָס פארשנעלערט די אר־בייט. דאָס זיינען אַזעלכע „שנעל־צוגען", וועלכע געהען דורך אין אַ מאָנאַט אָדער אפילו אין אַוואָך אַזוי פיעל, פאר וויפיעל ביי גע־וועהנליכע באַדינגונגען וואָלט מען געדאַרפט האָבען יאָהרען.

מעגליך, אַז געגען דאָס אויבענגעזאָגטע וועט מען ארויס־שטעלען פאָלגענדע צוויי אויסזעצונגען: ערשטענס, רעדען יעצט וועגען אַן ענערגישען קאַמף מיט די עקזיסטירענדע סאָוועטען, הייסט אונטערהעצען די סעפּעראַטע ארויסטרעטונגען, וועלכע וואָלטען ברענגען נוצען בלויז דער קאָנטר־רעוואָלוציע; צווייטענס, אויב אפילו מען וועט זיי ארונטערוואַרפען, וועט דאָך אַלץ די מאַכט איבערגעהן אין די הענט פון סאָוועטען.

אַלס ענטפער אויף דער ערשטער אויסזעצונג, וועלען מיר זאָ־גען, אַז די ארבייטער פון רוסלאַנד זיינען גענוג באַוואוסטזיניג, מ׳זאָל זיי ניט קענען כאַפּען אויף אַ פּראָוואָקאַטאָרישער ווענטקע, זיי זאָלען ארויסטרעטען אין קאַמף אין אַן אומגינסטיגען מאָמענט. אַז מ׳זאָל יעצט ארויסטרעטען און צייגען אַ ווידערשטאַנד, הייסט העלפען דער קאָנטר־רעוואָלוציע — איז קיין שום ספק ניטאָ. עס

איז אָבער אויך קיין ספק ניטאָ, אז אן ערפאָלגרייכער קאַמף וועט זיין מעגליך נאָר דאַן, ווען די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע וועט זיך אויפהויבען איבער־אַ־נייעם צווישען די ברייטע מאַסען. עס איז אָבער ניט געווגג צו ריידען אין אַלגעמיין וועגען אַ רעוואָלוציאָ־נערער כוואַליע, וועגען אַ געהויבענער שטימונג, וועגען הילף פון די מערב־איירָאָפּעאישע ארבייטער, א. א. וו. מ'דאַרף מאַכען אַ באַ־שטימטען סך הכל פון אונזער פארגאַנגענהייט, מ'דאַרף אונטער־רעכענען די לעקציעס, וועלכע מיר האָבען אליין געקראָגען, און אַזאַ סך הכל ברענגט אונז צום לאָזונג: אַן ענערגישער קאַמף געגען דער קאָנטער־רעוואָלוציע, וועלכע האָט פארכאַפּט די מאַכט.

די צווייטע אויסזעצונג באַשטעהט אויף סוף כל סוף אין דעם, אַז קאָנקרעטע אמת'ען ווערען פארביטען מיט צופיעל אַלגעמיינע חקירות. קיינער, קיין כח קען ניט ארונטערוואַרפען די בורזשואַזע קאָנטער־רעוואָלוציע, אויסער דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט. דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט אַליין, נאָך די יולי ערפאַה־רונגען, מוז זעלבסטשטענדיג נעהמען אין די אייגענע הענט די גאַנצע רעגירונגס־מאַכט. אויסער דעם איז אוממעגליך אַ זיעג פון דער רעוואָלוציע. די מאַכט פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט און דאָס אָרימע פּויערטום אָדער די האַלבע פּראָלעטאַריער זאָלען אונטער־שטיצען — דאָס איז דער איינציגער אויסגאַנג, און מיר האָבען שוין אָנגעצייגט, וועלכע אומשטענדען קענען עס פיעל פארשנע־לערען.

אין דער נייער רעוואָלוציע קענען און דאַרפען זיך אָרגאַני־זירען סאָוועטען, אָבער ניט די יעצטיגע סאָוועטען, וועלכע באַמקען צו דער בורזשואַזיע, נאָר אָרגאַנען פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף מיט איהר. אַז מיר וועלען דעמאָלט אויך זיין פאַר איבערבויען די מלוכה נאָכ'ן טיפּ פון סאָוועטען — דאָס איז גאַנץ ריכטיג. דאָ איז אָבער ניט די פראַגע וועגען סאָוועטען אין אַלגעמיין, נאָר אַ פראַגע פון קאַמף מיט דער עקזיסטירענדער קאָנטער־רעוואָלוציע, מיט'ן פאַרראַט פון די סאָוועטען, וועלכע מיר האָבען היינט.

פאַרבייטען דאָס קאָנקרעטע מיט אַן אַבסטראַקציע — איז איינער פון די גרעסטע טעות'ן, פון די געפעהרליכסטע זינד אין אַ רעוואָלוציע. די יעצטיגע סאָוועטען זיינען דורכגעפאַלען, האָבען

פולשטענדיג באנקראָטירט, ווייל דאָרטען הערשען די פּארטייען פון די עס־ערען און מענשעוויקעס. היינט־צו־טאָג זיינען אָט די סאָוועטען עהנליך צו באַראַנעס, וועלכע מען האָט געבראכט אין שלאַכט־הויז; מען האָט זיי אנידערגעשטעלט אונטער'ן האַק, און זיי שטעהען נאָר און מעקען. די סאָוועטען זיינען מאכטלאָז און הילפ־לאָז געגען דער זיעגרייכער און זיעגענדער קאָנטר־רעוואָלוציע. דער לאָזונג איבערגעבען די מאכט צו די סאָוועטען קאָן פארשטאנען ווערען אלס אַן אויפרוף, אַז די מאכט זאָל איבערגעהן צו די יעצ־טיגע סאָוועטען, און אַזעלכע רייד, אַזאַ אויפרוף וואָלט הייסען אָפּנארען דאָס פּאָלק, און עס איז ניטאָ קיין געפעהרליכערעס פון אַזאַ נארעריי.

דער ענטוויקלונגס־קרייז פון קלאסען־און פּארטיי־קאמף אין רוסלאַנד פון 27טען פעברואַר ביז דעם 4'טען יולי האָט זיך גע־ענדיגט. עס הויבט זיך אָן אַ נייער קרייז, אין וועלכען אָבער עס געהען אריין ניט די אַלטע קלאסען, ניט די אַלטע פּארטייען און ניט די אַלטע סאָוועטען, נאָר באנייטע אינ'ם פייער פון קאמף, פארהארטעוועטע, געשולטע, איבערגעאנדערשטע דורכ'ן גאנג פון קאמף. מ'דארף ניט קוקען אויף צוריק, נאָר פאָראויס. מ'דארף אָפּעריען ניט מיט די אַלטע, נאָר מיט די נייע קלאסען־ און פּאר־טיי־קאטעגאָריעס, וועלכע זיינען באשאפען געוואָרען נאָך די יולי־געשעהענישען. אין אָנהויב פונ'ם נייעם קרייז דארף אונזער אויס־גאנגס־פּונקט זיין די באַזיעגענדע בורזשואַזע קאָנטר־רעוואָלוציע, וועלכע האָט געזיעגט נאָר אַ דאנק די צושטימונג פון די עס־ערען און מענשעוויקעס, און קען דעריבער ווערען באַזיעגט בלויז דורכ'ן רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאריאט. אין דער נייער תקופה וועלען נאָך, פארשטעהט זיך, זיין פארשידענערליי עטאַפּען, ביז וואנען מ'וועט אין גאנצען באַזיעגען די קאָנטר־רעוואָלוציע, ביז אַ פאָל־שטענדיגע נידערלאגע פון די עס־ערען און מענשעוויקעס און ביז עס וועט זיך אויפהויבען אַ נייע רעוואָלוציאָנערע כוואַליע. מיר ווילען אָבער ניט ספּעקולירען, מיר וועלען וועגען דעם קענען ריידען נאָר דאַן, ווען אָט די אַלע, באַזונדערע עטאַפּען וועלען זיך שוין אָנצייכענען אין לעבען.

ג. לענין האָט צוגעשטעלט די „טעזיסען וועגען דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג” צו דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער באָלשעוויסטישער פארטיי און די באָלשעוויסטישע מיטגלידער פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג, אין דעצעמבער 1917, און די „טעזיסען” זיינען אָנגענומען אַלס זייער אייגענע פרינציפיעלע און טאַקטישע דעקלאַראַציע, אַזוי אַז זיי זיינען אַן אָפיציעלער דאָקומענט פון דער רעוואָלוציע.

אויף וויפיעל דורך די דאָזיגע „טעזיסען” רעדט נ. לענין, דער סטראַטעגיגער פון דער רעוואָלוציע, זעהען מיר אין זיי ווידער אַמאָל, ווי אין דעם אַרטיקעל וועגען די „לאָזונגען” (זייט 133), לענינ׳ען דעם רעאַליסט, דעם באַקעמפער פון סאָציאַליסטישען אוטאָפיזם און רעוואָלוציאָנערען ראָמאַנטיזם, אַלס די שעדליכסטע שטרויכעל־שטיינער אויף דעם וועג פון אַ רעוואָלוציאָנער. ער ווייסט, אַז די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז געווען דער לאָזונג, אַרום וועלכען די רעוואָלוציע האָט געזאַמעלט איהרע כחות אין לויף פון אַ קנאַפען יאָהר־הונדערט. ער אַליין האָט אויך, ערשט מיט אַ חודש־צוויי צוריק, געפאָדערט דאָס באַלדיגע צוזאַמענרופען פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. אָבער די לאַגע האָט זיך געענדערט, און עס טאָר ניט בלייבען קיין פלאַץ פאַר סענטימענטען אָדער פאָרמעלע און יורידישע מאָטיוָוען. דאָס וואָס איז נעכטען געווען היילוג, מוז היינט צוטראָטען ווערען אונטער די פיס, אויב מיט דער הייליגקייט באַנוצען זיך, אָדער הינטער דער הייליגקייט באַהאַלטען זיך די געגנער פון דער רעוואָלוציע. פאַראַן א י י ן כח און א י י ן מאָטיוו, מיט וועלכע עס זאָל זיך רעכענען דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָנער. דאָס איז — די קראַפט פון ארבייטער קלאַס און די אינטערעסען פון קלאַסען־קאַמף. אַלץ וואָס אויסער דעם איז צייטווייליג און צופעליג און טאָר ניט שטערן אין וועג פון ענטשיידענער אַקציע, וואָס קאָן פיהרען צו דעם זיעג פון רעוואָלוציאָנערען פראָלעטאַריאַט.

—רעדאַקטאָר פון דער אידישער אויסגאַבע.

1. די פאָדערונג, אז די גרינדונגס־פארזאמלונג זאָל צונויפ־גערופען ווערען, איז געווען א לאָגישער טייל פון דער פראָ־גראם פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, ווייל אין א בורזשואזער רעפובליק איז די גרינדונגס־פארזאמלונג די העכ־סטע פארם פון דעמאָקראטיזם.

2. ארויסשטעלענדיג די פאָדערונג פאר דעם צוזאמענרופען פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג, האָט די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראטיע פון דעם סאמע אָנהויב פון דער רעוואָלוציע פון 1917 ניט איין מאָל אונטערשטראכען דעם געדאנק, אז א סאוועט־רעפובליק איז א פיעל העכערע פארם פון דעמאָקראטיזם, איידער א געוועהנליכע בורזשואזע רעפובליק מיט א גרינדונגס פארזאמ־לונג.

3. אין דער פעריאָדע פון איבערגאנג פון דער בורזשואזער ארדנונג צו א סאָציאַליסטישער, אין דער פעריאדע פון דיקטאטור פון פראלעטאריאט איז די סאוועט־רעפובליק (פון פאָרשטעהער פון ארבייטער, סאָלדאטען און פויערים) ניט נאָר די העכסטע פאָרם פון דעמאָקראטיע (פארגלייכט מיט דער געוועהנלי־כער בורזשואזער רעפובליק מיט דער גריינדונגס־פארזאמלונג אלס איהר קרוין), נאָר זי איז די איינציגע פאָרם, וואָס קען פארזיכערען, אז דער איבערגאנג צום סאָציאַליזם זאָל קאָסטען אם וועניגסטען שמערצען.

4. די קאנדידאטען־ליסטען, לויט וועלכע די גריגדונגס־פאר־זאמלונג איז צוזאמענגערופען געוואָרען, זיינען אָנגעגעבען געוואָרען אין מיטען פון אָקטאָבער 1917 ; אָבער אונטער די איצטיגע אומ־שטענדען דריקען זיי ניט אויס דעם ווילען פון פאָלק בכלל און פון די ארבייטער־מאסען בפרט.

5. ערשטענס גיט די פראָפּאָרציאָנעלע וואהל־סיסטעם נאָר

דאָן אַן אמת'ען אויסדרוק פון דעם ווילען פון פאָלק, ווען די פּאַרטיי־ליסטען ענטשפּרעכען דער ווירקליכער צוטיילונג פון פאָלק אין די פאַרטיי־גרופּירונגען, וועלכע האָבען זיך אָפּגעשפּיעגעלט אין די דאָזיגע ליסטען. ביי אונז אָבער, ווי באַוואוסט, האָט די פּאַרטיי, וועלכע האָט פון אָקטאָבער ביז מאַי געהאַט די גרעסטע צאָהל אָנהענגער צווישען דעם פויערטום, די פּאַרטיי פון די סאָצ.־רעוואָלוציאָנערען אָנגעגעבען ליסטען אין אָקטאָבער 1917 ; זי האָט זיך אָבער צושפּאָלטען נאָך די וואהלען און איידער די גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג איז פאַררופען געוואָרען. און דערפאַר קען אפילו פאָרמעל ניט אויסדריקען דעם ווילען פון פאָלק דער פערסאָ־נעל פון די אויסגעוועהלטע, לויט די אָקטאָבער־ליסטען.

6. צווייטענס, ווען מען באַטראַכט די זאַך ניט פון א פאָר־מעלען, יורידישען שטאַנדפּונקט, נאָר פון א סאָציאַל־עקאָנאָמישען, קענען די ערוועהלטען דעפּוטאַטען נישט אויסדריקען דעם ווילען פון פאָלק בכלל און פון די ארבייטער־מאַסען בפרט. דערפאַר, ווייל בעת די וואהלען זיינען פאָרגעקומען האָט די גרויסע מערהייט פון פאָלק נאָך ניט געקענט וויסען ווי ווייט־געהענד די פּראָלעטאַרישע אָקטאָבער רעוואָלוציע איז. די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבען דעם 25טען אָקטאָבער 1917, ד. ה., שוין נאָכדעם ווי די ליסטען פון קאַנדידאַטען פאַר דער גרינדונגס פאַרזאַמלונג זיינען אָנגעגע־בען געוואָרען.

7. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וועלכע האָט ארויסגעריסען די מאַכט פאַר די סאָוועטען דורך דעם וואָס זי האָט ארויסגעריסען פּאָליטישע הערשאַפט פון די הענד פון דער בורזשואַזיע און זי איבערגעגעבען אין די הענד פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם אָרימען פויערטום, מאַכט דורך איהר ענטוויקלונגס־גאַנג פאַר אונ־זערע אויגען.

8. זי האָט זיך אָנגעהויבען מיט דעם זיעג פון אָקטאָבער 25—27 אין דער הויפּט־שטאָדט, ווען דער צווייטער אל־רוסישער צוזאַמענפאָהר פון די סאָוועטען פון די פאָרשטעהער פון ארבייטער און סאָלדאַטען, וואָס זעמלט מיט זיך פאָר דעם אַוואַנגאַרד פון די פּראָלעטאַריער און פון די פּאָליטיש־אַקטיווע פויערען, האָט אויס־

געדריקט זיין צוטרויען צו דער באָלשעוויסטישער פּארטיי און זי אוועקגעשטעלט ביי דער מאַכט.

9. אין פאַרלויף פון די פאָלגענדע צוויי מאָנאַטען, נאָוועמבער און דעצעמבער, האָט די רעוואָלוציע ארומגעכאַפּט די גאַנצע ארמיי און די פויערים־מאַסען. סיי די סאָלדאַטען און סיי די פויערים האָבען אויסגעוועהלט נייע אויבער־אָרגאַניזאַציעס (ארמיי קאָמיטעטען, פויערים־קאָמיטעטען, צענטראַלער קאָמיטעט פון דעם אַל־רוסישען סאָוועט פון פויערים־דעפּוטאַטען, א. ז. וו.) אנשטאַט די אַלטע, וועלכע האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט די אָפּגעלעבטע קאָמפּראָמיסלּיכע פעריאָדע פון דער רעוואָלוציע, איהר בורזשואַזע און האַלב־פּראָלעטאַרישע שטופען, און האָבען דאַריבער קיין פּלאַץ ניט געהאַט אונטער די נייע אומשטענדען.

10. די דאָזיגע באַוועגונג מצד די עקספּלואַטירטע מאַסען איבערצובויען די לייטענדע אָרגאַנען פון זייערע אָרגאַניזאַציעס איז נאָך ניט פאַרענדיגט אפילו איצט, דעצעמבער 1917, און דער צוזאַמענפאָהר פון די אייזענבאַהן־ארבייטער איז איינער פון די ווענדונגס־פּונקטען פון דער דאָזיגער באַוועגונג.

11. די גרופּירונג פון קלאַסען־קרעפטען אין רוסלאַנד, אין זייער ווירקליכען קלאַסען־קאַמפּף, איז, אַלזאָ, אין נאָוועמבער און דעצעמבער א גאַנץ אַנדערע ווי די וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיעלט אין די פּארטיי־ליסטען פון קאַנדידאַטען פאַר דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

12. די לעצטע פּאַסירונגען אין אוקראַינע (און טיילווייז אויך אין פינלאַנד, ביעלאָרוסיע און קאַווקאַז) צייגען אויך אָן אויף א נייער גרופּירונג פון קלאַסען־קרעפטען, וואָס קומט פאָר אין דעם פּראָצעס פון קאַמף צווישען דעם בורזשואַזען נאַציאָנאַליזם פון דער אוקראַאינער ראַדאַ, דעם פינלענדישען סעים א. ד. ג., פון איין זייט, און דער סאָוועט־מאַכט, דער פּראָלעטאַריש־פויערשער רעוואָלוציע פון יעדער פון די דאָזיגע נאַציאָנאַלע רעפּובליקען, פון דער אַנדערער.

13. דער בירגער־קריעג, וואָס די קאַדעטיש־קאַלעדינער קאָנטר־רעוואָלוציע האָט אויפגעהויבען געגען דער סאָוועט־מאַכט, געגען דער רעגירונג פון ארבייטער און פויערען האָט נאָך מעהר

פאַרשאַרפט דעם קלאסען־קאמף און האָט עס געמאַכט פאַר אוממעגליך אויף א פאַרמאַל־דעמאָקראַטישען אופן צו לייזען די שווערסטע פראגען, וואס די געשיכטע האָט אוועקגעשטעלט פאַר דעם רוסישען פאָלק, און פריהער פאַר אלעם — פאַר דעם ארבייטער קלאַס און דעם פויערטום.

14. נאָר א פאָלשטענדיגער זיעג פון די ארבייטער און פויערען איבער דעם בורזשואַזען אויפשטאַנד (וואָס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין דער קאַדעטיש־קאַלעדינער באוועגונג), נאָר אַן אונ'ברחמנות'דיגע מיליטערישע אונטערדריקונג פון דעם דאָזיגען אויפשטאַנד פון שקלאַפען־אייגענטימער, וועט זיין אימשטאַנד צו פאַרזיכערען און באשיצען די פראָלעטאריש־פויערשע רעוואָלוציע. דער גאַנג פון פאַסירונגען און די ענטוויקלונג פון דעם קלאַסען־קאַמף און פון דער רעוואלוציע האָבען געבראַכט צו דעם, אז דער לאָזונג „די גאַנצע מאַכט צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג", איז *אין דער ווירקליכקייט* געוואָרען דער לאָזונג פון די קאַדעטען, די קאַלעדינער און זייערע ארויסהעלפער. נאָך די אלע זיעגען פון דער פראָלעטארישער רעוואלוציע, נאָך דעם באשלוס פון דעם צווייטען אל־רוסישען צוזאמענפאָהר פון די סאָוועטען פון ארבייטער און פאָלדאַטען פאַרשטעהער קען דאָס שוין ניט זיין דער לאָזונג פון די מאַסען. עס ווערט קלאָר פאַר דעם גאַנצען פאָלק, אז דער דאָזיגער לאָזונג מיינט פאַקטיש די פאַרניכטונג פון דער סאָוועטען־מאַכט.

15. איינע פון די ברענענדסטע פראגען פאַר דעם פאָלק איז די פראַגע וועגען שלום. דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף פאַר שלום איז אָנגעפאַנגען געוואָרען אין רוסלאַנד ערשט נאָך דעם זיעג פון דער רעוואלוציע, דעם 25טען אקטאבער, און דער דאָזיגער זיעג האָט געבראַכט זיינע ערשטע רעזולטאַטען אין דער פאָרם פון פאַרעפענטליכען די געהיימע אָפּמאַכען, פון שליסען א וואַפענשטילשטאַנד און אָנהויבען עפענטליכע פארהאנדלונגען וועגען שלום אָהן אַנעקסיעס און אָהן קאָנטריבוציעס.

די ברייטע פאָלקס־מאַסען האָבען איצט צום ערשטען מאָל געקראָגען א מעגליכקייט צו זעהן, אין איהר גאַנצער פולקייט און

עפענטליכקייט, די פּאָליטיק פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף פאר שלום, און צו שטודירען די רעזולטאַטען פון דער דאָזיגער פּאָליטיק.

אין דער צייט פון די וואהלען פאר דער גרינדונגס־פארזאמלונג האָבען די פאָלקס־מאַסען אזא מעגליכקייט ניט געהאַט.

עס איז דעריבער קלאָר, אז די אויסגעוועהלטע דעפּוטאַטען פאר דער גרינדונגס־פארזאמלונג האָבען ניט געקענט אויסדריקען דעם ווירקליכען ווילען פון פאָלק אין דער פראגע פון ענדיגען די מלחמה.

16. די אלע אומשטענדען באווייזען, דאָס די גרינדונגס־פארזאמלונג, פאררופען לויט די ליסטען פון די פּאַרטייען וועלכע האָבען עקזיסטירט פאר דער פּראָלעטאריש־פּויערשער רעוואָלוציע, אין דער סביבה פון בורזשואזער הערשאַפט, קומט אונפארמיידליך אין צוזאַמענשטוים מיט דעם ווילען און די אינטערעסען פון די עקספּלואַטירטע ארבייטער־קלאַסען, וואָס האָבען דעם 25טען אָקטאָבער אָנגעהויבען א סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע געגען דער בורזשואזיע. די אינטערעסען פון דער רעוואָלוציע שטעהען, נאַטירליך, העכער פון די פאָרמעלע רעכט פון דער גרינדונגס־פארזאַמלונג, זאָגאר ווען די גרינדונגס־פארזאַמלונג וואלט יאָ אנערקענט דאָס רעכט פון פאָלק צו יעדער צייט צוריקצורופען די דעפּוטאַטען און אויסערוועהלען נייע.

17. יעדער פארזוך, א דירעקטער אָדער אינדירעקטער, צו באַטראַכטען די פראגע פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג פון דער פאָרמעל־יורידישער זייט, אין די ראַמען פון געוועהנליכער בורזשואזער דעמאָקראַטיע, ניט נעהמענדיג אין אנבאַטראַכט דעם קלאַסען־קאַמף און דעם בירגערקריעג, מיינט צו פאַרראַטען די זאַך פון דעם פּראָלעטאריאט און אָננעהמען דעם בורזשואזען שטאַנדפּונקט. צו וואָרנען יעדען איינעם געגען דעם דאָזיגען טעות, אין וועלכען עס זיינען אריינגעפאַלען אייניגע וואָס שטעהען אן דער שפּיץ פון באָלשעוויזם און וועלכע האָבען ניט געקאָנט געהעריג אָפּשאַצען דעם אָקטאָבער־אויפשטאַנד און די אויפגאַבען פון דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט — דאָס איז די ערשטע פליכט פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

18. עס איז פאראַן בלויז איין מיטעל ווי צו לייזען פריעד־

ליך דעם קריזיס און צו מאַכען די גרינדונגס־פארזאמלונג פאַר אַן אמת׳ען אויסדרוק פון דעם ווילען פון פאָלק און פון די אינטערע־סען פון די עקספּלואַטירטע ארבייטער מאסען; צו פאַראָרדנען נייע וואהלען פאַר דער גרינדונגס־פארזאמלונג. דאָס טוענדיג דארף די איצטיגע גרינדונגס־פארזאמלונג פייערליך אנערקענען די מאכט פון די סאָוועטען, פון דער סאָוועט־רעוואָלוציע, פון דעם סאָוועט פּאָליטיק אין דער פראגע פון שלום, אין דער אַגראַר־פראַגע, אין דער פראגע פון ארבייטער קאָנטראָל. זי דארף אויך אָפען ארויסטרעטען געגען קאדעטיש־קאלעדינער קאָנטר־רעוואָלוציע.

19. אויסערהאלב די דאָזיגע באדינגונגען קען דער קריזיס אין פארבינדונג מיט דער גרינדונגס־פארזאמלונג געלייזט ווערען בלויז אויף א רעוואָלוציאָנערען אופן, דורך ענערגישע, ענטשלאָ־סענע רעוואָלוציאָנערע מיטלען, וואָס די סאָוועטען־מאכט דארף אָנ־נעהמען געגען דער קאדעטיש־קאלעדינער קאָנטר־רעוואלוציע, הינטער וואָס פאר א לאָזונגען די דאָזיגע קאָנטר־רעוואָלוציע זאָל זיך נים באהאלטען. יעדער פארזוך צו בינדען די הענד פון דער סאָוועטען־מאכט אין דעם דאָזיגען קאמף באדייט העלפען דער קאָנטר־רעוואָלוציע.

„די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון די סאָוועטען דאַרף באַגרינדעט ווערען בלויז אויף די באַדינגונגען פון דער רוסישער רעוואָלוציע" — דאָס איז דער תמצית פון נ. לענינ'ס שטעלונג צו דער ליקווידאַציע פון דער מלחמה און דעם אַזוי גערופענעם „ברעסט־ליטאָווסקער פריעדען" צווישען רוסלאַנד און דייטשלאַנד. אָן דעם פּרינציפּ האָט זיך געהאַלטען די סאָוועטען־רעגירונג אין אַלע וויטערדיגע יאָהרען נאָך דעם ברעסט־ליטאָווסקער פריעדען, און לענין איז אין דעם פּרט פאַרבליבען טריי צו זיין רעאַליסטישער דענקונגס־אַרט.

טראָצקי און אַנדערע האָבען געוואָלט פאָרטזעצען די מלחמה, זאָל עס זיין מיט די לעצטע כחות. ערקלעהרען אַ הייליגען רעוואָלוציאָנערען קריעג, וואָרים זייער האַרץ האָט ניט געקאָנט שלום מאַכען מיט די דערניגערענדע ברעסט־ליטאָווסקער פריעדענס־תנאים. אָבער לענין האָט אָפּגעלייגט אָן אַ זייט די געפיהלען און אָנשטאָט דעם האָט ער געטראַכט:

„די רוסישע רעגירונג מוז... אויסקלייבען איינס פון די ביידע: אָדער ב אַ ל ד אָננעמען דעם ערָאבערונגס־שלום אָדער ב אַ ל ד אָנהויבען די רעוואָלוציאָנערע מלחמה... אַ סעפּעראַטער שלום מיט די דייטשע אימפּעריאַליסטען, זאָגען אַנדערע, איז אַ פאַרשווערונג פון די פּרינציפּען פון אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם. אַזאַ אַרגומענט אזי דורכאויס פאַלש. פאַרלירען אַ סטרייק און איינגעהן אויף אומגינסטיגע באַדינגונגען... איז ניט קיין פאַרראַט צום סאָציאַליזם... אַ פאַרראַט וואָלט געווען צו מאַכען אַ געהיימען אָפּמאַך און דאָס צו באַהאַלטען פון פאָלק... עס איז ניט קיין פאַרראַט, ווען אַ שוואַך פאָלק שליסט אַ שלום, וואָס איז אומגינסטיג פאר איהם און גינסטיג פאר... קאַפּיטאַליסטען, אין אַ צייט ווען דאָס פאָלק האָט ניט קיין מעגליכקייט אָנצוגעהן מיט דער מלחמה. און ווידער... די באַלדיגע רעוואָלוציאָנערע מלחמה איז נאָר אַ שעהנער זשעסט. ניטאָ קיין אַרמעע. דער טראַנספּאָרט איז דעמאָראַליזירט. די פּויערים ווילען אַזאַ מלחמה ניט שטיצען... די רעוואָלוציאָנערע מלחמה וואָלט קיינצליך צונויפגעבראָכען און מיט איהר די סאָציאַליסטישע רעגירונג... סיידען אונטערדעסען זאָל אויספּלאַצען אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. אָבער דערין זייַען מיר ניט זיכער. מיר ווייסען ניט."

און לענין קומט צום אייזערנעם שלוס, וואָס איז שפּעטער באַשטעטיגט געוואָרען פון דער געשיכטע:

„אונטער אַזעלכע אומשטענדען טאָרען מיר ניט שטעלען אין קאָן דעם שיקזאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע."

—רעדאַקטאָר פון דער אידישער אויסגאַבע.

1. אזוי ווי אלע ארבייטער און מעהרסטע פויערען שטעהען דערפאר, אז די סאוועטען זאלען האבען די גאנצע מאכט און זיי שטיצען די סאציאלע רעוואלוציע, וואס די סאוועטען האבען אנגעהויבען, איז דער ערפאלג פון דער סאציאלער רעוואלוציע אין רוסלאנד כמעט א געזיכערטער.

2. דער בירגער־קריעג האט אויסגעבראכען צוליעב דעם פארצווייפעלטען ווידערשטאנד פון די פארמעגליכע קלאסען, וועלכע פארשטעהען גאנץ גוט, אז דאס איז דער לעצטער, ענטשיידענדער קאמף פאר דעם אנהאלטען פון פריוואט אייגענטום פון ערד און פראדוקציאנס־מיטלען. דער דאזיגער ווידערשטאנד האט זיך נאך ניט געענדיגט. אין דעם דאזיגען קאמף איז דער זיעג פון די סאוועטען א געזיכערטער, אבער פאר א געוויסער צייט וועלען מיר דארפען אויף איהם קאנצענטרירען אלע אונזערע כחות. א פעריאדע פון דעזארגאניזאציע איז אומפארמיידליך אין יעדער מלחמה, בפרט נאך אין א בירגער־קריעג, וואו דער ווידערשטאנד פון דער בורזשואזיע מוז צובראכען ווערען.

3. דער ווידערשטאנד פון דער בורזשואזיע איז ניט בלויז פון א מיליטערישען כאראקטער. ער איז הויפטזעכליך א פאסיווער און נעהמט אן די פארמען פון סאבאטאזש מצד פון אונטערגעקויפטע אגענטען פון דער בורזשואזיע, וועלכע האבען זיך אנגעשלאסען אן די סאציאליסטישע רייהען, כדי צו שעדיגען אונזער ארבייט. דער דאזיגער ווידערשטאנד איז אזא פאר'עקשנ'טער און נעהמט אן אזוי פיעל פארשידענע פארמען, אז דער קאמף געגען איהם וועט מוזען אנהאלטען מאנאטען לאנג, ווייל דער זיעג פון דעם סאציאליזם איז אוממעגליך כל זמן דער פיעל פאביגער ווידערשטאנד פון דער בורזשואזיע וועט בלייבען אומבאזיעגט.

די אויפגאבע פון רעארגאניזירען רוסלאנד אויף סאציאליס־

טישע יסודות איז אַ ריעזיגע און אַ שווערע סאַי צוליעב די קליין־בורזשואַזע עלעמענטען, וועלכע נעהמען אַנטייל אין דער רעוואָלוציע און סאַי צוליעב דער נישט־צופרידענשטעלענדער ענטוויקלונגס־שטופע פון דעם פּראָלעטאַריאַט; עס פּאָדערט זיך, דעריבער, אַ לענגערע צייט איידער די דאָזיגע אויפגאַבע וועט פאָלשטענדיג געלייזט ווערען.

5. דאָס אַלעס מיינט, אַז עס איז נויטיג, פאַר דעם ערפאָלג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, דאָס די סאָוויעט־רעגירונג זאָל אַם ווענינסטען אין דעם משך פון איינינע מאָנאַטען, האָבען אַ פרייע האַנד, כדי פריהער צו באַזיעגען די בורזשואַזיע און דערנאָך זיך נעהמען פאַר דער גרויסער אויפגאַבע איבערצובויען רוסלאַנד.

6. די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון די סאָוועטען דאַרף באַגרינדעט ווערען בלויז אויף די באַדינגונגען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, ווייל אין די איבעריגע לענדער איז איצט די לאַגע אַזאַ, אַז ס'איז אוממעגליך צו באַשטימען די צייט, ווען די אימפּעריאַליסטישע רעגירונג (די דייטשע אריינגערעכענט) וועלען אומגעוואָרפען ווערען. ס'איז קיין ספק ניט, אַז אַ רעוואָלוציע מוז און וועט אויסברעכען אין איירפּאַ. אונזער האָפנונג אויף אַ פּאָלשטענדיגען זיעג פון דעם סאָציאַליזם איז באַגרינדעט אויף דער דאָזיגער איבערצייגונג, אויף דער דאָזיגער וויסענשאַפטליכער היפּאָטעזע. אונזער פּראָפּאַגאַנדא אין אַלגעמיין און באַזונדערס אויף דעם געביעט פון „פאַרברידערונג" צווישען אונזערע סאָלדאַטען און די דייטשע מוז אָנגעפירט ווערען ברייטער און טיעפער. די סאָוועט רעגירונג טאָר אָבער ניט באַגעהן דעם פעהלער פון באַגרינדען איהר טאַקטיק אויף וואַהרשיינליכקייט, אַז די רעוואָלוציע אין איירפּאַ, און באַזונדערס אין דייטשלאַנד, וועט אויסברעכען אין עטליכע מאָנאַטען אַרום. מען קען בשום אופן ניט פאָראויסזאָגען די צייט ווען די רעוואָלוציע וועט אויסברעכען אין איירפּאַ, און בויען אונזער טאַקטיק אויף דעם וואָלט מיינען שפּיעלען אַ ריזיקאַלישע שפּיעל.

7. די פאַרהאַנדלונגען איבער דעם ברעסט־ליטאָווסקער אָפּמאַך האָבען געוויזען, אַז די מיליטערישע פּאַרטיי האָט געקראָגען די אויבערהאַנד אין דער דייטשער רעגירונג, און אַז אויך אין די

איבעריגע רעגירונגען פון דעם אנטאנט (די עליים) זיינען די מיליטערישע פארטייען אין זאטעל. די מיליטערישע פארטיי האט אונז שוין געשיקט אן אולטימאטום, און מיר ערווארטען די אפי־ציעלע פארם אין עטליכע טעג ארום. דער אולטימאטום איז: אדער פארטזעצען די מלחמה, אדער שליסען א פרידען, לויט וועל־כען דייטשלאנד וועט פארבלייבען די הערשערין איבער די געגענ־דען, וואס זי האט שוין פארנומען און מיר וועלען מוזען איהר אפגעבען געגענדען, וועלכע אונזערע סאלדאטען פארנעהמען איצט, און באצאהלען א קאנטריבוציע (אונטער'ן אויסרייד פון א באַ־פרידיגונג פאר דעם אויפהאלטען פון אונזערע מלחמה־געפאנגענע), וואס וועט באטרעפען כמעט דריי ביליאן רובעל און וועט מוזען אויסגעצאהלט ווערען אין דעם משך פון עטליכע יאהר.

8. די רוסישע רעגירונג מוז דעריבער באלד לייזען די דרינ־גענדע פראגע און אויסקלייבען איינס פון די ביידע: אדער באלד אננעהמען דעם ערָאבערונגס־שלום אדער באלד אנהויבען די רעוואָ־לוציאנערע מלחמה. קיין מיטעל־וועג איז נישטא. אויך קען די לייזונג ניט אפגעלעגט ווערען אויף שפעטער, ווייל מיר האבען שוין געטאן אלעס, וואס מיר האבען געקאנט אום צו געווינען צייט און פארציהען די פארהאנדלונגען.

9. איינער פון די ארגומענטען, וואס ווערען אנגעגעבען פאר א באלדיגער רעוואלוציאנערער מלחמה איז, דאס א באלדיגער סע־פאראטער (באזונדערער) שלום — וואס אונזערע אבזיכטען זאלען ניט זיין אין שליסען אזא שלום — וואלט מיינען שליסען אן אפ־מאך מיט די דייטשע אימפעריאליסטען, און דאס וואלט געווען א פארשוועכונג פון די פרינציפען פון אינטערנאציאנאלען סאציאליזם.

אזא ארגומענט איז דורכאוים פאלש. ווען ארבייטער פאר־לירען א סטרייק און מוזען איינגעהן אויף באדינגונגען, וועלכע זיינען גינסטיג פאר די קאפיטאליסטען און אונגינסטיג פאר זיי אליין, פארראטען זיי דורך דעם ניט דעם סאציאליזם. בלויז יענע פארראטען די אינטערעסען פון דעם פראלעטאריאט, וואס פארראטען דעם סאציאליזם, וואס געהען איין אויף אונמעגליכע באדינגונגען.

די אמת'ע פאררעטער פון דעם סאציאליזם זיינען די, וואס

רופען די מלחמה מיט דייטשלאַנד אַ גערעכטע, פאַרטיידיגונגס־מלחמה, ווייל אין דער אמת’ען שטיצען זיי דעם פראַנצויזישען און ענגלישען אימפעריאַליזם און באַהאַלטען פון פאָלק די געהיימע אָפּמאַכען. די אָבער, וואָס באַהאַלטען גאָרניט פון פאָלק, וואָס שליסען ניט קיין געהיימע אָפּמאַכען מיט די קאַפּיטאַליסטען, זיינען בשום אופן ניט קיין פאַררעטער פון דעם סאָציאַליזם, ווען זיי שליסען אַ שלום, וואָס איז אונגינסטיג פאַר אַ שוואַך פאָלק און גינסטיג פאַר אַ געוויסער גרופּע קאַפּיטאַליסטען, אין אַ צייט, ווען עס איז נישטאָ קיין מעגליכקייט אָנצוגעהן מיט דער מלחמה.

10. אַ צווייטער אַרגומענט ווערט אָנגעגעבען, דאָס ווען מיר שליסען אַ באַזונדערען שלום, ווערען מיר אַגענטען פון דער דייטשער רעגירונג — צי מיר ווילען דאָס, צי ניט — ווייל מיר גיבען איהר אַ מעגליכקייט אָפּצוציהען איהרע רעגימענטען פון אונזער פראָנט און זיי צו געברויכען (צוזאַמען מיט די דייטשע מלחמה־געפאַנגענע, וואָס מיר מוזען באַפרייען) אויף דעם מערב־פראָנט. אָבער אויך דער דאָזיגער אַרגומענט איז אַ פאַלשער, ווייל אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה געגען דייטשלאַנד וואָלט אונז געמאַכט פאַר אַגענטען פון ענגליש־פראַנצויזישען אימפעריאַליזם. די ענגלענדער האָבען פאָרגעשלאָגען קרילענקאָ’ן, דעם קאָמאַנדיר פון אונזער אַרמעע, צו באַצאָהלען הונדערט רובעל אַ מאָנאַט פאַר יעדען סאָלדאַט, אויב מיר וועלען אָנגעהן מיט דער מלחמה. און אפילו אויב מיר זאָלען נישט קריגען קיין קאָפּיקע פון דעם אַטענטאַט, וואָלטען מיר דורך דעם געוואָרען זייערע אַגענטען, ווייל מיר וואָלטען געהאָלפען זיי האַלטען אַ טייל פון דער דייטשער אַרמעע אויף אונזער פראָנט.

נאָך אַ זאַך: איינגאַנצען באַפרייען זיך פון די אימפעריאַליסטישע קייטען קענען מיר ניט אין דעם ערשטען פאַל פונקט ווי אין דעם צווייטען פאַל, ווייל דאָס קען ניט דערגרייכט ווערען אָהן דער פאַרניכטונג פון דעם אַלוועלטליכען אימפעריאַליזם. דאָס מיינט, אַז נאָכדעם ווי דער סאָציאַליזם האָט געזיעגט אין איין לאַנד, דאַרפען אַזעלכע פראַגען געלייזט ווערען ניט פון דעם שטאַנדפונקט פון געבען פאָרצוג אַ געוויסער קאַפּיטאַליסטישער גרופּע, נאָר פון דעם שטאַנדפונקט פון פאַרשטאַרקערען די סאָציאַלע רע־

וואָלוציע, דאָרט וואו זי האָט זיך שוין אָנגעהויבען, אונטער די בעסטע באַדינגונגען וואָס זיינען נאָר מעגליך.

קורץ גערעדט, אונזער פּאָליטיק מוז באַגרינדעט ווערען ניט אויף אַן אויסוואהל צווישען צוויי אימפּעריאַליזמען, נאָר אויף דער מעגליכקייט צו באַפעסטיגען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, אָדער אם ווייניגסטענס — ארויסצואווייזען אַ ווידערשטאַנד ביז די איבעריגע לענדער וועלען זיך אָנשליסען אָן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

11. עס ווערט באַהויפּטעט, אַז די דייטשע סאָציאַליסטישע מינאָריטעט האָט אונז געראַטען ניט אונטערצוגעבען זיך צום דייטשען אימפּעריאַיזם. אָבער מיר באַטראַכטען דאָס ניט פאַר אַ גוטער אויסטייטשונג. מיר האָבען אַלע מאָל באַקעמפט אונזער אייגענעם אימפּעריאַליזם, אָבער אומצואווארפען דעם אימפּעריאַליזם פון איין לאַנד דורך אַ בונד מיט דעם אימפּעריאַליזם פון אַ צווייטען לאַנד — אַזאַ מעטאָדע ווייזען מיר צוריק אי אויס פּרינציפּ אי אויס דעם גרונד, וואָס זי איז אוממעגליך אונטער די אומשטענדען. ווען די דייטשע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען וואָלטען אונז אויפגעפאָדערט אָפּצולעגען דעם שלום־אָפּמאַך ביז צו אַ געוויסער צייט און וואָלטען אונז גאַראַנטירט, אַז די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד וועט אויסברעכען אין אַ באַשטימטער צייט, וואָלטען מיר פיליכט געקאָנט האַנדלען אַזוי. אָבער די דייטשע סאָציאַליסטען זאָגען אונז ניט צו אַזאַ זאַך. פאַרקעהרט, זיי זאָגען צו אונז אָט וואָס: „ווייזט ארויס אַזוי פיעל ווידערשטאַנד וויפיעל איהר קענט נאָר, אָבער האַנדעלט אין איינקלאַנג מיט די אינטערעסען פון דער ר ו ס י ש ע ר רעוואָלוציע, ווארים עס איז דערווייל אוממעגליך צו געבען באַשטימטע גאַראַנטיעס אין באַצוג צו דער ד י י ט ש ע ר רעוואָלוציע.“

12. מען ווארפט אונז פאָר, אַז מיר האָבען צוגעזאָגט אָנצופיהרען אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה און אַז שליסען אַ באַזונדערען שלום מיינט ברעכען אונזער אייגענעם צוזאָג. דאָס איז ניט אמת. מיר האָבען געזאָגט, אַז ס'איז נויטיג ז'יך צו פאָר־צובריי טען פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער מלחמה און צו פיהרען אַזאַ מלחמה אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. מיר האָבען דאָס געזאָגט אום

אָפּצושטרייטען די טעאָריע פון אבסטראקטען פּאַציפיזם. די גענצ־ליכע אפּלייקענונג פון „נאַציאָנאַלער פּארטיידיגונג" אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם, און געזאָגט האָבען מיר דאָס כדי צו האַלטען אין צוים די ריין־פיזישע אינסטינקטען פון אייניגע סאָלדאטען; מיר האָבען זיך אָבער קיינמאָל ניט פאַרפּליכטעט אָנצופיהרען אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה צו יעדען מאָמענט, אפילו ווען עס זאָל זיין אוממעגליך דאָס צו טאָן.

און איצט איז עס אונזער פּליכט זיך צו פּאַרברייטען פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער מלחמה. מיר האַלטען אונזער פאַרשפּרעך פּונקט ווי מיר האָבען געהאַלטען אַלע אונזערע פאַרשפּרעכען אַזוי גוט ווי די אומשטענדען האָבען דאָס אונז ערלויבט: מיר האָבען פאַר־עפּענטליכט די געהיימע אָפּמאכען, מיר האָבען פאָרגעשלאָגען אַ גערעכטען שלום פאַר אַלע פעלקער, מיר האָבען פאַרצויגען די שלום־פאַרהאנדלונגען, כדי צו געבען די פעלקער אַ מעגליכקייט זיך אָנצושליסען אָן אונז. אָבער די פראַגע פון אָנצופיהרען אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה איצט קען געלייזט ווערען בלויז פון דעם שטאַנדפּונקט פון מאַטעריעלער מעגליכקייט און פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך שוין אָנגעהויבען.

13. ווען מיר באַטראַכטען אַלע אַרגומענטען פאַר באַלדיגער רעוואָלוציאָנערער מלחמה, זעהען מיר, אַז זיי שטעלען מיט זיך פאָר פּילייכט אַ שעהנעם זשעסט, אָבער אַז זיי זיינען ניט באַ־גרינדעט אויף די מאַטעריעלע באַדינגונגען און קלאַס־באַדינגונגען פון דעם איצטיגען מאָמענט.

14. עס איז אויסער צווייפעל, אַז אונזער אַרמעע איז ניט אימשטאַנד, ניט איצט און ניט אין די קומענדע עטליכע וואָכען אָדער זאָגאַר חדשים, ווידערצושטעהן אָדער צוריקצושטויסען די דייטשע אָפענסיווע; ערשטענס דערפאַר, וואָס אונזערע סאָלדאַ־טען זיינען מיעד און אויסגעמוטשעט און דאָס צושטעלען פון שפּייז־פּראָדוקטען איז פאַלשטענדיג דעזאָרגאַניזירט; צווייטענס, דער־פאַר, וואָס מיר האָבען נישט גענוג פערד, און דאָס מאַכט, אַז אונ־זער קאַוואַלעריע וועט זיכער האָבען אַ נידערלאַגע, און דריטענס דערפאַר, וואָס עס איז אוממעגליך פאַר אונז צו פאַרטיידיגען דעם

ריגאַ־ברעג, און דאָס מיינט, אַז דער שונא וואָלט זיכער איינגע־נומען גאַנץ ליפלאַנד און וואָלט לייכט געקאָנט פאַרנעהמען פעט־ראָגראַד.

15. נאָך מעהר, עס איז גאַנץ זיכער, אַז מעהרסטע פויערים אין אונזער אַרמעע ווילען שלום מיט אַנעקסיע און ניט אַ רעוואָ־לוציאָנערע מלחמה, וועהרענד עס איז נאָך כמעט קיין אָנהויב ניט געמאַכט געוואָרען אויף דעם געביט פון אָרגאַניזירען אַ רעוואָ־לוציאָנערע אַרמעע און אַ רויטע גוואַרדיע.

עס וואָלט זיין גאָרנישט אַזוי גרינג צו פיהרען מלחמה געגען דעם ווילען פון דער מאַיאָריטעט פון אונזערע סאָלדאַטען, בפרט נאָך איצט, ווען די גאַנצע אַרמעע איז דעמאָראַליזירט; און עס וועט נעהמען עטליכע מאָנאַטען איידער אַ פּראָלעטאַרישע, דורך און דורך סאָציאַליסטישע אַרמעע קען צוזאַמענגעשטעלט ווערען.

16. די אָרימע פויערען זיינען גרייט צו שטיצען אַ רעוואָ־לוציע געפיהרט פון דעם אַרבייטער־קלאַס, אָבער זיי זיינען נישט גרייט, אין דעם איצטיגען מאָמענט, צו שטיצען אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה. עס וואָלט זיין אַן ערנסטער פעהלער פון אונזער זייט צו איגנאָרירען די דאָזיגע אומשטענדען.

17. די פראַגע וועגען אַ רעוואָלוציאָנערער מלחמה קען מען דעריבער אוועקשטעלען ווי פאָלגט: אויב אַ רעוואָלוציע זאָל אויס־ברעכען אין דייטשלאַנד אין די קומענדע דריי אָדער פיער חדשים, וואָלט די טאַקטיק פון אָנפיהרען אַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה ניט געווען פאַטאַל פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע.

אויב די דייטשע רעוואָלוציע זאָל ניט אויסברעכען אין עט־ליכע חדשים אַרום, וואָלט אַזאַ טאַקטיק געפיהרט צו נאָך גרע־סערע נידערלאַגעס פאַר אונז און וואָלט געצוואונגען רוסלאַנד אָנ־צונעהמען נאָך שווערערע שלום־באַדינגונגען; און דעם שלום וואָלט געשלאָסען ניט אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג נאָר אַ געמישטע, ווי, צום ביישפּיעל, אַ קאָאַליציע צווישען טשערנאָוו'ס אָנהענגער און די אָנהענגער פון דער בורזשואַזער פּאַרטיי, ווייל די פויערען־אַרמעע, וועלכע איז אויסגעמאַטערט פון דער מלחמה און וויל זיך מעהר ניט שלאָגען, וואָלט אַרונטערגעוואָרפען די סאָציאַליסטישע רעגירונג אין עטליכע וואָכען אַרום.

18. אונטער אַזעלכע אומשטענדען טאָרען מיר פאַר קיין פאַל ניט שטעלען אין קאָן דעם שיקזאַל פון דער רוסישער רע־וואָלוציע.

19. מיט דעם שליסען פון אַ באַזונדערען שלום ווערען ניט באַשאַפען קיינע נייע שוועריגקייטען פאַר דער דייטשער רעוואָ־לוציע. פאַר אַ צייט וועט זי אפשר אָפּגעשוואַכט ווערען פון דעם שאָוויניזם, וועלכער וועט דורך דעם געשלאָסענעם שלום קריגען נייעם אימפּעט, אָבער די לאַגע אין דייטשלאַנד וועט פאַרבלייבען זעהר אַ קריטישע. די מלחמה מיט אַמעריקא און ענגלאַנד וועט נאָך אָנהאַלטען אַ לאַנגע צייט, ווען דער אימפּעריאַליזם וועט סוף כל סוף ארונטערנעהמען די מאַסקע אויף ביידע זייטען. די בייז־שפּיעלען פון דער רוסישער רעוואָלוציע וועלען ניט אויפהערען צו באַגייסטערען די איבעריגע פעלקער פון דער וועלט, און זי וועט אַזוי אַרום אויסאַיבען אַ גוואַלדיגען איינפלוס. אויף איין זייט וועט שטעהן די בורזשואַזע סיסטעם און די עראָבערונגס־מלחמה, געפיהרט פון צוויי אימפּעריאַליסטישע גרופּען, און פון דער אַנ־דערער זייט — שלום און די סאָציאַליסטישע רעפּובליק.

20. דער באַזונדערער שלום באַפרייט אונז, אויף ווי פיעל די אומשטענדען וועלען דאָס ערלויבען, פון ביידע אימפּעריאַליס־טישע גרופּען; מיר קענען אויסנוצען די מלחמה וואָס טיילט זיי פאַנאַנדער און לאָזט זיי ניט פאַראייניגען זיך געגען אונז, און אַזוי אַרום געווינען צייט אויף באַפעסטיגען די סאָציאַליסטישע רעפּוב־ליק אין רוסלאַנד.

דער איבערבוי פון רוסלאַנד אויף די יסודות פון אַ דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט, די נאַציאָנאַליזאַציע פון די באַנקען און פון גרויס אינדוסטריע, דער אויסטויש פון פּראָדוקטען צווישען די שטעדט און די פּויערען־קאָאָפּעראַטיווען — דאָס זיינען עקאָנאָ־מישע אויפגאַבען, וואָס קענען דורכגעפיהרט ווערען, ווען מיר זאָ־לען נאָר אָפּגעבען אויף דעם עטליכע חדשים פון טיכטיגער, ענער־גישער אַרבייט. אַזעלכע איינריכטונגען וועלען מאַכען דעם סאָ־ציאַליזם אומבאַזיגבאַר אין רוסלאַנד און וועלען באַשאַפען אַ שטענדיגען באָדען פאַר אַ מעכטיגער רויטער אַרמעע פון פּויערען און אַרבייטער.

21. אַז אמת סאָציאַליסטישע מלחמה קען אין דעם איצטיגען מאָמענט ניט טראָגען קיין אנדער כאראקטער ווי פון אַ מלחמה צווישען אַ סאָציאַליסטישער רעפובליק און בורזשואזע לענדער מיט דעם קלאָרען ענדציעל ארונטערצואווארפען די הערשאַפט פון דער בורזשואזיע אין די אנדערע לענדער.

מיר קענען זיך אָבער איצט ניט אָפּגעבען מיט אזא אויפגאבע. מיר וואָלטען ווירקליך געדארפט קעמפען פאר ליפלאנד און קור־לאנד. קיין מארקסיסט, קיין סאָציאַליסט וועט לייקענען — סיי־דען ער זאָל אָפּלייקענען די גרונד־פרינציפען פון סאָציאַליזם — אַז די אינטערעסען פון דעם סאָציאַליזם שטעהען העכער פון דער רעכט אויף זעלבסט־באשטימונג פון אַ נאציע. אונזער רעפובליק האָט געטאָן אַלצדינג וואָס זי האָט געקאָנט, און טוט עס נאָך איצט, אום צו פארזיכערען פאר פינלאנד און אוקראינע דאָס רעכט צו באשטימען זייער אייגענעם שיקזאל. אָבער אפילו ווען מיר זאָלען צוגעבען, אַז די עקזיסטענץ פון דער סאָציאַליסטישער רעפובליק פאָדערט די איבערטרעטונג פון דעם רעכט אויף זעלבסט־באשטימונג פאר פוילען, ליטע און פינלאנד, בלייבט עס דאָך קלאָר, אַז די אינטערעסען פון דער סאָציאַליסטישער רעפובליק שטעהען העכער פון אַלע אנדערע. מיר זיינען נישט באגייסטערט פאר אַ שלום, וואָס איז באזירט אויף דער באפרייאונג פון פוילען און וואָס וועט דעריבער מאכען דעם דייטשען אימפעריאליזם **שטארקער** אנטקעגען ענגלאנד, בעלגיום, סערביע א. ז. וו. אַ שלום באזירט אויף דער באפרייאונג פון פוילען, ליטע און קורלאנד וואָלט זיין אַ פאטריאָטישער שלום פון דעם שטאנדפונקט פון רוסלאנד, אָבער עס וואָלט אַלץ פארבליבען אַ שלום, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען מיט דייטשע מיליטאריסטען און אימפעריאליסטען.

די „טעזיסען וועגען בורזשואזער דעמאקראטיע און דיקטאטור" זיינען געשריבען אין מיטען יאהר 1919 אין דער צייט, ווען די סאוועטען־רעגירונג האט זיך גראנגעלט פאר'ן לעבען מיט דער קאנטר־רעוואלוציע אין אלע איהרע פארמען: סאבאטאזש אין דער פארוואלטונג און פראדוקציע, בירגער־קריעג, בלאקאדע און מיליטערישע אינטערווענציע פון די אייסלענדישע מאכטען.

אונטער'ן פלאג „דעמאקראטיע" האבען זיך באהאלטען עהרליכע פרינציפיעלע סאציאליסטישע געגנער און אומעהרליכע דיענער פון דער קאנטר־רעוואלוציע. די שווארצעסטע טאטען פון דער בלאקאדע און אינטערווענציע האבען זיך געשיצט אונטער דעם אנשטעל, אז זיי העלפען ארויס די דעמאקראטיע קעגען דיקטאטור. די שיריים פון צווייטען סאציאליסטישען אינטערנאציאנאל, פארזאמעלט אין בערן, האבען ניט גענומען קיין אפענע שטעלונג קעגען דער פראלעטארישער דיקטאטור אין רוסלאנד, אבער זיי האבען איהר פארדאמט אהן ווערטער. ג. לענין ענטפערט די איינווענדונגען קעגען דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט אין די פארליגענדע „טעזיסען".

די זעלביגע געדאנקען, וואס אין די „טעזיסען", זיינען אויסגעדריקט אין זיין שריפט „די סאציאליסטען און דער שטאאט" (אדער — „דער שטאאט און די רעוואלוציע"). נאר דעמאלט, אין 1917, איז עס געווען טעאריע פאר דער צייט שיבוא המשיח, און די „טעזיסען" זיינען א סך הכל פון פאקטישער ערפאהרונג.

די פאקטען האבען באשטעטיגט די טעאריע.

—רעדאקטאר פון דער אידישער אויסגאבע.

1. דער וואוקס פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג פון פראָלעטאריאט האָט אין אַלע לענדער ארויסגערופען א קאָנוואול־סיווע אָנשטרענגונג פון דער בורזשואזיע און איהרע אגענטען, אין די ארבייטער אָרגאניזאציעס, צו געפינען פּרינציפּיעלע פּאָליטישע ארגומענטען צו פארטיידינען די הערשאפט פון די עקספּלואטאָטאָרען. צווישען די ארגומענטען צייכענט זיך באזונדער אויס דער ארגומענט פון באשיצען דעמאָקראטיע. די פאלשקייט און צבוע'צסטווא פון אזא ארגומענט, וועלכער ווערט איבערגע'חזרט אויף טויזענדערליי אופנים אין דער קאפּיטאליסטישער פּרעסע און אויפ'ן קאָנפערענץ פון געלען אינטערנאציאָנאל אין פעברואר, 1919, אין בערן, זיינען קלאָר פאר יעדען, וואָס וויל ניט פאר־ראטען די גרונדלאגען פון סאָציאליזם.

2. פריהער פון אַלץ אָפּערירט אָט דער ארגומענט מיט די באגריפען „דעמאָקראטיע“ אין אַלגעמיין, און נעהמט ניט אין באטראכט דעם קלאס, וועגען וועלכען עס רעדט זיך. שטעלען די פראגע אזוי — אויסערהאלב די קלאסען און איבער די קלאסען, אינ'ם נאָמען פון גאנצען פאָלק — מיינט איזדעקעווען זיך איבער דער גרונד־לעהרע פון סאָציאליזם, די לעהרע פון קלאסען־קאמף, וואָס עס אנערקענען אין דער טעאָריע און עס פארנעסען אין דער ווירקליכקייט אָט די אַלע סאָציאליסטען, וואָס זיינען אריבער־געגאנגען אויף דעם זייט פון דער בורזשואזיע אין דער פּראקטיק. אין קיין ציוויליזירטען קאפּיטאליסטישען לאנד איז ניטאָ קיין דעמאָקראטיע סתם אין דער וועלט אריין, נאָר עס איז פאראן א בורזשואזע דעמאָקראטיע, און קיינער רעדט ניט וועגען דיקטאטור אלס אן אבסראקטען באגריף, נאָר וועגען דער דיקטאטור פון דעם אונטערדריקטען קלאס, דעם פּראלעטאריאט, איבער זיינע אונטער־דריקער און עקספּלואטאטאָרען, — איבער דער בורזשואזיע, — כדי ביצוקומען דעם ווידערשטאנד, וועלכען די עקספּלואטאטאָרען ווייזען ארויס אין קאמף פאר זייער הערשאפט.

3. די געשיכטע לערענט אונז, אז קיין איין אונטער־דריקטער קלאַס איז קיינמאָל ניט געקומען, און האָט ניט געקענט קומען, צו הערשאַפט, ניט דורכמאַכענדיג דעם פּעריאָד פון דיקטאַטור, ד. ה. ניט אַריינגעהמענדיג אין זיינע הענט די פּאָליטישע מאַכט און ניט דערשטיקענדיג מיט געוואַלט דעם אָהן ריקזיכט פאַר־צווייפעלטען ווידערשטאַנד, וועלכען עס צייגען אַרויס, ניט אָפּשטעלענדיג זיך פאַר קיינע פאַרברעכענס, די עקספּלואַטאַטאָרען. די אויך־מיר סאָציאַליסטען פאַרטיידיגען איצטער די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע געגען „דיקטאַטור" און זיינען גרייט געקריי־ציגט צו ווערען פאַר „דעמאָקראַטיע", אָבער אָט די זעלביגע בור־זשואַזיע האָט אויסגעקעמפט איהר מאַכט אין די פאַרטגעשריטענע לענדער פון אייראָפּא מיט דער הילף פון א גאַנצער רייהע אויפשטאַנדען, בירגער־קריעגען, געוואַלד־טאַטען איבער קעניגען, פעאָדאַלען, שקלאַפען־האַלטער און דערשטיקט יעדען פאַרזוך זייערען צוריקצוקעהרען זייער מאַכט. די סאָציאַליסטען פון אַלע לענדער האָבען אין זייערע ביכער, בראָשורען, אין די רעזאָלוציעס פון זייערע צוזאַמענפאָהרען און אין זייערע אַגיטאַציאָנס־רעדעס טויזענדער און מיליאָנען מאָל ערקלעהרט דאָס פאָלק דעם קלאַסען־כאַראַקטער פון די אַלע בורזשואַזע רעוואָלוציעס, פון דער בור־זשואַזער דיקטאַטור. דעריבער איז די יעצטיגע פאַרטיידיגונג פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, אונטער דער מאַסקע פון דעמאָ־קראַטיע אין אַלגעמיין און די אַלע איצטערדיגע קולות און גע־שרייען געגען דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אונטער'ן אויסרייד פון דיקטאַטור אין אַלגעמיין, א דירעקטער פאַרראַט צום סאָציאַליזם; פאַקטיש אן איבערגאַנג אויפ'ן זייט פון דער בורזשואַזיע, אן אָפּלייקענונג פון דעם רעכט פון פּראָלעטאַריאַט אויף זיין פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, א פאַרטיידיגונג פון בור־זשואַזען רעפאָרמיזם אין דעם היסטאָרישען מאָמענט, ווען דער בורזשואַזער רעפאָרמיזם האָט אויף דער גאַנצער וועלט געקראַכען א טויט־קלאַפּ און ווען די מלחמה האָט אומעטום באַשאַפען א רע־וואָלוציאָנערע סיטואַציע.

4. אויפקלערענדיג דעם קלאַסען־כאַראַקטער פון דער בור־זשואַזער ציוויליזאַציע, בורזשואַזער דעמאָקראַטיע און בורזשואַזען

פּאַרלאַמענטאַריזם, האָבען אַלע סאָציאַליסטען אויסגעדריקט דעם געדאַנק, וועלכען מאַרקס און ענגעלס האָבען מיט דער גרעסטער וויסענשאַפטליכער פּינקטליכקייט אַרויסגעזאָגט אין די ווערטער, אַז אַפילו די דעמאָקראַטישסטע רעפּובליק איז ניט מעהר ווי א מאַשין, מיט וועלכער די בורזשואַזיע דריקט דעם אַרבייטער־קלאַס, דאָס הייפעל קאַפּיטאַליסטען — די אַרבייטער מאַסען. ניטאָ קיין איין איינציגער מאַרקסיסט פון די , וואָס שרייען היינט געגען פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און פאַר דענמאָקראַטיע, וואָס האָט זיך ניט געשוואָרען פאַר די אַרבייטער, אַז ער אַנערקענט אָט דעם פונדאַמענטאַלען אמת פון סאָציאַליזם. און איצטער, ווען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון פּראָלעטאַריאַט האָט זיך פאַרמאָסטען צו פאַרניכטען אָט די מאַשינעריע פון אונטערדריקונג און אויסקעמפען די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, שטעלען פאַר אָט די פאַררעטער פון סאָציאַליזם די זאַך אַזוי, ווי די בורזשואַזיע וואָלט געהאַט געגעבען די אַרבייטער א „ריינע דעמאָקראַטיע”. וואָלט געהאַט אָפּגעזאָגט זיך פון יעדען ווידערשטאַנד, זייענדיג גרייט אונטערצואוואַרפען זיך צו דער מעהרהייט פון די אַרבייטענדע; אַזוי ווי אין א דעמאָקראַטישער רעפּובליק וואָלט ניט געווען קיין רעגירונגס־מאַשינעריע, מיט וועלכע דער קאַפּיטאַל אונטערדריקט די אַרבייט.

5. די פּאַריזער קאָמונע, וועלכע ווערט אויפ'ן וואָרט געעהרט פון אַלע, וואָס ווילען זיך רופען סאָציאַליסטען, — ווייל זיי ווייסען, אַז די אַרבייטער־מאַסען זיינען פאַר איהר מיט זייער גאַנצען פייער און ערנסט, — אָט די קאָמונע האָט קלאָר באַוויזען, אַז די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע, אויפ'ן העכסטען גראַד א פּראָגרעסיווע איינריכטונג אין פאַרגלייך מיט'ן מיטעלאַלטער, האָט נאָר א באַגרענעצטען ווערט. זי האָט א היסטאָרישע רעכטפאַרטיגונג, אָבער עס פאָדערט זיך אומבאַדינגט, אַז מ'זאָל זי גרינטליך ענדערען אין דער עפּאָכע פון א פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. מאַרקס, אַנאַליזירענדיג די קאָמונע, האָט בעסער פון אַלעמען אָפּגעשאַצט איהר היסטאָרישען ווערט און באַוויזען דעם עקספּלואַטאַטאָרישען כאַראַקטער פון בורזשואַזער דעמאָקראַטיע און בורזשואַזען פּאַרלאַמענטאַריזם, ביי וועלכען די אונטערדריקטע קלאַסען באַקומען

איין מאָל אין עטליכע יאָהר דאָס רעכט צו באַשטימען וועלכער פאַרשטעהער פון די באַזיצענדע קלאַסען וועט „פאַרשטעלען" און אונטערדריקען דאָס פאָלק אין פּאַרלאַמענט. אין דער צייט ווען די סאָוועטען־באַוועגונג, ארומכאַפּענדיג די גאַנצע וועלט, זעצט פאָר פאַר אַלעמענס אויגען די ארבייט פון דער קאָמונע, פאַרגעסען די פאַררעטער פון סאָציאַליזם די קאָנקרעטע ערפאַהרונג פון דער פּאַריזער קאָמונע און חזר'ען איבער דעם אַלטען בורזשואַזען שוואַץ וועגען „דעמאָקראַטיע אין אַלגעמיין". די קאָמונע איז דאָך אבער ניט געווען קיין פּאַרלאַמענטאַרישע אינסטיטוציע.

6. די באַדייטונג פון דער קאָמונע באַשטעהט ווייטער אין דעם, וואָס זי האָט געמאַכט א פאַרזוך צו פאַרניכטען און צוברעכען ביז'ן דעק דעם הויפּט מלוכה־אַפּאַראַט — ציווילען, ריכטליכען, מיליטערישען און פּאָליצייאישען — און פאַרבייטען עס מיט א מאַסען־אָרגאַניזאַציע פון זעלבסט־רעגירענדע ארבייטער, וואו די מאַכט איז ניט צוטיילט אויף געזעצגעבונג באַזונדער און אויספיהרונג באַזונדער. אַלע בורזשואַזע דעמאָקראַטישע רעפּובליקען פון אונזער צייט, אריינרעכענדיג שוין אויך די דייטשע, וועלכע די פאַררעטער פון סאָציאַליזם רופען ציניש אָן פּראָלעטאַרישע, האַלטען אָן דעם אויבענדערמאָהנטען מלוכה־אַפּאַראַט. אויף דעם אופן באַשטעטיגט זיך ווידער און ווידער גאַנץ קלאָר, אַז די אַלע געשרייען וועגען באַשיצען „דעמאָקראַטיע אין אַלגעמיין" שטעלען מיט זיך אין אמת'ען פאַר א פאַרטיידיגונג פון דער בורזשואַזיע און איהרע עקספּלואַטאַטאָרישע פּריווילעגיעם.

7. אַלס ביישפּיעל, ווּעלען מיר נעהמען די פאָדערונג פון פאַרזאַמלונגס־פרייהייט אין נאָמען פון דעמאָקראַטיע אין אַלגעמיין. יעדער באַוואוסטזיניגער ארבייטער, וועלכער האָט זיך ניט אָפּגעריסען פון זיין קלאַס, וועט גלייך פאַרשטעהן, אַז עס וואָלט געווען לעכערליך צו געבען די עקספּלואַטאַטאָרען פרייהייט פון פאַרזאַמלונג, אין דער צייט ווען זיי ווייזען ארויס אַזאַ ווידערשטאַנד און פאַרטיידיגען זייערע פּריווילעגיעם. ווען די בורזשואַזיע איז געווען רעוואָלוציאָנער, אין ענגלאַנד אין יאָהר 1649

און פראנקרייך אין יאָהר 1793, האָט זי ניט געגעבען קיין פריי־הייט פון פארזאמלונגען די מאָנאַרכיסטען און די אדעליגע, וואָס האָבען אייגגעלאדען אויסלענדישע חיל און געקליבען זיך צו אָר־גאניזירען א פארזוך אויפצושטעלען צוריק די אלטע מאָנארכיס־טישע ארדנונג. אויב די היינטיגע בורזשואזיע, וועלכע איז שוין לאנג געווארען רעאקציאָנער, פאָדערט דאָך פון פראלעטאריאט פרייהייט פון פארזאמלונגען, ניט קוקענדיג אויף דעם ווידער־שטאנד, וועלכער זי צייגט ארויס, ווען די ארבייטער נאר אויסלאָכען די צבוע'צסטווא פון דער בורזשואזיע.

פון דער צווייטער זייט, פארשטעהען די ארבייטער גאנץ גוט, אז אפילו אין די דעמאָקראטישע בורזשואזע רעפובליקען איז „פרייהייט פון פארזאמלונגען" נאָר א פוסטע פראזע, ווייל די רייכע האָבען אין זייער רשות אלע בעסטע געזעלשאפטליכע און פריוואטע געביידעס, אויך גענוג פרייע צייט צו פארזאמלען זיך און דעם גאנצען בורזשואזען אפאראט פון מאכט צו באשיצען זיי. אָבער דער שטאָדטישער און דאָרפישער פראלעטאריאט, ווי אויך די ארימע פויערים, ד. ה. די גאנץ גרויסע מעהרהייט פון דער באפעלקערונג, האָבען גיט דאָס ערשטע, ניט דאָס צווייטע, נים דאָס דריטע, און כל זמן די לאגע איז ווי זי איז, פארבלייבען די ווערטער „גלייכהייט", ל. ה. „ריינע דעמאָקראטיע" אן אפנארעריי. כדי אויסצוקעמפען אמת'ע גלייכהייט, כדי אין דער ווירקליכקייט איינצואָרדנען דעמאָקראטיע פאר די ארבייטענדע, דארף מען פריהער פון אלץ אפנעהמען ביי די עקספלואטאטאָרען אלע גע־זעלשאפטליכע און רייך־אויסגעפוצטע פריוואטע הייזער. מ'דארף פריהער געבען די ארבייטער פרייע צייט, מ'דארף, אז באוואפענטע ארבייטער זאָלען באשיצען זייערע פארזאמלונגען, און ניט קיין אריסטאָקראטלאך אָדער קאפיטאליסטען־אָפיצירען מיט דערשלאָ־גענע סאָלדאטען.

בלויז נאָך אזא אָפעראציע וועט מען קענען ערנסט ריידען וועגען פרייהייט פון פארזאמלונגען און וועגען גלייכהייט. ניט איזדעקעווענדיג זיך איבער די ארבייטער, איבער די ארימע. און דורכפיהרען אָט די אָפעראציע קען ניט קיינער, אויסער דעם

אוואַנגאַרד פון די ארבייטענדע, דער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער וועט נידערוואַרפען די עקספּלואַטאַטאָרען, די בורזשואַזיע.

8. „פרייהייט פון פרעסע" איז אויך איינער פון די לאָזונגען, וועלכע עס שטעלען ארויס די פּארטיידיגער פון „ריינער דעמאָקראַטיע". און ווידער ווייסען די ארבייטער (און די סאָציאַליסטען פון אַלע לענדער האָבען עס שוין מיליאָנען מאָל אנערקענט), אַז אָט די פרייהייט איז א פּשוט'ער שווינדעל, כל זמן די קאַפּיטאַליסטען האָבען פאַרכאַפּט אין זייערע הענט די בעסטע דרוקערייען און די גרעסטע זאַפּאַסען פון פּאַפּיר און כל זמן דער קאַפּיטאַל באַהערשט די פּרעסע, וועמעס איינפלוס איז אַם שטאַרקסטען דאָרטען, וואו דער דעמאָקראַטיזם און רעפּובליקאַנישע אָרדנונג איז מעהר ענטוויקעלט, ווי, צום ביישפּיעל, אין אמעריקא. כדי אויסצוקעמפען אמת'ע גלייכהייט און דעמאָקראַטיע פאַר די ארבייטענדע מאַסען, פאַר די ארבייטער און פּויערים, דאַרף מען פריהער אפּנעהמען ביי די קאַפּיטאַליסטען די מעגליכקייט צו דינגען שרייבער, אויסקויפען פאַרלאַגען און צייטונגען. און צוליעב דעם איז נויטיג נאָך איין זאַך — צוברעכען דעם יאָך פון קאַפּיטאַל, אומשטירצען די עקספּלואַטאַטאָרען און דערשטיקען זייער ווידערשטאַנד. די קאַפּיטאַליסטען האָבען שטענדיג אנגערופען „פרייהייט" די פרייהייט פון די רייכע אנצוקלייבען רייכטימער און די פרייהייט פון די ארבייטער צו שטאַרבען פון הונגער. די קאַפּיטאַליסטען רופען אָן „פרעסע־פרייהייט" די פרייהייט אונטערצוקויפען די פרעסע, די פרייהייט אויסצונוצען די רייכקייט אום צו פאַרבריצירען און אונטערהאַלטען די אזוי גערופענע געזעלשאַפטליכע מיינונג. און די פּאַרטייאיגער פון „ריינער דעמאָקראַטיע" צייגען זיך אין דער ווירקליכקייט ווידער אַרויס אַלס קעמפער פאַר דער שמוציגסטער, פאַרקויפטער סיסטעם, וואו די רייכע זיינען די בעלי־בתים איבער די מיטלען פון פאָלקס־בילדונג. זיי צייגען זיך ארויס אַלס באַשווינדלער פון פאָלק און מיט דער הילף פון אויסגעטראַכטע תירוצים און שעהנע פראַזען זוכען זיי אָפּצוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון דער קאָנקרעטער היסטאָרישער אויפגאַבע — באַפרייען די פרעסע פון איהר פאַרשקלאַפונג צום קאַפּיטאַל. אמת'ע פרייהייט און גלייכהייט

זיינען מעגליך בלויז אין אזא אָרדנונג, וואָס די קאָמוניסטען פיה־
רען איין, וואו עס איז ניטאָ קיין מעגליכקייט צו ווערען רייך אויפ'ן
חשבון פון א פּרעמדען, וואו עס איז ניטאָ קיין אָביעקטיווע מעג־
ליכקייט אונטערצואוואַרפען די פּרעסע אונטער דער הערשאַפט
פון געלד, ניט דירעקט, ניט אינדירעקט, וואו עס זיינען ניטאָ קיין
שטערונגען צו דעם, אז יעדער אַרבייטער אָדער א גרופּע אַרבייטער
זאָל האָבען די מעגליכקייט צו פאַרווירקליכען זייער גלייכעם רעכט
צו באַנוצען זיך מיט די געזעלשאַפטליכע דרוקערייען און געזעל־
שאַפטליכע פּאַפּיער.

9. די געשיכטע פון נייגצעהנטען און צוואַנציגסטען יאָהר־
הונדערטען פאַר דער מלחמה האָט באַוויזען, וואָס איז אין דער
ווירקליכקייט די פּאַנאַנדערגעפּויקטע ריינע דעמאָקראַטיע אין דער
קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. די מאַרקסיסטען האָבען שטענדיג
געזאָגט, אַז וואָס ענטוויקעלטער, וואָס „ריינער" די דעמאָקראַטיע,
אַלץ נאַקעטער, שאַרפער, אומ'ברחמנות'דיגער איז דער קלאַסען־
קאַמף, אַלץ אָפּענער איז דער דרוק פון קאַפּיטאַל און די דיקטאַטור
פון דער בורזשואַזיע. דרייפוסעס פּראָצעס אין דער רעפּובליקאַ־
נישער פראַנקרייך, די שווידערליכע בלוט־בעדער, וועלכע די געדונ־
גענע גאַרדס, באַוואָפענט דורך די קאַפּיטאַליסטען, מאַכען איבער די
סטרייקענדע אַרבייטער אין דער פרייער און דעמאָקראַטישער אַמע־
ריקא — די און טויזענטער אַנדערע עהנליכע פאַקטען באַווייזען
קלאָר דעם אמת, וועלכען די בורזשואַזיע זוכט אומזיסט צו באַהאַל־
טען, אַז אין די גרעסטע דעמאָקראַטישע רעפּובליקען הערשט אין
אמת'ן טעראָר און די דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע, וועלכע ציי־
גען זיך אַרויס יעדען מאָל, ווען די עקספּלואַטאַטאָרען דוכט זיך,
אַז די מאַכט פון קאַפּיטאַל הויבט זיך אָן צו שאָקלען.

10. די אימפּעריאַליסטישע מלחמה פון 1914—1918 האָט
אינגאַנצען אויפגעדעקט אַפילו פאַר די גאָר אָפּגעשטאַנענע אַרביי־
טער אָט דעם אמת'ען כאַראַקטער פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַ־
טיע, אַלס א בורזשואַזע דיקטאַטור אַפילו אין די פרייעסטע רעפּוב־
ליקען. צוליעב דעם, אַז א גרופּע דייטשע אָדער ענגלישע מיליאָ־
נערען אָדער מיליאַרדערען זאָלען קענען נאָך רייכער ווערען, האָט
מען אויסגע'הרג'עט צעהנדליגע מיליאָנען מענשען און אין די

פרייעסטע רעפובליקען איז איינגעפיהרט געווארען די מיליטערישע דיקטאטור פון דער בורזשואזיע. אין די לענדער פון דער אנטאנט ווערט אט די מיליטערישע דיקטאטור פארטגעזעצט אפילו איצטער, נאכדעם ווי מען האט שוין איבער דייטשלאנד דורכגעפיהרט אן אמת׳ען פאגראם. אט די מלחמה טאקע האט מעהר פון אלץ אויפגעפענט די ארבייטער די אויגען, האט אראפגעריסען פון דער בורזשואזער דעמאקראטיע איהרע פאלשע בלומען, האט באוויזען דאס פאלק דעם טיפען אפגרונט פון ספעקולאציע און פראפיטען אין דער צייט פון דער מלחמה און צוליעב דער מלחמה. אין נאמען פון פרייהייט און גלייכהייט זיינען סקאנדאליעז רייך געווארען די יעניגע, וועלכע האבען צוגעשטעלט די מלחמה־מאטעריאלען. קיינע אנשטרענגונגען פון געלען בערנער אינטערנאציאנאל וועלען ניט באהאלטען פון די מאסען דעם אויפגעדעקטען עקספלואטאטארישען כאראקטער פון בורזשואזע פרייהייט, בורזשואזע גלייכהייט, בורזשואזע דעמאקראטיע.

11. אין׳ם אם העכסט ענטוויקעלטען קאפיטאליסטישען לאנד אויפ׳ן אייראפעאישען קאנטינענט, אין דייטשלאנד, האבען די ערשטע חדשים פון רעפובליקאנער פרייהייט באוויזען די דייטשע ארבייטער און דער גאנצער וועלט, אין וואס עס באשטעהט דער קלאסען־אינהאלט פון א בורזשואזער דעמאקראטישער רעפובליק. דער מארד פון קארל ליעבקנעכט און רוזא לוקסעמבורג זיינען געשעהענישען פון אלוועלטליכער היסטארישער וויכטיגקייט ניט בלויז דערפאר, וואס עס זיינען אזוי טראגיש געפאלען די בעסטע מענשען און די פיהרער פון אמת׳ען פראלעטארישען קאמוניסטישען אינטערנאציאנאל, נאר אויך דערפאר וואס אין דעם פארטגעשריטענסטען אייראפעאישען שטאאט, פארטגעשריטענסטען, אהן גוזמא, אין׳ם אלוועלטליכען מאסשטאב, האט זיך ביז׳ן דעק אויפגעדעקט דער עצם פון קאלסען־הערשאפט. אויב ארעסטירטע, ד. ה. מענשען, וועמען די רעגירונגס מאכט דארף היטען, האבען געקאנט אומבאשטראפטערהייד גע׳הרג׳עט ווערען פון אפיצירען און קאפיטאליסטען אונטער א סאציאל־פאטריאטישער רעגירונג, איז זעלבסטפארשטענדליך, אז א דעמאקראטישע רעפובליק, וואו אזא זאך איז מעגליך, באדייט די דיקטאטור פון דער בורזשואזיע. מענשען, וועלכע דריקען אוים

זייער ענטריסטונג בנוגע צום טויט פון קארל ליעבקנעכט און ראָזא לוקסעמבורג, נאָר זיי פארשטעהען ניט אָט דעם אמת, ציינגען דער־מיט ארויס, אז אָדער זיי האָבען א טעמפען שכל אָדער אז זיי זיינען צביע'קעס. „פרייהייט" אין איינער פון די פרייעסטע און פאָרט־געשריטענסטע רעפובליקען אויף דער וועלט, אין דער דייטשער רעפובליק, מיינט פרייהייט צו הרג'ענען אומבאשטראָפטערהייד די פיהרער פון פראָלעטאריאט. און אנדערש קען עס ניט זיין כל זמן עס האלט זיך דער קאפיטאליזם, ווייל די ענטוויקלונג פון דעמאָ־קראטיע פארטעמפט ניט, נאָר פארשארפט דעם קלאסען־קאמף, וועלכער האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע, א דאנק דער ווירקונג און רעזולטאטען פון דער מלחמה.

אין דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט קומט פאָר די ארויס־שיקונג פון באָלשעוויקעס, זייער פארפאָלגונג, מ'פארשפארט זיי אין די טורמעס, ווי, צום ביישפיעל, אין איינע פון די פרייעסטע בור־זשואזע רעפובליקען אין דער שווייץ, פאָגראָמען אויף די באָלשעווי־קעס אין אמעריקא א. א. וו. פון שטאנדפונקט פון דעמאָקראטיע אין אלגעמיין אָדער „ריינע דעמאָקראטיע" קומט דאָך אוים פראָסט לעכערליך, וואָס פאָרטגעשריטענע, ציוויליזירטע, באוואפענטע פון קאָפ ביז די פיס לענדער האָבען מורא פאַר עטליכע צעהנדליג מענ־שען פון דער אָפּגעשטאנענער, הונגעריגער, רואינירטער רוסלאנד, וועמען די בורזשואזע אגענטען שטעלען ארוים טעגליך, אין צעהנד־ליגע מיליאָנען עקזעמפלארען פון זייערע צייטונגען, אלס ווילדע קרימינעלע א. ד. גל. עס איז קלאָר, אז א געזעלשאפטליכע סביבה, וועלכע האָט געקענט ארויסברייגען אזא שרייענדען ווידערשפרוך, איז אין דער ווירקליכקייט א דיקטאטור פון דער בורזשואזיע.

12. ביי אזא לאגע איז די דיקטאטור פון פראָלעטאריאט ניט נאָר געזעצליך אלס מיטעל ארונטערצוזעצען די עקספלואטאטאָרען און דערשטיקען זייער ווידערשטאנד, זי איז אויך אבסאָלוט נויט־וועגדיג פאר דער גאנצער מאסע ארבייטענדע, אלס די איינציגע פארטיידיגונג געגען דער דיקטאטור פון דער בורזשואזיע, וועלכע האָט געבראכט צו דער מלחמה און וועלכע גרייט צו נייע מלחמות.

די הויפט זאך, וואָס די סאָציאליסטען פארשטעהען ניט און וואָס איז די אורזאכע פון זייער טעאָרעטישער קורצזיכטיגקייט, פון

זייער פאַרבלענדעניש מיט די בורזשואַזע פּאַראורטיילען און פון זייער פּאָליטישען פאַרראַט צום פּראָלעטאַריאַט, איז דאָס, וואָס אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, ווען דער קלאַסען־קאַמף, אויף וועלכען זי האַלט זיך, ווערט זעהר פאַרשאַרפט, קען ניט זיין קיין מיטעלוועג, עס מוז עקזיסטירען אָדער די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אָדער די דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע. יעדער טרוים וועגען עפּעס אַ דריטער פאָרמע איז נאַרישע פּלאַפּלעריי פון דער קליין־בורזשואַזיע. אויף דעם קאָן עדות זאָגען די איבער הונדערט־יאָה־ריגע ערפאַהרונג פון דער ענטוויקלונג פון בורשזואַזער דעמאָקראַטיע און אַרבייטער באַוועגונג אין אַלע פאָרטגעשריטענע לענדער, און באַזונדער די ערפאַהרונג פון די לעצטע פופציג יאָהר. דאָס זעלבע זאָגט אונז די גאַנצע וויסענשאַפט פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, דער גאַנצער אינהאַלט פון מאַרקסיזם, דערקלערענדיג, אַז אין אַ וואַרען־ווירטשאַפט איז עקאָנאָמיש נויטווענדיג די דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע, וועלכע קען אומגעשטירצט ווערען נאָר דורך דעם לוין־קלאַס, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט, פאַרמעהרט און פאַר־שטאַרקט מיט דער ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, ד. ה., דער קלאַס פון פּראָלעטאַריאַט.

13. דער צווייטער טעאָרעטישער און פּאָליטישער טעות פון די סאָציאַליסטען באַשטעהט אין דעם, וואָס זיי פאַרשטעהען ניט, אַז די פאָרמען פון דעמאָקראַטיע האָבען זיך אומפאַרמיידליך געביטען אין די טויזענדער יאָהרען, אָנהויבענדיג פון די אוראַלטע צייטען, אויף אַזוי פיעל אויף וויפיעל איין הערשענדער קלאַס האָט פאַרביטען דעם צווייטען. אין די אַמאָליגע רעפּובליקען פון גריי־כענלאַנד, אין די שטעדט פון מיטעל־אַלטער, אין די פאָרטגע־שריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָט זיך די דעמאָקראַטיע אַרויסגעצייגט אין באַזונדערע פאָרמען און געהאַט אַנדערע שטו־פען פון ווירקונג. עס וואָלט געווען דער גרעסטער אומזין צו דענ־קען, אַז די טיעפסטע רעוואָלוציע אין דער געשיכטע פון דער מענש־הייט, דער ערשטער פאַל אין דער וועלט, ווען די מאַכט פון דער עקספּלואַטאַרישער מינדערהייט געהט איבער צו דער עקספּלואַ־טירטער מעהרהייט, קען פאָרקומען אינערהאַלב די אַלטע ראַמען פון דער אַלטער בורזשואַזער פּאַרלאַמענטאַרישער דעמאָקראַטיע,

אָהן אַ ראַדיקאַלען ברוך, ניט באַשאַפענדיג קיין נייע פאָרמען פון דעמאָקראַטיע, קיינע נייע איינריכטונגען, וועלכע זאָלען אין זיך פאַרקערפּערען די נייע באַדינגונגען פאַר איהר אָנווענדונג אין לעבען א. א. וו.

14. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז עהנליך אויף די דיקטאַטור פון אַנדערע קלאַסען מיט דעם, וואָס ביידע זיינען אַרויסגערופען געוואָרען דורך דער נויטווענדיגקייט צו אונטערדריקען מיט געוואַלט דעם ווידערשטאַנד פון יענעם קלאַס, וועלכער פאַרלירט זיין פּאָליטישע הערשאַפט. דער גרינדליכער אונטערשייד צווישען דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און דער דיקטאַטור פון אַנדערע קלאַסען, ווי די דיקטאַטור פון די פּריצים אין מיטעלאַלטער, אָדער די דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע אין אַלע ציוויליזירטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, באַשטעהט אין דעם, וואָס די דיקטאַטור פון די פּריצים און בורזשואַזיע האָט מיט געוואַלט אונטערדריקט דעם ווידערשטאַנד פון דער גרויסער מעהרהייט פון דער באַפעלקערונג, פון די אַרבייטענדע מאַסען; די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אָבער מיינט פאַרקעהרט צו דערשטיקען מיט געוואַלט דעם ווידערשטאַנד פון די עקספּלואַטאַטאָרען, ד. ה. פון דער אומבאַדייטענדער מינדערהייט — די פּריצים און קאַפּיטאַליסטען. פון דאַנען איז שוין געדרונגען, אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט מוז אומפאַרמיידליך ברענגען צו דעם, אַז ניט עם דאַרפען בלויז אומגעביטען ווערען די פאָרמען און אינסטיטוציעס פון דעמאָקראַטיע אין אַלגעמיין, נאָר זיי דאַרפען אומגעביטען ווערען אין אַזאַ ריכטונג, אַז די אונטערדריקטע דורך'ן קאַפּיטאַליזם אַרבייטער־מאַסען זאָלען פאַקטיש קענען אויסנוצען די דעמאָקראַטיע אַזוי ברייט, ווי נאָך קיינמאָל ניט אין דער געשיכטע.

און ווירקליך, אַט די פאָרמע פון פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, וועלכע האָט זיך שוין אויסגעאַרבייט אין דער פּראַקטיק, ווי די סאָוועטען־רעגירונג אין רוסלאַנד, די ראַטען־סיסטעם אין דייטשלאַנד, שאַפּ־סטואַרד קאָמיטעטען אין ענגלאַנד און אַנדערע עהנליכע איינריכטונגען אין אַנדערע לענדער — זיי אַלע פאַרצייכענען מיט זיך און פאַרווירקליכען פאַר די אַרבייטער מאַסען, ד. ה. פאַר די גרעסטע מעהרהייט פון דער באַפעלקערונג אַזאַ פאַקטישע מעגליכ־

קייט אויסצונוצען פאַר זיך די דעמאָקראַטישע רעכטע און פרייהייטען, וועלכע עס איז שווער געווען פאַרצושטעלען זיך אַפילו אַלס מעגליכע אין די בעסטע און דעמאָקראַטישסטע בורזשואַזע רעפּובליקען.

דער אינהאַלט פון דער סאָוועטען־רעגירונג באַשטעהט אין דעם, וואָס דער שטענדיגער און דער איינציגער פונדאַמענט פון רעגירונגס־מאַכט, פון גאַנצען רעגירונגס־אַפּאַראַט איז די מאַסען־אָרגאַניזאַציע פון יענע קלאַסען, וואָס זיינען געווען אונטערדריקט דורך'ן קאַפּיטאַל, ד. ה. די ארבייטער און האַלב־פּראָלעטאַרישע פּויערים, וועלכע עקספּלואַטירען ניט קיין פרעמדע האָרעוואַניע און וועמען עס קומט שטענדיג אויס צו פאַרקויפען צום ווענינגסטען אַ טייל פון זייער ארבייטס־קראַפט. אָט די מאַסען, וועלכע זיינען אַפילו אין די דעמאָקראַטישסטע בורזשואַזע רעפּובליקען, מיט דער הילף פון אַלערליי קונצען־שטיק און מאַכינאַציעס, געווען באַזייטיגט פון נעמען אַן אנטייל אין פּאָליטישען לעבען און פון באַנוצען זיך מיט די דעמאָקראַטישע רעכטע און פרייהייטען, טראָץ דעם וואָס לויט'ן געזעץ האָבען זיי דאָס אַלעס געהאַט — אָט די מאַסען ווערען יעצט צוגעצויגען צו אַ שטענדיגען, אָבליגאַטאָרישען און ענטשיידענדען אנטייל אין דער דעמאָקראַטישער רעגירונג פון לאַנד.

15. די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע האָט אומעטום און שטענדיג צוגעזאָגט גלייכהייט פון בירגער, אומאָפּהענגיג פון געשלעכט, רעליגיע, ראַסע און נאַציאָנאַליטעט, אָבער זי האָט עס קיינמאָל ניט דורכגעפיהרט און, צוליעב די הערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם, ניט געקענט דורכפיהרען. אָבער די סאָוועטען־רעגירונג, אָדער אַנדערש געזאָגט, די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט האָט עס פאַרווירקליכט באַלד און אין אַ פולער מאָס, ווייל דעם כח דורכצופיהרען עס האָט נאָר די מאַכט פון די ארבייטער, וועלכע זיינען ניט פאַראינטערעסירט ניט אין פּריוואַט אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס מיטלען און ניט אין'ם קאַמף, וועלכער קומט אַרויס ביים טיילען זיך מיט די דאָזיגע מיטלען און פּראָדוקטען פון דער פּראָדוקציע.

16. די אַלטע, ד. ה., די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע און פּאַר־

לאַמענטאַריזם זיינען געווען אַזוי אָרגאַניזירט, אַז די אַרבייטענדע מאַסען זיינען געווען מעהר פון אַלעמען פאַרפרעמדט און דערווייטערט פון דער פאַרוואַלטונגס־מאַשינעריע. די סאָוועטען־מאַכט, ד. ה. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז געבויט אַזוי, אַז די אַרבייטענדע מאַסען זאָלען שטעהן נעהנטער צום רעגירונגס אַפּאַראַט. צום זעלבינען צוועק דיענט אויך די פאַראייניגונג פון דער געזעצגעבענדער און עקזעקוטיווער מאַכט אין דער סאָוועטען־אָרגאַניזאַציע פון דער מלוכה און אויך דאָס, וואָס די טעריטאָריעלע וואַהלקרייזען זיינען פאַרביטען געוואָרען מיט פּראָדוקציאָנס־צענטרען, ווי מאַנופעקטורען און פאַבריקען.

17. די אַרמיי איז געווען שטענדיג אַ מיטעל פון אונטערדריקונג ניט נאָר אין די מאָנאַרכיסטישע לענדער. זי איז געבליבען אַזעלכע אין אַלע בורזשואַזע, העכסט דעמאָקראַטישע רעפּובליקען. די סאָוועטען רעגירונג, אַלס אַ שטענדיגע רעגירונגס אָרגאַניזאַציע פון די אונטערדריקטע קלאַסען, איז נאָר אַליין אימשטאַנדע אָפּצושאַפען אַזאַ צושטאַנד, וואו די אַרמיי איז אונטערגעוואָרפען צו בורזשואַזע קאָמאַנדירען. נאָר זי אַליין איז פעהיג צונויפגיסען דעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער אַרמיי, פאַקטיש צו פאַרווירקליכען די באַוואַפנונג פון פּראָלעטאַריאַט און די ענטוואַפנונג פון דער בורזשואַזיע, אָהן וואָס עס איז אונמעגליך דער זיעג פון סאָציאַליזם.

18. די סאָוועטען־אָרגאַניזאַציע איז צוגעפּאַסט צו דער אָנפיהרענדער ראָל פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז מעהר פון אַלע אַנדערע קלאַסען קאָנצענטרירט און ענטוויקעלט דורך'ן קאַפּיטאַליזם. די ערפאַהרונג פון אַלע רעוואָלוציעס און באַוועגונגען פון די אונטערדריקטע קלאַסען, די ערפאַהרונג פון דער אַלוועלטליכער סאָציאַליסטישער באַוועגונג לערנט אונז, אַז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט אַליין באַזיצט די פעהיגקייט צו פאַראייניגען און פיהרען נאָך זיך די צושטרייטע און אָפּגעשטאַנענע שיכטען פון דער אַרבייטענדער און עקספּלואַטירענדער באַפעלקערונג.

19. נאָר די סאָוועטען־אָרגאַניזאַציע פון דער מלוכה האָט די מעגליכקייט צו צוברעכען און איינגאַנצען פאַרניכטען דעם אַלטען, ד. ה. בורזשואַזען, ציווילען און ריכטערליכען אַפּאַראַט, וועלכער האַלט אָן און מוז אָנהאַלטען אונטער'ן קאַפּיטאַליזם אפילו

אין די דעמאָקראַטישסטע רעפּובליקען, און וואָס דינט פאַקטיש אַלס די גרעסטע שטערונג פאַר די ארבייטענדע מאַסען דורכצופיהרען דעם דעמאָקראַטיזם אין לעבען. די פּאַריזער קאָמונע האָט געמאַכט דעם ערשטען שריט אויף דעם וועג, און די סאָוועטען רעגירונג — דעם צווייטען.

20. צו פאַרניכטען די מאַכט פון דער שטאַאַטליכער מאַכט איז דער ציעל, וואָס עס האָבען זיך געשטעלט אַלע סאָציאַליסטען, מאַרקס אריינגערעכענט. כל זמן אָט דער צוועק איז ניט פאַר־ווירקליכט, קען ניט פאַרווירקליכט ווערען דער אמת'ער דעמאָקראַ־טיזם, ד. ה. גלייכהייט און פרייהייט. און פאַקטיש פיהרט צו דעם צוועק בלויז די סאָוועטען מאַכט און די פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַ־טיע, ווייל צוציהענדיג די מאַסען־אָרגאַניזאַציעס פון די ארבייטענ־דע צו אַ שטענדיגען און אָבליגאַטאָרישען אנטייל נעמען אין דער רעגירונג פון לאַנד, הויבט זי דערמיט אָן צוצוגרייטען די פאָלשטענ־דיגע פאַרשווינדונג פון יעדער רעגירונג.

21. דער פולער באַנקראָט פון די סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען זיך צונויפגעקליבען אין בערן, די פולע ניט־פאַרשטענדעניש זייערע פון דער נייער, ד. ה. פּראָלעטאַרישער דעמקראַטיע, צייגט זיך בולט ארויס פון דעם פאָלגענדען: דעם 10טען פעברואַר, 1919, האָט בראַנטינג געשלאָסען אין בערן די קאָנפערענץ פון געלען אינטערנאַציאָנאַל. דעם 11טען פעברואַר, 1919, האָבען זיך אין בערלין זיינע חברים אין זייער ציידונג „די פרייהייט“ גע־ווענדעט צום פּראָלעטאַריאַט מיט אַן אויפרוף פון דער „אומאָפּ־העננגיגער“ פּאַרטיי. אין דיזען אויפרוף ווערט אנערקענט דער בורזשואַזער כאַראַקטער פון שיידעמאַן'ען. זיי מאַכען איהם אַ פאָרוואורף דערפאַר, וואָס ער וויל אָפּשאַפען די סאָוועטען, וועלכע ווערען אָנגערופען טרעגער און באַשיצער פון דער רעוואָלוציע, און מאַכען דערביי אַ פאָרשלאַג צו לעגאַליזירען די סאָוועטען, געבען זיי דאָס רעכט אָפּצושטעלען די באַשלוסען פון דער גרינדונגס־פאַר־זאַמלונג און איבערגעבען זיי צו אַ רעפערענדום.

אַזאַ פאָרשלאַג באַדייט דעם פולען באַנקראָט פון אָט די טעאָ־רעטיקער, וועלכע פאַרטיידיגען דעמאָקראַטיע און פאַרשטעהען ניט איהר בורזשואַזען כאַראַקטער. דער לעכערליכער פאַרזוך צו פאַר־

אייניגען די סאָוועטען־סיסטעם, ד. ה. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, מיט דער אידעע פון א גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, ד. ה. די דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע, דעקט אויף סיי די אָרימקייט פון געדאַנק פון די געלע סאָציאַליסטען און סאָציאַל־דעמאָקראַטען, סיי זייער רעאַקציאָנערען קליין־בורזשואַזען אינהאַלט, און סיי זייער שרעקעדיגע נאָכגעביגקייט דער אָהן אויפהער וואַקסענדער קראַפט פון דער נייער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע.

22. פאַראורטיילענדיג די באָלשעוויקעס, האָט די מערהייט פון געלען אינטערנאַציאָנאַל אין בערן, ניט וואַגענדיג צו שטימען אין דעם זינען א פאָרמעלע רעזאָלוציע, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט פאַר די אַרבייטער־מאַסען, געהאַנדעלט ריכטיג פון קלאַסען־שטאַנד־פּונקט. אָט די מערהייט איז סאָלידאַריש מיט די רוסישע מענשעוויקעס און סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, מיט די שיידעמאַנס אין דייטשלאַנד. די רוסישע מענשעוויקעס און סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען, באַקלאָגענדיג זיך אויף די רדיפות, וואָס זיי האָבען אויסצושטעהען פון די באָלשעוויקעס, פּרואווען באַהאַלטען דעם פאַקט, אַז אָט די רדיפות זיינען אַרויסגערופען געוואָרען דורכדעם, וואָס די מענשעוויקעס און סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען גענומען אַן אנטייל אין בירגער־קריעג אויף דער זייט פון דער בורזשואַזיע געגען פּראָלעטאַריאַט. אַזוי האָבען אויך שיידעמאַן און זיין פאַרטיי באַוויזען אין דייטשלאַנד צו נעהמען אַן אַנטייל אין בירגער־קריעג אויף דעם צד פון דער בורזשואַזיע געגען די אַרבייטער.

עס איז דערפאַר גאַנץ נאַטירליך, וואָס די מעהרסטע אנטיילנעמער אין בערנער געלען אינטערנאַציאָנאַל האָבען זיך אַרויסגעזאָגט געגען די באָלשעוויקעס. אין דעם האָט זיך אויסגעדריקט ניט די פאַרטיידיגונג פון „ריינער דעמאָקראַטיע“ נאָר די זעלבסט־פאַרטיידיגונג פון מענשען, וועלכע ווייסען און פיהלען, אַז אין בירגער קריעג שטעהען זיי אויפ’ן זייט פון דער בורזשואַזיע געגען די אַרבייטער.

אָט פאַרוואָס מען קען ניט, פון קלאַסען־שטאַנדפּונקט, ניט אַנערקענען די ריכטיגקייט פון דעם מערהייטס־באַשלוס פון געלען אינטערנאַציאָנאַל. דער פּראָלעטאַריאַט אָבער דאַרף ניט מורא האָבען פאַר’ן אמת; ער דאַרף קוקען איהם גלייך אין פּנים אַריין און ציהען פון דעם זיינע פּאָליטישע שלוסען.

„די סאָוועטען־מאַכט ביי דער אַרבייט" אָדער „די אויפגאַ־בען פון דער סאָוועט־רעגירונג" איז אַ פּראָגראַם־רעדע, וואָס ל. לענין האָט געהאַלטען פאַר דעם קאָנגרעס פון די סאָוועטען אין פריהלינג פון 1918, ווען עס האָט אויף אַ ווײַלע אויסגעוויזען, אַז דער קאַמף מיט דער קאָנטער־רעוואָלוציע איז פאַרענדיגט, לכל הפּחות אין די הויפּט־צוגען, און אַז עס איז געקומען די צייט פון אָרגאַניזישער בוי־אונגס־אַרבייט.

ל. לענין באַהאַנדעלט אין דער רעדע גאַנץ פּאָזיטיוויג, אָנאַ־ליטיש און פריי פון ראָמאַנטיזם, די טאָג־טעגליכע אויפגאַבען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אויף מאָרגען נאָך איהר ערפאָלג. ער באַטראַכט די נויטיגקייט פון קאָנטראָל, זעלבסט־דיסציפּלין, פאַר־אַנטוואָרטליכקייט און פּריוויליגער דעמאָקראַטיע (זעלבסט־באַ־שרייבונג). אָבער די אַלע מדות זיינען עטוואָס אַנדערש, ווי די בורזשואַזע טענות וועגען זיי, ווען זיי ווערען פאָרמירט אין דעם פּראָצעס פון באַפעסטיגען די פּראָלעטאַרישע מאַכט אויף די חורבות פון דעם בורזשואַזען שטאַאַט.

דער פיהרער פון דער סאָוועט־רעגירונג איז אומ׳ברחמנות׳־דיג שאַרף אין דער קריטיק פון די פעהלערען און פאַרזעהנס פון דער סאָוועט־רעגירונג, אָבער זיין גלויבען איז פעסט, אַז קיין טעות איז ניט קיין אומגליק אויב נאָר די וואָס זיינען דעם טעות באַגאַנגען זיינען פעהיג צו לערנען פון די טעות׳ן ווי ווייטער קיין טעות׳ן ניט צו מאַכען.

די „סאָוועטען ביי דער אַרבייט" איז דער וויכטיגסטער דאָקומענט פון דעם ערשטען יאָהר פון דער רוסישער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

—רעדאַקטאָר פון דער אידישער אויסגאַבע.

די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע פון דער רוסישער סאָוועט־רעפּובליק און די פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

א דאנק דעם געשלאָסענעם פריעדען, — נישט קוקענדיג אויף דעם וואָס דער פריעדען איז א שווערער און גאָרנישט קיין זיכע־רער — האָט די רוסישע סאָוועט־רעפּובליק געקראָגען א מעגליכ־קייט פאר א געוויסער צייט צו קאָנצענטרירען אלע איהרע כחות אויף דער שווערסטער און וויכטיגסטער זייט פון דער סאָציאַליס־טישער רעוואָלוציע, אויף דער פּראָבלעם פון אָרגאַניזאַציע.

די אונטערדריקטע ארבייטער־מאסען האָבען קלאָר און גענוי אוועקגעשטעלט די דאָזיגע פּראָבלעם אין דעם פערטען טייל פון דער רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען דעם 16טען מערץ, 1918, אויף דעם צוזאַמענפאָהר פון די סאוועטען אין מאָסקווע,— אין דעם טייל, וואו עס רעדט זיך וועגען זעלבסט־דיסציפּלין פון אר־בייטער און וועגען אן אונ׳ברחמנות׳דיגען קאַמף מיט דעם הערשענ־דען כאאָס און דעזאָרגאַניזאַציע.

דער שלום איז נישט קיין זיכערער נישט דערפאר, נאַטירליך, וואָס די רוסישע סאוועט־רעפּובליק האָט בדעה אָנצופיהרען א נייע מלחמה. אויסער די בורזשואזע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערען און זייע־רע אונטערשטופער (מענשעוויקעס און אנד׳ערע) וועט קיין פּאָ־ליטיקער, וואָס איז ביים זינען, וועגען דעם נישט דענקען. דער שלום איז נישט קיין זיכערער דערפאר, וואָס אין די אימפּעריאַ־ליסטישע לענדער אויף די מזרח און מערב־גרעניצען פון רוסלאַנד, וועלכע באזיצען א געוואלדיגע מיליטערישע מאכט, קענען די מילי־טערישע פּארטייען צו יעדער מינוט קריגען די אויבערהאנד, אויס־נוצען די צייטווייליגע שוואכקייט פון רוסלאנד און באנייען די מלחמה מיט דער הילף פון די קאַפּיטאַליסטען, וואָס האסען אזוי דעם סאָציאַליזם.

אונטער אַזוינע אומשטענדען איז דער שלום געזיכערט פאַר אונז ניט דורך דער פאַפירענער גאַראַנטיע, נאָר דורך דעם שטרייט צווישען די אימפּעריאַליסטישע מאַכטען גופא. דער דאָזיגער שטרייט האָט שוין דערגרייכט צו דער העכסטער שטופע און צייגט זיך אַרויס פון איין זייט אין דער אימפּעריאַליסטישער מאַסען־שחיטה אין מערב־אייראָפּא און פון דער אַנדערער זייט אין דער פאַרשאַרפטער אימפּעריאַליסטישער קאָנקורענץ צווישען יאַפּאַן און אַמעריקא אין באַצוג צו דער הערשאַפט איבער דעם פּאַציפישען אָקעאַן און זיינע ברעגען.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז אונזער סאָציאַליסטישע סאָוועט־רע־פובליק, וועלכע איז מיליטעריש אַזוי שוואַך באַשיצט, געפינט זיך אין אַ זעהר אונזיכערער, ניין, אין אַ קריטישער אינטערנאַציאָנאַ־לער לאַגע. עס פאָדערט זיך די גרעסטע אָנשטרענגונג פון אַלע אונזערע כחות, אום אויסצונוצען דעם שלום אויף צו כאַפּען דעם אָטעם און פאַרהיילען די טיעפע וואונדען, וואָס די מלחמה האָט אָנגעמאַכט אין דעם געזעלשאַפטליכען אָרגאַניזם פון רוסלאַנד, און צו שטעלען דאָס לאַנד אויף די פיס עקאָנאָמיש. איידער דאָס וועט דערגרייכט ווערען קען מען, נאַטירליך, ניט דענקען וועגען פאַרגרעסערען און פאַרשטאַרקען אונזערע מיליטערישע מיטלען פאַר זעלבסט־שוץ.

אויך איז עס קלאָר, אַז מיר וועלען קענען לייסטען וויכטיגע הילף דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אין די מערב־לענדער, וועל־כע האָט זיך פאַרשפּעטיגט צוליעב אַ רייהע אורזאַכען, בלויז אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל אונז וועט זיך איינגעבען צו לייזען די פּראָבלעם פון אָרגאַניזאַציע.

די גרונד־באַדינגונגען פאַר אַן ערפאָלגרייכער לייזונג פון דער דאָזיגער פּראָבלעם באַשטעהט אין דעם, אַז די פּאָליטישע פיהרער פון פאָלק, דאָס הייסט, די מיטגליעדער פון דער רוסישער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי (באָלשעוויקעס), אַזוי גוט ווי אַלע באַוואוסט־זיניגע פאָרשטעהער פון די אַרבייטער־מאַסען, זאָלען קלאָר פאַר־שטעהן דעם פונדאַמענטאַלען אונטערשיעד צווישען די פריהעריגע בורזשואַזע רעוואָלוציעס און דער איצטיגער סאָציאַליסטישער רע־וואָלוציע אין באַצוג צו דער פראַגע, וואָס ווערט דאָ באַטראַכט

אין די בורזשואַזע רעוואָלוציעס איז די אַרבייטער־מאַסען אויסגעקומען צו טאָן הויפּטזעכליך די נעגאַטיווע אָדער צושטער־רענדע אַרבייט, וואָס האָט זיך געפאָדערט אין דער פאַרניכטונג פון דעם פעאָדאַליזם, דעם מאָנאַרכיזם, דעם מיטעל־אַלטערטום. די פּאָזיטיווע, בויענדע אַרבייט איז דורכגעפיהרט געוואָרען פון דער פאַרמעגליכער, בורזשואַזער מינדערהייט פון דער באַפעלקע־רונג. און די בורזשואַזיע האָט דורכגעפיהרט די דאָזיגע אַרבייט פאַרהעלטניסמעסיג גאַנץ לייכט, נישט קוקענדיג אויף דעם ווידער־שטאַנד פון די אַרבייטער און די אָרימע פויערען. דאָס האָט זיך איהר איינגעגעבען ערשטענס דערפאַר, וואָס דער ווידערשטאַנד פון די עקספּלואַטירטע מאַסען איז דאַן געווען זעהר אַ שוואַכער, ווייל די אַרבייטער זיינען געווען אונזויסענד און ניט אָרגאַניזירט; און צווייטענס דערפאַר, וואָס די וויכטיגסטע אָרגאַניזאַטאָרישע קראַפט פון דער אַנאַרכיש־געבויטער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג איז דער מעכטיגער וואוקס און אויסשפּרייטונג פון דעם מאַרק.

אָבער אין יעדער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע — און פאָלג־ליך אויך אין דער רוסישער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם 25טען אָקטאָבער, 1917, איז די וויכ־טיגסטע אויפגאַבע פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם אָרימען פויערטום אַ פּאָזיטיווע און בויענדע. פאַר די דאָזיגע עלעמענטען פון דער באַפעלקערונג שטעהט פאַר די אויפגאַבע פון איינצואָרדנען די העכסט־קאָמפּליצירטע און דעליקאַטע סיסטעם פון נייע אָרגאַ־ניזאַציאָנס־פאַרהעלטניסען, פון פּלאַנמעסיגער פּראָדוקציע און פאַר־טיילונג פון לעבענס־מיטלען, וואָס זיינען נויטיג פאַר דער עקזיס־טענץ פון צעהנדליגע מיליאָנען מענשען. אַזאַ רעוואָלוציע קען פאַרווירקליכט ווערען בלויז דאַן, ווען די מעהרהייט פון דער באַ־פעלקערונג, און באַזונדערס פון די אַרבייטער־מאַסען, וועט אַרויס־ווייזען און אָנווענדען איהר זעלבסטשטענדיגע שאַפונגס־קראַפט. דער זיעג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע וועט זיין אַ גע־זיכערטער בלויז דאַן, ווען דער פּראָלעטאַריאַט און די אָרימסטע טייל פון דעם פויערטום וועלען אַרויסווייזען גענוג באַוואוסטזיין, גענוג אידעאַליזם, גענוג זעלבסט־אויפּאָפּפערונג, גענוג געדולד און אויסגעהאַלטענקייט. מיט דעם וואָס מיר האָבען באַשאַפען אַ נייעם

טיפ שטאַאט, דעם סאָוועט־שטאַאט, וואָס גיט די אונטערדריקטע אַרבייטער־מאַסען אַ מעגליכקייט צו נעהמען אַן אַקטיווען אַנטייל אין דעם זעלבסטשטענדיגען בויען פון אַ נייער געזעלשאַפט, האָבען מיר געלייזט בלויז אַ קליינעם טייל פון אונזער שווערער אויפגאַבע. די גרעסטע שוועריגקייט ליגט אין דעם עקאָנאָמישען פעלד: פאַרגרעסערען די פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבייט, דורכפיהרען אַ שטרענגען און אַלגעמיינעם קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע און פאַרטיילונג פון לעבענס־מיטלען, פּאַרגעזעלשאַפטליכען די פּראָדוקציע אויף אַן אמת'ן.

די ענטוויקלונג פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, וועלכע איז איצט די פיהרענדע פּאַרטיי אין רוסלאַנד, ווייזט אונז גאַנץ קלאָר אין וואָס עס באַשטעהט דער עצם און די וויכטיגקייט פון דעם איצטיגען ווענדונגס־פּונקט אין דער געשיכטע, און וועלכע נייע פּראָבלעמען די סאָוועט־מאַכט דאַרף פאַר זיך אַוועקשטעלען.

די ערשטע פּראָבלעם פון יעדער צוקונפטס־פּאַרטיי איז צו איבערצייגען די מעהרהייט פון פאָלק אין דער ריכטיגקייט פון איהר פּראָגראַם און טאַקטיק. די דאָזיגע פּראָבלעם איז געווען פון דער ערשטער וויכטיגקייט אונטער דעם צאַריזם אַזוי גוט ווי אין דער פּעריאָדע, ווען די צערעטעלים און די טשערנאָווס האָבען געמאַכט קאָמפּראָמיסען מיט קערענסקי'ן און קאָשקינען. די דאָזיגע פּראָבלעם איז נאָך אינגאַנצען ניט ערשעפּט און קען פיליכט קיינמאָל ניט ערשעפּט ווערען ביז צום גרונט, אָבער אין אַלגעמיין איז זי שוין געלייזט געוואָרען, ווייל די מעהרהייט פון די אַרבייטער און פּויערען אין רוסלאַנד, ווי עס האָט באַוויזען דער לעצטער סאָוועטען־צוזאַמענפאָהר אין מאָסקווע, שטעהט אויף דער זייט פון די באָלשעוויקעס.

די צווייטע אויפגאַבע פון אונזער פּאַרטיי איז געווען צו ערווערבען די פּאָליטישע מאַכט און אונטערדריקען דעם ווידערשטאַנד פון די עקספּלואַטאַטאָרען. אויך די דאָזיגע אויפגאַבע קען ניט ערשעפּט ווערען ביז צום גרונט, און קען ניט איגנאָרירט ווערען, ווייל די מאָנאַרכיסטען מיט די קאַדעטען פון איין זייט, און זייערע אונטערשטיצער און נאָכשלעפּער, די מענשעוויקעס און די רעכטע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען פון דער אַנדערער זייט, מאַכען נאָך אַלץ

פאַרזוכען צו פאַראייניגען זיך און צו שטירצען די סאָוועט־רעגירונג. אָבער אין אַלגעמיין איז שוין אויך די דאָזיגע אויפגאַבע געלייזט געוואָרען און די עטליכע מאָנאַטען צווישען דעם 25טען אָקטאָבער, 1917, און פעברואַר, 1918, ווען באַגאַיעווסקי*) האָט זיך אונטער־געגעבען.

די דריטע אויפגאַבע, וואָס כאַראַקטעריזירט די אייגענאַרטיג־קייט פון דעם איצטיגען מאָמענט, איז צו אָ ר ג אַ נ י ז י ר ע ן די פ אַ ר וו אַ ל ט ו נ ג פ ו ן ר ו ס ל אַ נ ד. ס'פאַרשטעהט זיך, אַז מיר האָבען די דאָזיגע אויפגאַבע אָנגעהויבען לייזען שוין אויף מאָרגען נאָך דעם 25טען אָקטאָבער, 1917, אָבער אַזוי לאַנג ווי דער ווידערשטאַנד פון די עקספּלואַטאַטאָרען האָט נאָך אָנגע־האַלטען די פאָרם פון אַן אָפענעם פּאָליטישען קריעג, האָט די אויפגאַבע פון פאַרוואַלטונג נ י ט ג ע ק אָ נ ט ווערען די וו י כ־ט י ג ס ט ע, די צ ע נ ט ר אַ ל ע אויפגאַבע.

איצטער אָבער איז זי שוין יאָ די וויכטיגסטע. מיר, די באָל־שעוויסטישע פּאַרטיי, האָבען א י ב ע ר צ י י ג ט רוסלאַנד אין דער ריכטיגקייט פון אונזער פּראָגראַם. מיר האָבען מיט גוואַלד א וו ע ק ג ע נ ו מ ע ן רוסלאַנד ביי די רייכע, די עקספּלואַטאַ־טאָרען און זי אַוועקגעגעבען צו די אָרימע, צו די וואָס אַרבייטען. איצטער דאַרפען מיר פ אַ ר וו אַ ל ט ע ן רוסלאַנד. און די גאַנ־צע שוועריגקייט פון דעם איצטיגען מאָמענט באַשטעהט אין דעם, ווי צו פאַרשטעהן דעם איבערגאַנג פון דער גרונד־אויפגאַבע פון א י ב ע ר צ י י ג ע ן דאָס פאָלק און אונטערדריקען די עקס־פּלואַטאַטאָרען, צו דער גרונד־אויפגאַבע פון פ אַ ר וו אַ ל ט ו נ ג.

צום ערשטען מאָל אין דער וועלט־געשיכטע האָט זיך אַ סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי איינגעגעבען צו פאַרענדיגען די ערוועָרבונג פון מאַכט און די אונטערדריקונג פון די עקספּלואַטאַטאָרען, און צו ד ע ר ג ר י י כ ע ן צ ו ד ע ר פ ר אַ ג ע פ ו ן פ אַ ר־ו אַ ל ט ו נ ג. מיר דאַרפען באַווייזען, אַז מיר זיינען ווערט די עהרע צו זיין די ערשטע דורכצופיהרען אַט די שווערסטע (און

*) קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער פיהרער פון די קאָזאַקען פון דאָן־געגענד.

דאנקבארסטע) אויפגאבע פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. מען מוז געדענקען, אז פאר אן ערפאָלגרייכער פארוואלטונג פאַר־דערט זיך נישט נאָר צו קענען איבערצייגען, נישט נאָר צו קענען זיעגען אין א בירגער־קריעג, נאָר צו קענען פּ ר א ק ט י ש אָר־ג א נ י ז י ר ע ן. די דאָזיגע אויפגאבע איז די וויכטיגסטע, ווייל דאָ האנדעלט זיך וועגען ארגאניזירען אויף א גאנץ נייעם שטייגער דעם עקאָנאָמישען פונדאמענט פאר דעם לעבען פון צעהנדליגע מיליאָנען מענשען. און דאָס איז די דאנקבארסטע אויפגאבע, ווייל בלויז ווען זי וועט דורכגעפיהרט ווערען (אין איהרע הויפּט־שטריכען), וועט מען קענען זאָגען, אז רוסלאנד איז ג ע וו אָ ר ע ן נים נאָר א סאָוועטען־רעפּובליק, נאָר אויך א סאָציאַליסטישע רעפּובליק.

### דער לאָזונג פון דעם מאָמענט.

דער שווערער און אונזיכערער שלום, די שרעקליכע רואינע, ארבייטסלאָזיגקייט און הונגער, וועלכע מיר האָבען געקראָגען בירושה פון דער מלחמה און פון דער הערשאַפט פון דער בור־זשואזיע (אין דער פּערזאָן פון קערענסקי, די מענשעוויקעס און רעכטע סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען, וועלכע האָבען איהם גע־שטיצט), — דאָס אַלעס האָט באשאפען א מיעדקייט, אן אויס־צעהרונג פון די כחות פון די ברייטע ארבייטער־מאסען. זיי, די מאסען, פאָדערען א מעגליכקייט זיך אָפּצורוהען, און זיי קענען נישט אַנדערש ווי פאָדערען אזא מעגליכקייט. אויף דעם טאגעס־אָרדנונג שטעהט איצט די פראגע ווי אזוי צוריקצוקריגען די פּראָ־דוקציאָנס־קרעפטען, וואָס זיינען צושטערט געוואָרען פון דער מלחמה און פון דעם בורזשואזען בעל הבית'עווען; ווי אזוי צו פארהיילען די וואונדען, וואָס זיינען פאראורזאכט געוואָרען פון דער מלחמה, פון די נידערלאגעס אין דער מלחמה, פון דער ספּעקו־לאציע מיט לעבענס־מיטלען, און פון די אָנשטרענגונגען, וואָס די בורזשואזיע מאכט צוריקצוגעווינען די פארלאָרענע מאכט פון די עקספּלואטאטאָרען, — אין קורצען — ווי אזוי אוועקצושטעלען דאָס לאנד עקאָנאָמיש אויף די פיס. די צווייטע וויכטיגע פראגע, וואָס שטעהט אויף דער טאגעס־אָרדנונג, איז ווי אזוי צו באשיצען

און פאַרזיכערען עלעמענטאַרע אָרדנונג אין לאַנד. פּיליינט קוקט דאָס אויס ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער אין דער ווירקליכקייט, צוליעב די אָנגעגעבענע אָביעקטיווע באַדינגונגען, איז עס אויסער צווייפעל, אַז די סאָוועט־רעגירונג קען אין דעם איצטיגען מאָמענט פאַרזיכערען רוסלאַנד׳ס איבערגאַנג צום סאָציאַליזם בלויז דאַן, ווען די דאָזיגע עלעמענטאַרע אויפגאַבע פון פאַרזיכערען עלעמענטאַרע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג וועט דורכגעפיהרט ווערען, טראָץ דער פאַרקעהרטער ווירקונג פון דער בורזשואַזיע, די מענשעוויקעס און די רעכטע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. די פּראַקטישע לייזונג פון די דאָזיגע עלעמענטאַרע אויפגאַבען און די ערפאָלגרייכע אָרגאַניזאַציע פון די ערשטע שריט צום סאָציאַליזם — דאָס זיינען איצט, אונטער דער סאָוועט־רעגירונג מיט איהרע געזעצען וועגען דער סאָציאַליזאַציע פון דער ערד, וועגען אַרבייטער־קאָנטראָל א. ז. וו., צוויי זייטען פון איינעם און דעם זעלבען מעדאַל.

פיהר אַ געוויסענהאַפטען און אַקוראַטען חשבון פון געלד, זיי עקאָנאָמיש אין דער פאַרוואַלטונג פון דיין ווירטשאַפט, פאַרשווענד ניט דיין צייט אומזיסט, גנב׳ע ניט, היט אָפּ די שטרענגסטע דיסציפּלין ביי דער אַרבייט, — גראַדע אָט אַזעלכע לאָזונגען, וואָס זיינען מיט רעכט פאַרלאַכט געוואָרען פון די רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַריער, ווען די בורזשואַזיע האָט מיט אַזעלכע רייד פאַרדעקט איהר הערשאַפט, ווערען איצט, נאָך דער נידערלאַגע פון דער בורזשואַזיע, די וויכטיגסטע לאָזונגען פון דעם מאָמענט. דורכצופיהרען די דאָזיגע לאָזונגען אין פּראַקטישען לעבען — דאָס איז, פון איין זייט, דער *איינציגער* וועג ווי צו רעטען דאָס לאַנד, וואָס איז כמעט ביז צום טויט פאַרפּלאָגט געוואָרען פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה און די אימפּעריאַליסטישע רויבער (מיט קערענסקי׳ן אן דער שפּיץ); און פון דער אַנדערער זייט, אויב די דאָזיגע לאָזונגען וועלען דורכגעפיהרט ווערען אין דעם פּראַקטישען לעבען דורך דער *סאָוועט־רעגירונג*, דורך *איהרע* מעטאָדען, *איהרע* געזעצען, וועט דאָס זיין די *נויטיגע און גענוגענדע* באַדינגונג פאַר דעם ענדליכען זיעג פון דעם סאָציאַליזם.

אָט דאָס ווילען ניט פאַרשטעהן די יעניגע, וואָס פאַרוואַרפען

מיט פאַראַכטונג די אידעע פון אַרויסשטעלען צום פאָדער־גרונד אַזוינע „אויסגעדראָשענע“ און „באַנאַלע“ לאָזונגען. אין אַ לאַנד פון קליין־פויערטום, וואָס האָט ערשט מיט אַ יאָהר צוריק אַרונ־טערגעוואָרפען דעם צאַריזם און האָט זיך ערשט מיט אַ האַלב יאָהר צוריק באַפרייט פון די קערענסקים, איז נאָך, נאַטירליך, פאַרבליבען אַ היבש ביסעל אומבאַוואוסטזיניגער אַנאַרכיזם, וואָס איז פאַרשטאַרקט געוואָרען פון דער פאַרצווייפלונג און פאַרווילד־קייט, וועלכע באַגלייטען אַלע מאָל אַ לאַנגע און רעאַקציאָנערע מלחמה. אויב מיר נעהמען נאָך, אויסער דעם, אין אַנבאַטראַכט די פּראָוואָקאַטאָרישע פּאָליטיק פון די לאַקעען פון דער בורזשואַזיע (די מענשעוויקעס, רעכטע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען א. ז. וו.), ווערט גאַנץ פאַרשטענדליך, אַז עס פאָדערען זיך דויער־האַפטע, איינגע׳עקשנ׳טע אָנשטרענגונגען פון די בעסטע און ענט־וויקעלטסטע אַרבייטער און פויערען אום פאָלשטענדיג צו פאַר־ענדערען די שטימונג פון די מאַסען און איבערגעהן צו רעגעל־מעסיגער, אויסגעהאַלטענער, דיסציפּלינירטער אַרבייט. בלויז אַן איבערגאַנג, דורכגעפיהרט פון די אָרימע מאַסען (פּראָלעטאַריער און האַלבע פּראָלעטאַריער) וועט זיין אימשטאַנד צו פאַרענדיגען דעם זיעג איבער דער בורזשואַזיע און באַזאָנדערס איבער דער צאָהלרייכער און איינגע׳עקשנ׳טער פויערען־בורזשואַזיע.

### די נייע פאַזע פון קאַמף מיט דער בורזשואַזיע.

די בורזשואַזיע האָבען מיר שוין באַזיעגט, אָבער מיר האָבען זי נאָך ניט אַרויסגעריסען מיט׳ן וואָרצעל, מיר האָבען זי נאָך זאָגאַר ניט אינגאַנצען צובראָכען. מען מוז דעריבער אַוועקשטע־לען אויפ׳ן טאָגעס־אָרדנונג די העכערע פאָרם פון דעם קאַמף מיט דער בורזשואַזיע, דעם איבערגאַנג פון דער איינפאַכער אויפגאַבע פון ווייטערדיגער עקספּראָפּריאַציע פון די קאַפּיטאַליסטען, צו אַ פיעל שווערערער און מעהר קאָמפּליצירטער אויפגאַבע: צו באַ־שאַפען אַזוינע באַדינגונגען, אַז עס זאָל זיין אוממעגליך פאַר דער בורזשואַזיע צו עקזיסטירען און פאַר אַ נייער בורזשואַזיע צו ענט־שטעהן. עס איז קלאָר, אַז דאָס איז אַ פיעל העכערע פּראָבלעם

און אז איידער זי וועט גענייזט ווערען וועט דער סאָציאַליזם ניט קענען פארווירקליכט ווערען.

אויב מיר זאָלען פאַרגלייכען די רוסישע רעוואָלוציע מיט מערב־אייראָפּעאישע רעוואָלוציעס, שטעהען מיר איצט אומגעפעהר אויף דער שטופע, וואָס איז דערגרייכט געוואָרען אין 1793 *) און אין 1871 **). מיר האָבען א גזעצליך רעכט צו שטאָלצירען מיט דעם, וואָס מיר האָבען זיך דערהויבען צו דער דאָזיגער שטופע און זיינען אין דעם פּרט אוועק פיעל ווייטער: מיר האָבען דעקרע־טירט (פאַראָרדערט) און איינגעפיהרט איבער גאַנץ רוסלאַנד דעם העכסטען טיפּ שטאַאַט, דעם סאָוועט־שטאַאַט. אָבער מיר קענען זיך פאַר קיין פאַל ניט צופרידענשטעלען מיט דעם, וואָס מיר האָבען שוין דערגרייכט, ווייל מיר האָבען בלויז אָנגעהויבען דעם איבערגאַנג צום סאָציאַליזם, אָבער קיין ענטשיידענדעס אין דעם דאָזיגען הינזיכט האָבען מיר ד ע ר ו ו י י ל נאָך גאַרנישט ניט פארווירקליכט.

די ענטשיידענדע באַדינגונג (פאַר אַן ערפאָלגרייכען איבער־גאַנג צום סאָציאַליזם) באַשטעהט אין דעם אָרגאַניזירען פון דעם שטרענגסטען אַלגעמיינעם קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע און פאַנאַנדערטיילונג פון לעבענס־מיטלען. אין די צווייגען און טיילען פון דער ווירטשאַפט, וועלכע מיר האָבען אוועקגענומען פון דער בורזשואַזיע, האָבען מיר נאָך דערווייל ניט דערגרייכט צו אַזאַ שטופע פון קאָנטראָל, און אָהן דעם קען מען זאָגאַר נישט טראַכטען וועגען דער צווייטער וועזענטליכער באַדינגונג פאַר דעם איינפיה־רען פון דעם סאָציאַליזם — וועגען פאַרגרעסערען, אויף אַן אַל־נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב, די פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבייט.

מען קען דעריבער איצט נישט ערשעפען די אויפגאַבע פון דעם מאָמענט מיט דער פאָרמולע: פאָרטזעצען די אָפענסיווע געגען קאַפּיטאַל. נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מיר האָבען נאָך די בורזשואַזיע איינגאַנצען ניט באַזיעגט און עס איז אומבאַ־דינגט נויטיג פאָרטצוזעצען דעם קאַמף געגען דעם שונא פון די

---

*) פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע — איבערז.

**) פון דער פּאַריזער קאָמונע. — איבערז.

אַרבייטער־מאַסן, איז אַזאַ פאָרמולע נישט פּאַסענד פאַר דעם איצטיגען מאָמענט, ווען עס איז נויטיג, אין די אינטערעסן פון דעם ו ו י י ט ע ר ד י ג ע ן קאַמף געגען קאַפּיטאַל, א י צ ט „אָפּצושטעלען" די אָפּענסיווע.

לאָמיר פאַרגלייכען אונזער לאַגע אין דער מלחמה געגען קאַ־פּיטאַל מיט דער לאַגע פון אַ זיעגרייכער אַרמעע, וואָס האָט אַוועק־גענומען ביים שונא, לאָמיר זאָגען, אַ האַלב אָדער צוויי־דריטעל פון זיין טעריטאָריע און האָט אָפּגעשטעלט דעם אָנגריף־מאַרש כדי זיך אָפּצורוהען, פאַרגרעסערען די זאַפּאַסען פון אַמוניציע, פאַרריכטען און פאַרגרעסערען די פאַרקעהר־ליניען, אויפבויען נייע שפּייז־מאַגאַזינען, אַריבערברענגען נייע רעזערוון א. ז. וו. פאַר אַ זיעגרייכער אַרמיי איז אין אַזוינע פעלע נויטיג אָפּצושטעלען די אָפּענסיווע גראַדע אין די אינטערעסן פון דער ווייטערדיגער אָפּענ־סיווע, דאָס הייסט, אין די אינטערעסן פון אַ פולשטענדיגען זיעג. דער וואָס פאַרשטעהט ניט, אַז די אָביעקטיווע לאַגע אין דעם איצטיגען מאָמענט דיקטירט אונז אויף דערוויייל „אָפּצו־שטעלען" דעם קאַמף געגען קאַפּיטאַל, — דער האָט גאָרניט ניט געלערענט פון דעם פּאָליטישען מאָמענט, וואָס מיר לעבען איצט איבער.

נאַטירליך, דאָס וואָרט „אָפּשטעלען" די אָפּענסיווע געגען קאַפּיטאַל געברויכען מיר דאָ ניט אין דעם בוכשטעבליכען זין. אין אַ געוועהנליכער מלחמה קען מען געבען אַן אַלגעמיינעם באַ־פעהל אָפּצושטעלען די אָפּענסיווע, מען קען פאַקטיש אָפּשטעלען די פאָרווערטס־באַוועגונג. אין דער מלחמה געגען קאַפּיטאַל קען מען די פאָרווערטס־באַוועגונג נישט אָפּשטעלען. עס איז גאָר קיין פראַגע נישט, אַז מיר קענען ניט אָפּשטעלען די ווייטערדיגע עקס־פּראָפּריאַציע פון קאַפּיטאַל. עס האַנדעלט זיך בלויז וועגען איבער־טרייבען דעם ש ו ו ע ר פּ ו נ ק ט פון אונזער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער טעטיגקייט. ביז אַהער זיינען אין דעם פאָדער־גרונד געשטאַנען מיטלען פאַר אַ דירעקטער, אוממיטעלבאַרער עקספּראָ־פּריאַציע פון די עקספּראָפּריאַטאָרען. איצט שטעהט אין דעם פאָ־דער־גרונד די פראַגע וועגען אָרגאַניזירען אַ שטרענגען קאָנטראָל

און פאַראַנטוואָרטליכקייט אין די ווירטשאַפטען, וואו די קאַפּי־טאַליסטען זיינען שוין עקספּראָפּריאירט.

ווען מיר וואָלטען איצט פאָרטגעזעצט די עקספּראָפּריאַציע פון די קאַפּיטאַליסטען מיט דעם זעלבען טעמפּאָ, מיט דער זעלבער האַסטיגקייט ווי פריהער, וואָלטען מיר זיכער געהאַט אַ נידערלאַגע, ווייל יעדער דענקענדער מענש זעהט עס גאַנץ קלאָר, אַז אונזער אַרבייט אויף דעם געביט פון אָרגאַניזירען אַ סיסטעם פון פּראָ־לעטאַרישען קאָנטראָל איבער דעם עקאָנאָמישען לעבען איז הינ־טערשטעליג אין פאַרגלייך מיט דער אַרבייט אויף דעם געביט פון דירעקטער „עקספּראָפּריאַציע פון די עקספּראָפּריאַטאָרען". ווען מיר וועלען זיך איצט נעהמען מיט אַלע כחות פאַר דער אַרבייט אויף דעם געביט פון אָרגאַניזירען אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכקייט און קאָנטראָל, וועלען מיר קענען לייזען די דאָזיגע פּראָבלעם, וועלען מיר אָניאָגען די „פאַרלאָרענע" צייט, וועלען מיר געווינען אונזער מלחמה געגען קאַפּיטאַל.

אָבער ווען מיר גיבען צו, אַז מיר דאַרפען אָניאָגען דאָס פאַר־לאָרענע, מיינט עס דען ניט, אַז מיר זיינען זיך מודה אין עפּעס אַ פעהלער, וואָס מיר זיינען באַגאַנגען? ניין, לחלוטין ניט. לאָ־מיר זיך ווידער אַמאָל ברענגען דעם ביישפּיעל פון אַ זיעגרייכער אַרמעע. אויב מיר קענען צוקלאַפּען און אָפּשטויסען דעם שונא בלויז מיט עטליכע רעגימענטען לייכטער קאַוואַלעריע, דאַרפען מיר דאָס טאָן. און אויב דאָס קען געטאָן ווערען בלויז ביז צו אַ געוויסען גרעניץ, מיינט עס, נאַטירליך, אַז נאָכדעם ווי מיר האָבען דערגרייכט דעם גרעניץ און עס ווערט נויטיג אַריבערצוברענגען די שווערע אַרטילעריע מוז מען אַריבערברענגען די אַרטילעריע.

ווען מיר זיינען זיך מודה, אַז מיר דאַרפען אָניאָגען די צייט, וואָס איז פאַרלאָרען געגאַנגען בעת מיר האָבען אַריבערגעפיהרט די שווערע אַרטילעריע, מיינט דאָס ניט, אַז מיר זיינען זיך מודה, אַז מיר זיינען באַגאַנגען אַ פעהלער ווען מיר האָבען אָפּגעהאַלטען אַ זיעג מיט דער הילף פון דער קאַוואַלעריע.

די לאַקעען פון דער בורזשואַזיע האָבען אונז אָפטמאָל באַ־שולדיגט אין דעם, אַז מיר האָבען געפיהרט אַ „רויטע גוואַרדיע" אַטאַקע אויף קאַפּיטאַל. דער פאָרוואורף איז אַ לעכערליכער און

פאסט זיך טאקע נישט מעהר, ווי פאר לאקעען פון דעם געלט־זאק. א „רויטע גווארדיע" אטאקע אויף קאפיטאל איז אין איהר צייט געווען א נויטווענדיגקייט, וואס איז דיקטירט געווארען פון די אומשטענדען; ווייל, ערשטענס, האט קאפיטאל ארויסגעוויזען א מיליטערישען ווידערשטאנד דורך קערענסקי'ן און קראסנאוו'ען, סאווינקאוו'ען און גאצ'ען, דוטאוו'ען און באגאיעווסקי'ן. א מיליטערישער ווידערשטאנד קען געבראכען ווערען ניט אנדערש, ווי דורך מיליטערישע מיטלען, און די רויטע גווארדיע האט דורכגעפיהרט דעם נאבעלסטען און גרעסטען היסטארישען אקט פון באפרייען די עקספלואטירטע ארבייטער־מאסען פון דעם דרוק פון די עקספלואטאטארען.

צווייטענס, האבען מיר צו יענער צייט ניט געקענט שענקען מעהר אויפמערקזאמקייט צו דער מעטאדע פון פארוואלטונג איידער צו דער מעטאדע פון אונטערדריקונג אויף דערפאר, ווייל די קונסט פון פארוואלטען איז ניט אן איינגעבארענע איינגענשאפט פון מענשען נאר זי ווערט ערווארבען דורך ערפאהרונג. דאן האבען מיר נאך אזא ערפאהרונג ניט געהאט.

דריטענס, האבען מיר דאן ניט געקענט זיך באנוצען מיט די ספעציאליסטען פון פארשיעדענע צווייגען פון וויסענשאפט און טעכניק, ווייל זיי האבען דאן אדער געקעמפט אין די רייהען פון באגאיעווסקי, אדער זיי זיינען נאך געווען אימשטאנד ארויסצואווייזען אן איינגעע'עקשנ'טען, פאסיווען ווידערשטאנד דורך סאבאטאזש. איצט האבען מיר שוין דעם סאבאטאזש צובראכען. די „רויטע גווארדיע" אטאקע אויף קאפיטאל איז געווען ערפאלגרייך, איז געווען זיעגרייך, ווייל מיר האבען באזיעגט דעם מיליטערישען ווידערשטאנד און אויף דעם סאבאטאזש־ווידערשטאנד פון קאפיטאל.

מיינט דאס אבער, אז אלע מאל, אונטער אלע אומשטענדען, איז אזא אטאקע אויף קאפיטאל אין פלאץ? אז מיר האבען ניט קיין אנדערע מיטלען ווי צו קעמפען געגען קאפיטאל? בלויז קינדער קענען אזוי דענקען. מיר האבען געזיעגט מיט דער הילף פון לייכטער קאוואלעריע, אבער מיר פארמאגען אויך שווערע ארטילעריע. מיר האבען געזיעגט דורך די מעטאדען פון מילי־

טערישער אונטערדריקונג, ווען מיר וועלען קענען זיעגען אויף דורך מעטאָדען פון פאַרוואַלטונג. מען דאַרף קענען בייטען די מעטאָדען פון קאַמף געגען דעם שונא, ווען עס בייטען זיך די אומשטענדען. מיר גיבען אויף אַ מינוט ניט אויף די „רויטע גוואַרדיע" מעטאָדען אום צו אונטערדריקען די העריגען סאַווינקאָוו און געגעטשקאָרי, אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע פּריצישע און בורזשואַזע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען. אָבער מיר וועלען ניט זיין אַזוי נאַריש אַלע מאָל אָפּצוגעבען דעם אויבען־אָן פאַר אַזעלכע מעטאָדען.

איצט איז שוין, אין איהרע גרונד־שטריכען, פאַרענדיגט די עפּאָכע, ווען די אַטאַקעס פון דער רויטער גוואַרדיע (אויף קאַפּיטאַל) זיינען געווען דרינגענד נויטיג און אין טיר קלאַפּט איצט אַ נייע עפּאָכע, וועלכע פאָדערט אַז די פּראָלעטאַרישע רעגירונגס־מאַכט זאָל אויסנוצען די בורזשואַזע ספּעציאַליסטען אויף איבעראַקערען דעם באָדען אַזוי, אַז קיין בורזשואַזיע זאָל דאָרט ניט קענען וואַקסען.

דאָס איז אָן אייגענאַרטיגע עפּאָכע — אָדער, בעסער געזאָגט, — אָן ענטוויקלונגס־שטופע — און אום צו באַקעמפען דעם קאַפּיטאַל אין גאַנצען, דאַרפען מיר קענען צופּאַסען די פאָרמען פון אונזער קאַמף צו די אייגענאַרטיגע באַדינגונגען פון דער דאָזיגער ענטוויקלונגס־שטופע.

אָהן דער הילף פון די ספּעציאַליסטען איבער פאַרשיעדענע צווייגען פון וויסענשאַפט, טעכניק און עקספּערימענטאַציע איז דער איבערגאַנג צום סאָציאַליזם אוממעגליך, ווייל דער סאָציאַליזם פאָדערט אַ באַוואוסטזיניגע, מאַסאָווע פאָרווערטס־באַוועגונג אויף דעם וועג פון העכערער פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבייט, פאַרגלייכט מיט דער פּראָדוקטיוויטעט, וואָס איז דערגרייכט געוואָרען אונטער דעם קאַפּיטאַליזם אויף דער איצטיגער שטופע פון זיין ענטוויקלונג. דער סאָציאַליזם דאַרף אויף זיין אייגענעם שטייגער, דורך זיינע אייגענע מעטאָדען — קאָרעקט געזאָגט — דורך סאָוועטען־מעטאָדען פאַרווירקליכען די דאָזיגע פאָראויסגעהענדע באַוועגונג. און די ספּעציאַליסטען

זיינען מעהרסטענטייל בורזשואזע צוליעב דער געזעלשאפטליכער סביבה, וועלכע האָט זיי געמאכט פאַר ספּעציאַליסטען. ווען אונזער פּראָלעטאריאט, נאָכדעם ווי ער האָט אריינגעקראָגען די מאכט אין זיינע הענד, וואָלט אין א קורצער צייט געלייזט די פּראָבלעמען פון קאָנטראָל, פאַראַנטוואָרטליכקייט און אָרגאַניזאציע אויף אַן אַל־נאציאָנאַלען מאַסשטאַב, — וואָלטען מיר צובראָכען דעם סאַבאָטאַזש און וואָלטען טאַקע דורך דעם זעלבען קאָנטראָל פאָלשטענדיג אונטערטעניגט די בורזשואזע ספּעציאַליסטען. אָבער אַזוי ווי מיר האָבען זיך באַדייטענד „פאַרשפּעטיגט“ מיט דעם אַלגעמיינעם קאָנטראָל, האָבען מיר נאָך ניט באַשאַפען די סביבה, וואָס זאָל אונז געבען פאָלשטענדיגען רשות איבער די בורזשואזע ספּעציאַליסטען, כאָטש זייער סאַבאָטאַזש האָבען מיר שוין צובראָכען. די מאַסע פון די סאַבאָטאַזשניקעס „געהט צו אונז אַרבייטען“, אבער די בעסטע אָרגאַניזאַטאָרען און די גרעסטע ספּעציאַליסטען קענען פון דעם שטאַאַט אויסגענוצט ווערען אָדער אויף דעם אַלטען, בורזשואזען אופן (דאָס הייסט, פאַר אַ הויכען געהאַלט) אָדער אויף דעם נייעם, פּראָלעטאַרישען אופן, דאָס הייסט, דורך דעם איינפיהרען פון אַן אַל־נאַציאָנאַלען קאָנטראָל, וועלכער זאָל אונפאַרמיידליך און נאַטירליכערווייז צוציהען אַלע ספּעציאַליסטען.

אונז איז איצט אויסגעקומען צו באַנוצען זיך מיט דעם אַלטען בורזשואזען מיטעל און צאָהלען זעהר גרויסע געהאַלטען פאַר די „דיענסטען“ פון די גרעסטע בורזשואזע ספּעציאַליסטען. אַלע די, וואָס זיינען באַקאַנט מיט דער לאַגע, זעהען דאָס, אָבער ניט אַלע טראַכטען זיך אַריין אין דער באַדייטונג פון אַזאַ מיטעל, וואָס אַ פּראָלעטאַרישער שטאַאַט ווענדעט אָן. עס איז קלאָר, אַז אַזאַ שריט איז אַ קאָמפּראָמיס, אַ פאַרשוועכונג פון די פּרינציפּען פון דער פּאַריזער קאָמונע און פון יעדער פּראָלעטאַרישער הערשאַפט, וואָס פאָדערט, אַז אַלע געהאַלטען זאָלען רעדוצירט ווערען צו דער מדרגה פון דעם דורכשניטליכען לוין פון אַ דורכשניטליכען אַרבייטער; פון די פּרינציפּען, וואָס פאָדערען, אַז קאַריעריזם זאָל באַקעמפט ווערען ניט מיט ווערטער נאָר מיט טאַטען.

נאָך מעהר. עס איז קלאָר, אַז אַזאַ שריט איז ניט נאָר אַן

אָפּהאַלטונג — אויף א געוויסען געביט און ביז צו א געוויסען גראַד — פון דער אָפענסיווע אויף קאפּיטאל (ווייל קאַפּיטאל איז ניט א געוויסע סומע געלד, נאָר א באַשטימטע געזעלשאַפטליכע פארהעלטנים) נאָר אויך א ר י ק ש ר י ט פון אונזער סאָציאַ־ליסטישער סאָוועט־מלוכה, וועלכע האָט פון אָנהויב פּראָקלאַמירט און געזוכט דורכצופיהרען די פּאָליטיק פון רעדוצירען הויכע גע־האַלטען צו דער מדרגה פון די פארדיענסטען פון א דורכשניטליכען ארבייטער.

די לאַקעען פון דער בורזשואַזיע, באַזונדערס די פון בילי־גערען סאָרט, ווי די מענשעוויקעס, רעכטע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנע־רען א. ז. וו., וועלען קוועלען דערפון, וואָס מיר זיינען זיך מודה, אז מיר מאַכען א שריט ריקווערטס. אָבער מיר דאַרפען ניט שענ־קען קיין אויפמערקזאמקייט צו זייער אָפּלאַכען. מיר דאַרפען שטודירען און פאָרשען די אייגענשאַפטען פון דעם אונגעוועהנליכער שווערען נייעם וועג צום סאָציאַליזם, ניט פארדעקענדיג אונזערע פעהלערען און שוואַכקייטען, נאָר זוכענדיג באַצייטענס אָנצוזאָגען דאָס וואָס מיר האָבען פארפעהלט דורכצופיהרען. צו באַהאַלטען פון די מאַסען דעם פאַקט, אז מיר איבערטרעטען די פּרינציפּען פון דער קאָמונע מיט דעם וואָס מיר צאָהלען די בורזשואַזע ספּעציאַ־ליסטען זעהר הויכע געהאַלטען, וואָלט מיינען זיך ארונטערצולאָזען צו דער מדרגה פון די בורזשואַזע פּאָליטיקער און אָפּצונאַרען די מאַסען. צו ערקלערען אָפען ווי אַזוי און פארוואָס מיר האָבען געמאַכט דעם דאָזיגען ריקשריט, און דאַן זיך אָפען אַן עצה האַלטען וועגען די מיטלען, וואָס מיר קענען נעבראויכען אויף אָנצוזאָגען דאָס פארלאָרענע, — דאָס מיינט צו ערציהען די מאַסען און צו־זאַמען מיט זיי זיך לערנען פון ערפאַהרונג, ווי אַזוי צו בויען דעם סאָציאַליזם. אין דער וועלט־געשיכטע קען מען קוים געפינען א גרויסען מיליטערישען זיעג, אין וועלכען דער זיעגער איז ניט באַ־גאַנגען קיין איינצעלנע פעהלערען, האָט ניט געליטען קיין איינ־צעלנע נידערלאַגען, איז ניט געווען געצוואונגען אָפּצוטרעטען וואו ניט וואו. און די קאַמפּאַניע, וואָס מיר האָבען אונטערנומען גע־גען קאַפּיטאַל, איז מיליאָנען מאָל שווערער איידער די שווערסטע מיליטערישע קאַמפּאַניע, און עס וואָלט געווען א שאַנד און א נאַ־

רישקייט צו פארלירען דעם מוט איבער אַן איינצעלנעם און טייל־וויזען ריקשריט.

לאָמיר באַטראַכטען די פראַגע פון דער פּראַקטישער זייט. לאָמיר אָננעהמען, אַז די רוסישע סאַוועט־רעפּובליק דאַרף האָבען 1000 ערשטע־קלאַסנע געלעהרטע און ספּעציאַליסטען אויף פאַרשיעדענע געביטען פון וויסענשאַפט, טעכניק, פּראַקטישער עקספּערימענטאַציע אין די אינטערעסען פון א שנעלער עקאָנאָמישער פאַרבעסערונג פון לאַנד. לאָמיר זאַגען, אַז די דאָזיגע „ערשטע־קלאַס־שטערען" קומט אויס צו צאָהלען צו 25,000 רובעל א יאהר (מעהרסטע פון די דאָזיגע ספּעציאַליסטען זיינען נאַטירליך פאַרדאַרבען פון די בורזשואַזע זיטען, אפילו אויב זיי שרייען אזוי הויך וועגען דער פאַרדאַרבענהייט פון די ארבייטער). לאָמיר זאָגען, אַז די דאָזיגע סומע (25,000,000 רובעל) קומט אויס צו פארטאָפּלען (אננעהמענדיג אז מען וועט געבען עקסטרא באַלוינונג פאר שנעלע און ערפאָלגרייכע אויפטוען אויף דעם אדער יענעם געביט), אָדער זאָגאַר צו פאַר פיערפאַכען (אננעהמענדיג, אז עס וועט נויטיג זיין צו דינגען נאָך עטליכע הונדערט „טייערע" אויסלענדישע ספּעציאַליסטען). שטעלט זיך די פראַגע, צי קאָן מען באַטראַכטען אלס צו גרויס די סומע פון פופציג אָדער הונדערט מיליאָן רובעל א יאָהר, וואס די סאַוועט־רעפּובליק מוז אויסגעבען, כדי צו רעאָרגאַניזירען דאָס פאָלקס־ווירשאַפט לויט דעם לעצטען וואָרט פון וויסענשאַפט און טעכניק? געוויס ניט. די איבערוועגענדע מעהרהייט פון די באַוואוסטזיניגע ארבייטער און פויערים וועלען גוט־הייסען אזא הוצאה, ווייל זיי ווייסען פון פּראַקטישען לעבען, אז אונזער אָפּגעשטאַנענקייט מאַכט אונז צו פאַרלירען ביליאָנען און אז מיר האָבען נאָך ניט דערגרייכט צו אזא שטופע פון אָרגאַניזאַציע, קאָנטראָל און פאַראַנטוואָרטליכקייט, אז אלע „שטערען" פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ זאָלען פּרייוויליג נעהמען אַן אָנטייל אין אונזער ארבייט.

די פראַגע קען, נאַטירליך, באַטראַכט ווערען פון א צווייטער זייט. מען קען ניט אָפּלייקענען אז די הויכע געהאַלטען איבען אויס א פאַרדאָרבענדיגע קאָרומפּירענדע ווירקונג אפילו אויף דער

סאָוועט־רעגירונג און אויף די אַרבייטער מאסען (און אויך דערפאר, ווייל אין דעם שנעלען איבערגאנג צו דער סאָוועט הערשאפט איז עס געווען אומפארמיידליך, אז עס זאָלען צו איהר צושטעהן א געוויסע צאָהל אוואנטוריסטען און זשוליקעס, וועלכע זוכען, צוזאמען מיט אייניגע אומפעהיגע און אומפאראנטוואָרטליכע קאָמיסארען, זיך דערהויבען צו דער מדרגה פון „שטערען" — אויף דעם געביט פון באַ׳גנב׳נען די רעגירונג). אָבער אלע דענקענדע און עהרליכע ארבייטער און פויערים וועלען מיט אונז זיין איינפארשטאַנען, וועלען אנערקענען, אז מיר קענען מיט אמאָל ניט פטור ווערען פון דער ירושה, וואָס מיר האָבען געקראָגען פון דעם קאפיטאַליזם. אז באפרייען די סאָוועט רעפובליק פון דעם „שטראָף צינז" פון 50 אָדער 100 מיליאָן (דעם צינז, וואָס מיר דארפען צאָהלען אלס א שטראָף פאר אונזער אייגענער הינטערשטעליגקייט אויף דעם געביט פון אן אלנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאציע פון קאָנטראָל און פאראנטוואָרטליכקייט) קענען מיר ניט אנדערש, ווי דורך ארגאניזאציע, ווי דורך א שטרענגערע דיסציפלין איבער זיך אליין, ווי דורך דעם אויסראָטען פון די אלע לייט, וואָס „היטען די ירושה פון קאַפיטאַליזם", וואָס היטען אפּ די „טראַדיציעס פון דעם קאַפיטאַליזם"; ד. ה., פון אלע ליידיג־געהער, פוסט־און־פּאסניקעס און פּאראַזיטען. אויב די פארגעשריטענע ארבייטער און די ארימערע פויערען וועט זיך איינגעבען אין א יאָהר ארום, מיט דער הילף פון די סאָוועט אינסטיטוציעס, צו אָרגאניזירען זיך, צו דיסציפּלינירען זיך, צו באַשאפען א שטארקע ארבייטס־דיסציפּלין, דאַן וועלען מיר, אין א יאָהר ארום, פטור ווערען פון דעם דאָזיגען „צינז", וועלכער קאָן זאָגאר פריהער פארקלענערט ווערען פונקט אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל די דיסציפּלין און אָרגאַניזאציע פון די ארבייטער און פויערען וועט זיין ערפאָלגרייך. וואָס גיכער מיר אליין, די ארבייטער און פויערען, וועלען איינפיהרען א בעסערע ארבייטס־דיסציפּלין און א העכערע ארבייטס־טעכניק, באנוצענדיג זיך פאר דעם דאָזיגען צוועק מיט די קענטניסען פון די בורזשואַזע ספּעציאַליסטען, אלס גיכער וועלען מיר זיך באפרייען פון דעם „צינז", וואָס מיר צאָהלען די דאָזיגע ספּעציאַליסטען.

אונזער ארבייט אויף דעם געביט פון אָרגאַניזירען, אונטער דער פיהרערשאַפט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אַן אַל־נאַציאָנאַלען קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע פון לעבענס־מיטלען איז זעהר הינטערשטעליג אין פאַרגלייך מיט דער ארבייט אויף דעם געביט פון דער דירעקטער עקספּראָפּריאַציע פון די עקספּראָפּריאַטאָרען. דער דאָזיגער פּונקט איז דער שליסעל צו דער ריכטיגער אָפּשאַצונג פון דעם איצטיגען מאָמענט און די פּראָבלעמען, וועלכע ער שטעלט אַוועק פאַר דער סאָוועט רעגירונג. דער שווער־פּונקט אין דעם קאַמף געגען דער בורזשואַזיע ווערט אריבער־געטראָגען אויף דעם באָדען פון אָרגאַניזירען אזא קאָנטראָל. בלויז פון דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט קאָן מען ריכטיג באַשטימען די באַלדיגע פּראַגען פון דער עקאָנאָמישער און פינאַנציעלער פּאָליטיק אין באַצוג צו דער נאַציאָנאַליזאַציע פון די באַנקען, דער מאָנאָפּאָליזאַציע פון דעם אויסלענדישען האַנדעל, דעם קאָנטראָל איבער דער געלט־צירקולאַציע, דעם איינפיהרען פון א צופרידענ־שטעלענדען (פון פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט) שטייער אויף אייגענטום און איינקונפט, דעם איינפיהרען פון אַלגעמיינער געצוואונגענער ארבייט.

מיר זיינען זעהר פיעל אָפּגעשטאַנען אין די סאָציאַליסטישע רעפאָרמען, אויף די דאָזיגע געביטען, און אָפּגעשטאַנען זיינען מיר גראַדע דערפאַר, וואָס דער אַלגעמיינער קאָנטראָל און פאַראַנטוואָרטליכקייט זיינען ניט אָרגאַניזירט אין א גענוגענדער מאָס. די דאָזיגע אויפגאַבע, איז, נאַטירליך, איינע פון די שווערסטע, און אויף די רואינען, וואָס די מלחמה האָט באַשאַפען, קען זי געלייזט ווערען בלויז אין דעם משך פון לענגערער צייט; און מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אז גראַדע דאָ ווייזט ארויס די בורזשואַזיע, באַזונדערס די צאָהלרייכע קליין־בורזשואַזיע, דעם גרעסטען ווידערשטאַנד. זי אונטערגראָבט דעם קאָנטראָל וואָס מיר האָבען שוין איינגעפיהרט, זי אונטערגראָבט, צום ביישפּיעל, די מאָנאָפּאָליע אויף תבואות און קעמפט אויס פּאָזיציעס פאַר ספּעקולאַציע און ספּעקולאַטיווען האַנדעל. דאָס וואָס מיר האָבען שוין דעקרעטירט, האָבען מיר נאָך נישט אין א גענוגענדער מאָס דורכגעפיהרט אין לעבען, און די הויפּט פּראָבלעם פון דעם איצ־

טיגען מאָמענט באַשטעהט טאַקע אין דעם, אַז מיר זאָלען קאָנ־צענטרירען אַלע אונזערע כחות אויף דער פּראַקטישער פּ אַ ר־ווירקליכונג פון די אַלע פאָדערונגען, וועלכע זייַנען שוין פאַרקערפּערט אין געזעצען, אָבער וועלכע זייַנען נאָך ניט קיין ווירקליכקייט.

אום ווייטער אָנצוגעהן מיט דער נאַציאָנאַליזאַציע פון די באַנקען און אום צו פאַרוואַנדלען די באַנקען אין צענטראַלע פּונקטען פון געזעלשאַפטליכער בוכהאַלטעריע, מוז מען פריהער פאַר אַלעם און מעהר פאַר אַלעם באַקומען רעאַלע רעזולטאַטען אויף דעם דאָזיגען באָדען: מען מוז פאַרגרעסערען די צאָהל אָפּטיילונגען פון דעם פאָלקס־באַנק, מען מוז צוציהען וואָס מעהר דעפּאָנענטען, מען מוז פאַרלייכטערען פאַר'ן פּובליקום דעם פּראָ־צעס פון אַריינלעגען און אַרויסנעהמען געלט פון די באַנקען, מען מוז כאַפּען און באַשטראָפען די כאַבאַרניקעס, די זשוליקעס, א. ז. וו. צוערשט דאַרף מען דורכפיהרען אין לעבען דאָס איינ־פאַכע, אָרגאַניזירען גוט דאָס, וואָס מיר פאַרמאָגען, און דערנאָך ערשט קענען מיר זיך נעהמען פאַר די מעהר קאָמפּליצירטע אויפגאַבען.

מיר דאַרפען פאַרשטאַרקען און איינאָרדנען די שטאַאַט מאָ־נאָפּאָליען (אויף תבואה, לעדער א. ז. וו.), וועלכע זייַנען שוין איינגעפיהרט געוואָרען, און אַזוי אַרום צוגרייטען דעם באָדען פאַר דער מאָנאָפּאָליזאַציע פון דעם אויסלענדישען האַנדעל; אָהן אַזאַ מאָנאָפּאָליזאַציע וועלען מיר ניט קענען פּטור ווערען פון אויסלענדישען קאַפּיטאַל, פון צאָהלען איהם „צינזען". און די גאַנצע מעגליכקייט צו בויען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג העננגט אָפּ אָן אונזער מעגליכקייט און דעם משך פון א געוויסער איבער־גאַנגס־פּעריאָדע צו פאַרזאָרגען אונזער אינערליכע עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיגקייט.

אויף דעם געביט פון אויפמאָהנען שטייערען בכלל און איינ־קונפט און איינקונפטס שטייערען בפרט, זייַנען מיר אויך זעהר און זעהר הינטערשטעליג. דאָס אַרויפלעגען פון קאָנטריבוציעס אויף דער בורזשואַזיע — א שריט, וואָס איז פּרינציפּיעל באַרעכטיגט און וואָס פאָדערט די הסכמה פון דעם פּראָלעטאַריאַט — באַוויזט

אַז אין דעם דאָזיגען היגזיכט שטעהען מיר נאָך נעהענטער צו די מעטאָדען פון איינגעהמען רוסלאנד פון די רייכע פאר די אָרימע, איידער צו די מעטאָדען פון פארוואלטען דאָס לאנד. אָבער אום מיר זאָלען ווערען שטארקער, אום מיר זאלען שטעהן פעסט אויף די פיס, מוזען מיר איבערגעהן צו די לעצטע מעטאָדען, מוזען מיר פארבייטען די קאָנטריבוציע פון דער בורזשואזיע אויף שטענדיגע און רעגעלמעסיגע איינקונפט און אייגענטום־שטייערען, וואָס וועט דעם פּראָלעטארישען שטאַאט געבען פיעל מעהר ווי די קאָנטריבוציע, און וואָס פאדערט אָבער פון אונזער זייט א בעסערען ארגאַניזאציאָנס־צושטאַנד, א בעסערע און מעהר זיכערע סיסטעם פון קאָנטראָל און פאראַנטוואָרטליכקייט.

מיר האָבען זיך אויך פארשפעטיגט אויף דעם געביט פון איינפיהרען געצוואונגענע ארבייט, אַן אלגעמיינעם חוב צו טאָן אונצליכע ארבייט. און דאָס ווייזט נאָכאמאָל, אז אויף דעם טאַגעס־אָרדנונג שטעהט די פראגע פון אָנצופיהרען די ארבייט פון פארברייטונג און אָרגאַניזאציע אזוי, אז זי זאָל פון איין זייט פאָלשטענדיג באפעסטיגען דאָס אויסגעקעמפטע און פון דער אנדערער זייט — פיהרען צו דעם, אז קאפיטאל זאָל „ארומנערינ־געלט" ווערען און זיך מוזען „אונטערגעבען". מיר וואָלטען גע־דארפט שוין איצט זיך נעהמען איינפיהרען די אלגעמיינע ארבייט־פליכט, נאָר מיר דארפען דאָס טאָן זעהר פאָרזיכטיג און שטופענ־וויז, אָנווענדענדיג צו יעדען שריט דעם פּרוביר־שטיין פון פּראַק־טישער ערפאהרונג. דער ערשטער שריט אין דער דאָזיגער ריכ־טונג דארף, נאטירליך, באשטעהן אין איינפיהרען געצוואונגענע ארבייט־פליכט פאר די ר י י כ ע . איינפיהרען די סיסטעם פון ארבייט־ביכלעך און פארברויך־ביכלעך, (וואו די מאָס געטאָנענע ארבייט און די מאָס פארברויכטע פּראדוקטען זאלען פארשריבען ווערען אזוי, אז קיינער זאָל נישט קענען פארברויכען מעהר ווי ער פארדיענט) פאר יעדען בורזשוא, דעם שטאָדטישען אזוי גוט ווי דעם דאָרפישען — דאָס וואָלט געווען א וויכטיגער שריט פאראויס, צום פאָלשטענדיגען „ארומרינגלען" פון דעם שונא און צו דער באשאפונג פון אן אַל־נאַציאָנאַלען קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע און פארברויך פון לעבענס־מיטלען.

### די באַדייטונג פון דעם קאַמף פאַר אַן אַל־נאַציאָנאַלען קאָנטראָל און פאַראַנטוואָרטליכקייט.

דער שטאַאט וואָס איז אין פאַרלויף פון יאָהרהונדערטע געווען א מיטעל צו בארויבען און אונטערדריקען דאָס פאָלק האָט אונז איבערגעלאָזט בירושה די גרעסטע שינאה און מיסטרויען פון די מאסען צו אלץ וואָס האָט אַ שייכות צום שטאַאט בכלל. בייצוקומען דאָס איז זעהר א שווערע אויפגאבע, וואָס איז פאר די כחות פון בלויז אזא רעגירונג ווי די סאָוועטען. אבער אפילו די סאוועט רעגירונג דארף אויף דעראויף אפגעבען א סך צייט און א סך מיה. אין באַצוג צו דער פראָבלעם פון פאראנטווארטליכקייט און קאָנטראָל, וואָס איז געווארען די גרונד פּראָבלעם פון דער סאציאליסטישער רעוואָלוציע אויף דעם צווייטען טאָג נאָכדעם ווי די בורזשואזיע איז אומגעווארפען געווארען, פיהלט זיך די דאָזיגע „ירושה" באזונדערס שארף. עס מוז נעהמען צייט איידער די מאסען וועלכע האָבען זיך אנגעהויבען צו פיהלען פריי ערשט נאָכדעם ווי די פריצים און די בורזשואזיע זיינען ארונטערגעווארפען געווארען, וועלען פארשטעהן — ניט פון ביכלעך, נאָר פון דער סאָוועט ערפאהרונג — ביז זיי וועלען פארשטעהן און דערפיהלען, אז אָהן אן אלזייטליכען שטאַאטס־קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע און פארטיילונג פון פּראָדוקטען די מאכט פון די ארבייטער, די פרייהייט פון די וואָס האָרעווען, קיין קיום ניט האָבען, און זיי וועלען זיך מוזען אומפארמיידליך צוריקקעהרען אונטער דעם יאָך פון קאפיטאַליזם.

לויט איהרע געוואוינהייטען און טראדיציעס איז די בורזשואזיע, און באזונדערס די קליין־בורזשואזיע געגען שטאַאטס־קאָנטראָל און פאַר דער אומבאַריהרבארקייט פון „היילינגען פריוואט אייגענטום", פון „היילינגער" פריוואט אונטערנעהמונג. איצט זעהען מיר מיט באַזונדער קלאָרקייט, ווי ריכטיג מארקס'עס מיינונג איז, אז אנארכיזם און אנארכאָ־סינדיקאליזם זיינען בורזשואזע שטרעמונגען; איצט זעהען מיר אין וואס פאר א ווידערשפּרוך זיי שטעהען מיט דעם סאָציאליזם, מיט דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט, מיט דעם קאָמוניזם. איינצואווארצלען

אין די מאסען די אידעע פון שטאַאט קאָנטראָל, פון ס אָ װ ע ט שטאַאטס־קאָנטראָל און פאַראַנטוואָרטליכקייט, זוכען צו פאַר־ווירקליכען די דאָזיגע אידעע, אפּזעגענען זיך מיט דעם פאַרפלוכ־טען אַלטען באַגריף, לויט וועלכען עס איז „אַ פּריוואַטע זאַך" צו באַזאָרגען זיך מיט ברויט און קליידער, אַ מסחר־זאַך, וואָס איז ניט יענעמ'ס עסק — אָט די ארבייט איז פון דער גרעסטער היסטאָרישער וויכטיגקייט, דאָס איז דער קאַמף פון סאָציאַליסטי־שער באַוואוסטזיניגקייט געגען דער בורזשואַז־אַנאַרכישער צופעלט־קייט און כאַאָס. א ר ב י י ט ע ר ק אָ נ ט ר אָ ל איז ביי אונז דורכגעפיהרט אַלס אַ געזעץ אָבער אין דעם פּראַקטישען לעבען און זאָגאַר אין דעם באַוואוסטזיין פון די פּראָלעטאַרישע מאסען הויבט ער קוים אָן איינצודרינגען. די פאַרגעשריטענע ארבייטער און פויערען און מיר אַלע שטעלען זיך ניט אָפּ גענוג אין אונזער אַגיטאַציע אויף דעם געדאַנק, אַז אונפאַראַנטוואָרט־ליכקייט און ניט־אויסגערעכענטקייט אויף דעם געביט פון פּראָ־דוקציע און פאַרברויך גראָבען אונטער די ערשטע יסודות פון דעם סאָציאַליזם, מאכען באַ'גנב'ענען די „קאַזנאַ", די מלוכה־קאַסע, (ווייל דאָס גאַנצע אייגענטום געהערט צו דער קאַזנאַ), — און די קאַזנאַ — דאָס איז איצט די סאָוועט־רעגירונג, די רעגירונג פון די ארבייטער־מאסען; מיר שטעלען זיך ניט אָפּ גענוג אויף דעם אמת, אַז נאַכלעסיגקייט אויף דעם געביט פון קאָנטראָל און פאַראַנטוואָרטליכקייט באַדייט דירעקטע הילף פאַר די דייטשע און רוסישע קאָרנילאָווס, וועלכע וועלען זיין בכוח אומצוואַרפען די סאָוועט־מאכט בלויז דאַן, ווען מיר וועלען ניט קענען דורכפיה־רען די אויפגאַבע פון קאָנטראָל, און וועלכע וואַרטען אויף דעם מאָמענט פון אונזער דורכפאַל און טשאַטעווען אויף אונז מיט דער הילף פון דער גאַנצער פויערשער בורזשואַזיע, מיט דער הילף פון די קאַדעטען, מענשעוויקעס און רעכטע סאָציאַליסטען־רעוואָ־לוציאָנערען. און ביז ארבייטער־קאָנטראָל וועט ניט ווערען אַ פאַקט, ביז די פאַרגעשריטענע ארבייטער וועלען ניט ארגאַניזירען און דורכפיהרען אַן אומברחמנות'דיגען קאַמף געגען אַלע צושטע־רער פון דעם דאָזיגען קאָנטראָל, געגען אַלע, וואָס פאַרנאַכלעסיגען דעם דאָזיגען קאָנטראָל, — ביז דאַן קען מען ניט זיין זיכער מיט

דעם ערשטען שריט אויף דעם וועג צום סאָציאַליזם (מיט אַרבייטער קאָנטראָל) און מען קען ניט מאַכען דעם צווייטען שריט, ד. ה. איבערגעהן צו דער אַרבייטער־פאַרוואַלטונג און רעגולירונג פון פּראָדוקציע.

דער סאָציאַליסטישער שטאַאַט קאָן אויפגעבויט ווערען בלויז אַלס אַן אויסגעשפּרייטע נעץ פון פּראָדוקציאָנס־און־פאַרברויך קאָמונען, וואָס פיהרען אַ געוויסענהאַפטען חשבון פון זייער פּראָדוקציע און פאַרברויך, וואָס עקאָנאָמיזירען אַרבייט, וואָס האַלטען אין איין פאַרגרעסערען און פאַרבעסערען די פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבייט און פאַרקלענערען דורך דעם דעם אַרבייטער־טאָג אויף זיבען שעה, אויף זעקס שעה און זאָגאַר ווייניגער. אָהן דעם שטרענגסטען אַל־נאַציאָנאַלען קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע פון ברויט (און דערנאָך פון אַלע אַנדערע לעבענס־מיטלען) קאָן מען זיך בשום אופן ניט באַגעהן. דער קאַפּיטאַליזם האָט אונז איבערגעלאָזט בירושה מאַסען־אָרגאַניזאַציעס, די פאַרברויך־געזעלשאַפטען, וואָס קענען באַהילפיג זיין אין פאַרגרינגערען דעם מאַסען־קאָנטראָל איבער דעם פאַרטיילען פון לעבענס־מיטלען. אין רוסלאַנד זיינען די דאָזיגע געזעלשאַפטען ענטוויקעלט ווייניגער ווי אין די פאָרגעשריטענע לענדער, אָבער אויך ביי אונז שליסען זיי איין אַריבער צעהן מיליאָן מיטגלידער. דער דעקרעט וואָס איז אַנרמעלטען אַרויסגעגעבען געוואָרען אין באַצוג צו פאַרברויך־געזעלשאַפטען שטעלט מיט זיך פאָר אַ באַדייטונגספולע ערשיינונג, וואָס צייגט אָן גאַנץ קלאָר אויף דער אייגענאַרטיגער לאַגע און אויף די פּראָבלעמען פון דער סאָציאַליסטישער סאָוועט־רעפּובליק אין דעם איצטיגען מאָמענט.

דער דעקרעט שטעלט מיך זיך פאָר אַ פּשרה מיט די בורזשואַזע קאָאָפּעראַטיווען און מיט די אַרבייטער קאָאָפּעראַטיווען, וואָס פאַרבלייבען ביים בורזשואַזען שטאַנדפּונקט. די פּשרה אָדער קאָמפּראָמיס באַשטעהט אין דעם, וואָס די פאַרשטעהער פון די דאָזיגע געזעלשאַפטען האָבען ניט נאָר אָן אַנטייל גענומען אין די אָפּהאַנדלונגען און באַטראַכטונגען איבער דעם דאָזיגען דעקרעט, נאָר זיי האָבען, פאַקטיש, געקראָגען די ענטשיידענדע דעה, ווייל די פּונקטען פון דעם דעקרעט, געגען וועלכע די דאָזיגע

געזעלשאַפטען זיינען ארויסגעטראָטען, זיינען ניט אָנגענומען גע־וואָרען. צווייטענס, באַשטעהט דער קאָמפּראָמיס אין דעם, וואָס די סאָוועט־מאכט האָט אפּגעטראָטען פון דעם פּרינציפּ פון פרייען (אומזיסטען) אריינטרעטען אין די דאָזיגע קאָאָפּעראטיווען (אַ קאָנזעקווענטער פּראָלעטארישער פּרינציפּ) און אויך פון דער פאַר־איינינוגנג פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון א געגענד אין איין קאָאָפּעראטיוו *). אלס אַ קאָמפּראָמיס אין באַצוג צו דעם דאָ־זיגען אמת־סאָציאליסטישען פּרינציפּ, וואָס ליגט טיילווייז די פראגע פון דער פארניכטונג פון קלאסען, איז אַנערקענט געוואָרען דאָס עקזיסטענץ־רעכט פון די „קלאסען־קאָאָפּעראטיווען פון אר־בייטער" (וועלכע זיינען, אין דעם דאָזיגען פאל „קלאסען־קאָאָפּע־ראטיווען" בלויז דערפאר, ווייל זיי זיינען אונטערטעניג צו די קלאסען־אינטערעסען פון דער בורזשואזיע). דער פארשלאַג פון דער סאָוועט־רעגירונג, אז די בורזשואזיע זאל אין גאַנצען אויס־געשלאָסען ווערען פון דער פארוואלטונג פון די קאָפּעראטיווען איז אויך באַצייטענס מאָדיפיצירט און אָפּגעשוואכט געוואָרען, און דער פארבאָט איינטייל צו נעהמען אין די פארוואלטונגען באַ־ציהט זיך בלויז אויף די אייגענטימער פון קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען פון פריוואט־קאפּיטאַליסטישען באַראַקטער.

ווען דעם פּראָלעטאריאט וואָלט זיך געווען איינגעגעבען דורך דער סאָוועט־רעגירונג איינצואָרדנען אַן אַל־נאַציאָנאַלען קאָנט־ראָל, אָדער זאָגאר די יסודות פון אַזאַ קאָנטראָל, וואָלטען אָזוינע הנחות צו דער בורזשואזיע ניט געווען נויטיג. מיט דער הילף פון די סאָוועטען־אפּטיילונגען וואָס גיבען זיך אָפּ מיט באַזאָרגען די באַפעלקערונג מיט לעבענס־מיטלען (פּראָדאָוואָלסטוועניע אָטדיעלי) וואָלטען מיר פאראייניגט די באַפעלקערונג אין איין קאָאָפּעראטיוו, פּראָלעטאריש פארוואלטעט, אָהן דער מיטארבייטערשאפט פון די בורזשואזע קאָאָפּעראטיווען, אָהן הנחות צו דעם

---

*) אַזאַ פאראייניגונג פון אַלע קאָאָפּעראַטיווען אין איין אַל־רוסישען קאָאָפּעראַטיוו איז דורכגעפיהרט געוואָרען, דורך אַ דעקרעט, דעם 27טען יאַנואַר, 1920 — איבערזעצער.

ריין־בורזשואַזען פּרינציפּ, וועלכער באַוועגט דעם אַרבייטער קאָ־אָפּעראַטיוו צו פאַרבלייבען זייט ביי זייט פון די בורזשואַזע קאָ־אָפּעראַטיווען, אַנשטאָט צו אונטערטעניגען די לעצטע און צוזאַמענגיסען אַלע קאָאָפּעראַטיווען אין איינעם.

שליסענדיג אַזאַ אָפּמאַך מיט די בורזשואַזע קאָאָפּעראַטיווען האָט די סאָוועט רעגירונג קאָנקרעט באַשטימט איהרע טאַקטישע אויפגאַבען און די אייגענאַרטיגע מעטאָדען, וואָס זיינען נויטיג געווען אין דער דאָזיגער שטופע פון ענטוויקלונג, נעמליך: מיר האָבען אויסגענוצט די בורזשואַזע עלעמענטען, איינגעגאַנגען מיט זיי אויף פּשרות כדי צו באַשאַפען באַדינגונגען פאַר אַ פאַרווערטס־באַוועגונג, וועלכע וועט זיין לאַנגזאַמער איידער מיר האָבען צוערשט געדענקט, אָבער צו דער זעלבער צייט — זיכערער, מיט בעסער באַפעסטיגטע באַזען און פאַרבינדונגס־ליניען, מיט אַ בעסערער באַפעסטיגונג פון די איינגענומענע פּאָזיציעס. די סאָוועטען קענען (און מוזען) איצט מעסטען די ערפאָלגען פון דעם סאָציאַליסטישען בנין מיט אַ קלאָהרער, איינפאַכער, פּראַקטישער מאָס: אין וואָס פאַר אַ צאָהל געמיינדעס (קאָמונען, דערפער, קוואַרטאַלען, א. ז. וו.) און ביז וואָס פאַר אַ גראַד האָט זיך די ענטוויקלונג פון די קאָאָפּעראַטיווען דערנעהענטערט צו דער שטופע פון ארומכאַפּען די גאַנצע באַפעלקערונג.

### די פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבייט

אין יעדער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע — נאָכדעם ווי דער פּראָלעטאַריאַט האָט פאַרכאַפּט די מאַכט און אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל עס ווערט דורכגעפיהרט די עקספּראָפּריאַציע פון די עקספּראָפּריאַטאָרען און די אונטערדריקונג פון זייער ווידערשטאַנד — רוקט זיך אַרויס צום פאָדערגרונד די פונדאַמענטאַלע אויפגאַבע צו באַשאַפען אַ געזעלשאַפטליכע איינאָרדנונג, וואָס זאָל זיין העכער און בעסער ווי אונטער דעם קאַפּיטאַליזם, נעמליך: די פאַרבעסערונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבייט און אין פאַרבינדונגען מיט דעם (און צוליעב דעם) אַ העכערע אָרגאַניזאַציע פון אַרבייט. אונזער סאָוועט מאַכט געפינט זיך איצט אין

אַזאַ לאַגע. נאָך די זיגען איבער די עקספּלואַטאַטאָרען, פון קערענסקי'ן ביז קאָרנילאָוו'ן, האָט זי געקראָגען די מעגליכקייט איבערגעהן דירעקט צו דער דאָזיגער אויפגאַבע און זיך גלייך נעה־מען צו איהר. און דאָ ווערט עס פאַר אונז גאַנץ קלאָר, אַז אויב מען האָט געקאָנט פאַרכאַפּען די צענטראַלע רעגירונגס־מאַכט אין עטליכע טעג, אויב מען האָט געקאַנט צוברעכען דעם מיליטערישען און דעם סאַבאָטאַזשעדיגען ווידערשטאַנד פון די עקספּלואַטאַטאָרען איבער'ן גאַנצען לאַנד אין עטליכע וואָכען, פאָדערט זיך אָבער אַ וועניגסטען עטליכע יאָהר צו לעזען די פּראָבלעם פון פאַר־גרעסערען די פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבייט (באַזונדערס נאָך אַזאַ שווערער, רואינירענדער מלחמה.)

כדי צו דערהויבען די פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבייט מוז מען קודם כל פאַרזיכערען די מאַטעריעלע יסודות פון גרויס־אינדוסט־ריע: מען מוז ענטוויקלען די פּראָדוקציע פון הייץ־מאַטעריאַלען, פון אייזען, מאַשין־בוי, פון דער כעמישער אינדוסטריע. די רוסישע סאָוועט רעפּובליק געפינט זיך אין אַזוינע גינסטיגע אומ־שטענדען, אַז זי באַזיצט — אפילו נאָך דעם ברעסט־ליטאָווסקער שלום — גוואַלדיגע זאַפּאַסען מעטאַל־שטיינער (אין די אוראַל בערג), הייץ־מאַטעריאַלען, (קויהלען) אין מערב סיביר, נאַפט אין קאַווקאַז און די דרום־מזרח געגענדען, טאָרף*) אין די צענטראַלע געגענדען, גרויסע נאַטור־רייכטימער פון געהילץ, וואַסער־קראַפט, רויהע מאַטעריאַלען פאַר כעמישע פּראָדוקטען, א. ז. וו. ווען די דאָזיגע נאַטירליכע אוצרות וועלען באַאַרבייט ווערען לויט די נייעסטע מעטאָדען פון טעכניק, וועלען די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען פון לאַנד אונגעהייער פאַרגרעסערט ווערען.

אַ צווייטע באַדינגונג פאַר העכערער פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבייט איז ערשטענס, צו דערהויבען די מדרגה פון בילדונג און קולטור פון דער באַפעלקערונג. אַזאַ פּראָצעס געהט איצט אָן מיט מערקווירדיגער שנעלקייט, כאָטש דאָס זעהען ניט די מענשען, וועלכע זיינען פאַרזונקען אין דער בורזשואַזער רוטינע, וועלכע זיינען ניט פעהיג צו פאַרשטעהן וויפיעל שטרעבונג צו ליכט און

*) אַ מין ברען־מאַטעריאַל — איבערזעצער.

איניציאַטיווע עם וויקעלט זיך איצט פאַנאַנדער אין די „נידעריגע" שיכטען פון פאָלק, אַ דאַנק דער סאָוועט־אָרגאַניזאַציע. צוויי־טענס דארף אויסגעבעסערט ווערען די דיסציפּלין פון די אַרביי־טער, זייער פעהיגקייט צו אַרבייטען, די אינטענסיוויטעט פון זייער אַרבייט און די אָרגאַניזאַציע פון די אַרבייטס־פּראָצעסען.

אין דעם דאָזיגען הינזיכט איז אונזער לאַגע זעהר אַ שלעכטע, זאָגאַר אַ האָפנונגסלאָזע, אויב מיר זאָלען גלויבען די לייט, וואָס האָבען זיך געלאָזט איבערשרעקען פון דער בורזשואַזיע. די דאָזיגע לייט פאַרשטעהען ניט, אַז עס איז ניט געווען און עס קען ניט זיין קיין רעוואָלוציע, אין וועלכער די אַנהענגער פון דער אַלטער סיסטעם זאָלען ניט קלאָגען וועגען רואינע, אַנאַרכיע, א. ז. וו. עס איז גאַנץ נאַטירליך, אַז צווישען די מאַסען, וואָס האָבען פון זיך אַרונטערגעוואָרפען דעם מורא'דיג־ווילדען יאָך, געהט אָן אַ פּראָצעס פון טיפען ברויזען, אַז דער פּראָצעס פון אויסצואַרבייטען די נייע יסודות פון אַרבייטס־דיסציפּלין פאָדערט פיעל צייט, און אַז דער דאָזיגער פּראָצעס האָט זיך זאָגאַר ניט געקאָנט אָנפאַנגען איידער די פּריצים און די בורזשואַזיע זיינען פאָלשטענדיג באַזיעגט געוואָרען.

מיר לאָזען זיך אפילו ניט מיטגעריסען ווערען פון דער פאַר־צווייפלונג, וואָס עס פאַרשפּרייטען די בורזשואַזיע און די בור־זשואַזע אינטעליגענטען (וועלכע האָבען אויפגעגעבען די האָפנונג צוריק צו געווינען זייערע פריהערדיגע פּריווילעגיען), אָבער מיר טאָרען פאַר קיין פאַל ניט פאַרדעקען אָן אויגענשיינליכען איבעל. פאַרקעהרט, מיר וועלען אויפדעקען דעם איבעל און פאַרשטאַרקע־רען די קאַמפּס־מעטאָדען, וואָס די סאָוועטען ווענדען אָן געגען איהם, ווייל דער ערפאָלג פון דעם סאָציאַליזם איז אומדענקבאַר אָהן אַ זיעג פון דער באַוואוסטזיניגער דיסציפּלין פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט איבער דער קליין־בורזשואַזער אַנאַרכיע, אָט דעם אמת'ען קערענדעל פון אַ מעגליכען צוריקקעהרען זיך פון דער קערענשטשינע און קאָרנילאָווטשינע.

דער מעהר באַוואוסטזיניגער אַוואַנגאַרד פון דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט האָט זיך שוין גענומען פאַר דער אויפגאַבע פון פאַרבעסערען די אַרבייטס־דיסציפּלין. צום ביישפּיעל, דער צענט־

ראַלער קאָמיטעט פון מעטאַל־אַרביימער פאַראיין און דער צענט־ראַלער סאָוועט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (יוניאָנס), האָט שוין אויסגעאַרבייט פּראָיעקטען פאַר דעקרעטען אין דער דאָזיגער פראַגע. די דאָזיגע אַרבייט דאַרף מען שטיצן און אַנטוויקלען מיט אַלע כחות. מען דאַרף אַוועקשטעלן אויף דעם טאָגעס־אָרדנונג און פּראַקטיש אויספּרובירען די וויסענשאַפטלכיע און פּראָגרעסיווע עלעמענטען פון דער טעילאָר סיסטעם, גע־פינען אַ מיטעל ווי צו מעסטען די פאַרדינסטען פון די אַרבייטער אין פאַרגלייך מיט דעם סך הכל פון די אויסגעאַרבייטע פּראָ־דוקטען, א. ז. וו., א. ז. וו.

דער רוס איז נישט קיין פעהיגער אַרבייטער אין פאַרגלייך מיט די אַרבייטער פון פאַרגעשריטענע נאַציעס. אָבער אונטער דעם אַלטען רעזשים האָט עס אַנדערש ניט געקאָנט זיין.

זיך לערנען ווי צו אַרבייטען — דאָס איז די אויפגאַבע, וואָס די סאָוועט־רעגירונג דאַרף אַוועקשטעלען פאַר'ן פאָלק. דאָס לעצטע וואָרט פון דעם קאַפּיטאַליזם אויף דעם דאָזיגען געביט איז די טעילאָר־סיסטעם, וועלכע פאַראייניגט אין זיך די ראַפי־נירטע ברוטאַליטעט פון בורזשואַזער עקספּלואַטאַציע מיט אַ רייהע רייכסטע וויסענשאַפטליכע ענטדעקונגען אין באַצוג צום אַנאַליז פון די מעכאַנישע באַוועגונגען ביי דער אַרבייט, פון איבעריגע און אונרעגעלמעסיגע באַוועגונגען, וואָס דאַרפען באַזייטיגט ווע־רען, פון די בעסטע מעטאָדען פון קאָנטראָל, א. ז. וו. די סאָוועט־רעפּובליק מוז אומבאַדינגט איבערנעהמען אַלע ווערטפולע ענט־דעקונגען פון וויסענשאַפט און טעכניק אויף דעם דאָזיגען געביט. די פאַרווירקליכונג פון דעם סאָציאַליזם ווענדט זיך גראַדע אָן דעם, ווי ווייט ערפאָלגרייך מיר וועלען זיין אין דעם צוזאַמענ־העפטען פון דער סאָוועט־רעגירונג, דער סאָוועט־אָרגאַניזאַציע מיט די בעסטע מעטאָדען פון דעם לעצטען וואָרט פון דעם קאַפּי־טאַליזם. מען דאַרף באַשאַפען אין רוסלאַנד מיטלען צו אונטער־ריכטען און שטודירען די טעילאָר־סיסטעם און סיסטעמאַטיש אויסצופּרובירען און אָנצואַווענדען די דאָזיגע סיסטעם. צוזאַמען מיט דער טעטיגקייט אויף דעם געביט פון פאַרגרעסערען די פּראָ־דוקטיוויטעט פון אַרבייט דאַרף מען נעהמען אין אַנבאַטראַכט די

ספּעציפישע אומשטענדען פון דער איבערגאנגס־פעריאָדע פון דעם קאפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם. די דאָזיגע אומשטענדען פאָדע־רען, פון איין זייט, אז עס זאָלען געלעגט ווערען די יסודות פון סאָציאַליסטישער „קאָנקורענץ", ד. ה. פון דער שטרעבונג צו אי־בערשטייגען איינער דעם צווייטען. און פון דער אנדערער זייט פאָדערען די דאָזיגע אומשטענדען אז עס זאָל אנגעווענדעט ווערען צוואנגס־מאַכט, אזוי אז דער לאָזונג פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאריאט זאָל ניט פאַראומרייניגט ווערען פון דעם צוקראָ־כענעם, מאַכטלאָזען צושטאנד פון דער סאָוועט רעגירונג.

### די אָרגאַניזאַציע פון קאָנקורענץ אין שאַפען.

איינער פון די אבסורדען, וואָס די בורזשואזיע פאַרשפּרייט וועגען דעם סאָציאַליזם, איז דאָס די סאָציאַליסטען אנערקענען ניט די וויכטיגקייט פון שאַפונגס־קאָנקורענץ, פון איבערשטייגעניש. דער אמת איז אָבער, אז בלויז אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאפט, וואו עס זיינען נישטאָ מעהר קיין קלאַסען און וואו די מאַסען זיינען מעהר נישט פאַרשקלאַפט, איז מעגליך אנצופיהרען אזא שאַפונגס־קאָנקורענץ אויף א גרויסען, מאַסאָווען מאַסשטאב. די סאָוועט אָרגאניזאציע, אין איהר איבערגאנג פון דער פאָרמעלער דעמאָ־קראטיע פון א בורזשואזער רעפּובליק צו א טיפּ שטאאט, וואו די אַרבייטענדע מאַסען נעהמען א דירעקטען אנטייל אין דער פאַר־וואלטונג פון דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט, איז די ערשטע צו אנערקענען די וויכטיגקייט פון אזא קאָנקורענץ און די ערשטע צו אָרגאניזירען זי אויף א גרויסען מאַסשטאב. אויף דעם פּאָליטישען געביט איז אזא קאָנקורענץ פיעל לייכטער דורכצופיהרען ווי אויף דעם עקאָנאָמישען, אָבער פאַר דעם ערפאָלג פון דעם סאָציאַליזם איז וויכטיג גראדע דער עקאָנאָמישער געביט.

לאָמיר נעהמען, צום ביישפּיעל, אזא מיטעל צו אָרגאניזירען שאַפונגס־קאָנקורענץ, ווי עפענטליכקייט. די בורזשואזע רעפּוב־ליק אנערקענט בלויז א פאָרמעלע, א כלומרשטע עפענטליכקייט, אָבער אין דער ווירקליכקייט איז די פּרעסע ביי די קאַפּיטאַליסטען אין די הענד, און דעם „המון" האָדעוועט מען מיט טשיקאַווע פּאָלי־

טישע נאַרישקייטען. פאַר די ארבייטער און פאַר׳ן פאָלק אין אלגעמיין איז אלע מאָל א סוד דאָס, וואָס געהט אָן אין די פאַבריקען, וואָס און ווי טייער (אָדער ווי ביליג) די פאַבריק קויפט אָדער פאַרקויפט, א. ז. וו. דאָס אלעס ווערט פאַרבאָרגען אונטער דעם אויסרייד פון „קאָמערציעלע סודות“ וואָס רינגלען ארום „דאָס הייליגע פריוואַט אייגענטום“. די סאָוועט רעגירונג האָט אָפּגעשאַפט אלע קאָמערציעלע סודות, זי האָט באַטראַכטען א נייעם וועג; אָבער דערוויייל האָט זי נאָך גארנישט ניט אויפגעטאָן אויף דעם געביט פון אויסנוצען די עפענטליכקייט פאַר עקאָנאָמישער שאַפונגס־קאָנקורענץ. עס איז אמת, אז מען דאַרף אומ׳ברחמנות׳דיג אונטערדריקען די ליגנערישע, חוצפה׳דיג־פאַלשע בורזשואַזע פרעסע, אָבער דאָס אליין איז ניט גענוג. מען דאַרף זיך נעמען פאַר א סיסטעמאַטישען שאַפען פון א פרעסע, וואָס זאָל נישט שפּייזען די מאַסען מיט פּיקאַנטע פּאָליטישע סענזאַציעס און נאַרישקייטען, נאָר זי זאָל באַלייכטען די טאָג־טעגליכע עקאָנאָמישע פראַגען, זי זאָל זיי פאָרלעגען פאַר די מאַסען, כדי זיי זאָלען די דאָזיגע פראַגען קענען שטודירען און וועגען זיי אורטיילען. יעדע פאַבריק, יעדער דערפעל שטעלט מיט זיך פאָר א פראָדוצירענדע און פאַרברויכענדע קאָמונע, און זי איז באַרעכטיגט און פאַרפליכטעט אָנצואווענדען די אלגעמיינע פלענער פון דער סאָוועט־רעגירונג אויף איהר אייגענעם שטייגער. אָבער ווען מיר זאָגען „אויף איהר אייגענעם שטייגער“ מיינען מיר ניט, אז יעדע קאָמונע האָט א רעכט זיי ניט צו פאָלגען, נאָר אז זי מעג און דאַרף אָנווענדען די פלענער פון די סאָוועטען לויט איהרע ספּעציעלע אומשטענדען און באַדינגונגען; אז זי מעג און דאַרף אויף איהר אייגענאַרטיגען אופן לייזען די אויפגאַבען פון קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע און פאַרטיילונג פון לעבענס־מיטלען. אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז דאָס געווען א „פּריוואַט זאַך“ פאַר דעם איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט, דעם פריץ אָדער דעם פּויער־בורזשואַ, דעם קולאַק. אונטער דער סאָוועט סיסטעם איז דאָס ניט א פּריוואַט זאַך, נאָר איינע פון די וויכטיגסטע שטאַאַט־אַנגעלעגענהייטען.

מיר האָבען נאָך כמעט ניט אָנגעהויבען דורצופיהרען די גוואַלדיג־שווערע אָבער זעהר וויכטיגע און דאַנקבאַרע אויפגאַבע צו

אָרגאַניזירען אַ שאַפונגס־קאָנקורענץ צווישען קאָמונעס, איינצו־פיהרען אַ סיסטעם פון פאַראַנטוואָרטליכקייט און עפענטליכקייט אין דער פּראָדוקציע פון תבואות, קליידער, א. ז. וו. צו פאַרוואַנד־לען די טרוקענע, טויטע ביוראָקראַטישע באַריכטען אין לעבעדיגע ביישפּיעלען — פון וואָס מען דאַרף און וואָס מען דאַרף ניט טאָן. אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־סיסטעם איז די באַ־דייטונג פון אַן איינצעלנעם ביישפּיעל אויף דעם געביעט פון פּלאַנ־מעסיגער און סיסטעמאַטישער אַרבייט געווען זעהר אַ קליינע, אַ באַגרעניצטע. בלויז די קליין־בורזשואַזע טרוימער האָבען געקאָנט טרוימען וועגען „אויסבעסערען" דעם קאַפּיטאַליזם דורך דער ווירקונג פון איינצעלנע „מוסטערהאַפטע" אונטערנעהמונגען. איצט אַז די פּאָליטישע מאַכט איז אין די הענט פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז די לאַגע גאָר אַנאַנדערע. איצט — ווי אַנגעזעהענע סאָציאַליסטען האָבען פיעלע מאָל אָנגעוויזען — קען אַן איינצעלנער ביישפּיעל צום ערשטען מאָל האָבען אַ גרויסע ווירקונג אויף די מאַסען. די מוסטערהאַפטע קאָמונען האַרפען און וועלען דיענען אַלס ערציהער און לעהרער פאַר די אָפּגעשטאַנענע קאָמונען. די פּרעסע דאַרף העלפען בויען דעם סאָציאַליסטישען בנין און באַקענען די מאַסען מיט אַלע איינצעלהייטען פון די מוסטערהאַפטע קאָמונען, קלאָר מאַכען די אורזאַכען וואָס האָבען געפיהרט צו זייער ערפאָלג, זייערע מעטאָדען פון פאַרוואַלטען זייער ווירטשאַפט. פון דער אַנדער זייט דאַרף די פּרעסע טאַדלען, „אַוועקשטעלען אויף אַ שוואַרצען טאָ־וועל" די יעניגע קאָמונען, וואָס היטען אָפּ עקשנות'דיג די „טראַ־דיציעס פון קאַפּיטאַליזם", דאָס הייסט, אַנאַרכיע, לעדיג־געהעריי, אונאָרדנונג און ספּעקולאַציע.

אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט פלעגען זיך מיט סטאַטיסטיק באַנוצען בלויז רעגירונגס־בעאַמטע אָדער ספּעציאַליס־טען. מיר אָבער דאַרפען באַקענען די מאַסען מיט סטאַטיסטיק, מאַכענדיג די דאָזיגע וויסענשאַפט אַזוי קלאָר און פּאָפּולער, אַז די אַרבייטער־מאַסען זאָלען אַליין אָנהויבען צו פאַרשטעהען, ווי אַזוי און וויפיעל מען דאַרף אַרבייטען, ווי אַזוי און וויפיעל מען דאַרף רוהען. מען דאַרף זעהן, אַז אַלע זאָלען זיך אינטערעסירען מיט די פאַקטען און ציפערען אין באַצוג צו דער ווירטשאַפט און

פאַרוואַלטונג פון איינצעלנע קאָמונען און אַז די מעהר ערפאָלגרייכע קאָמונען זאָלען גלייך באַלוינט ווערען (אין דער פאָרם פון פאַרקירצען דעם אַרבייטס־טאָג, העכערען די פאַרדינסטען, א. ז. וו.)

ווען אַ נייער קלאַס טרעט אַרויס אויף דער היסטאָרישער אַרענא אַלס דער לייטענדער קלאַס פון לאַנד, מוזען, פון איין זייט, אַלע מאָל פאָרקומען געזעלשאַפטליכע אויפטרייסלונגען, קעמפע און שטורמען, און פון דער אַנדערער זייט איז עס אומפאַרמיידליך, אַז דער ראָזינער קלאַס זאָל באַנעהן פעהלערען, מאַכען פראָבען, ניט קענען באַלד אויסקלייבען די ריכטיגע מעטאָדען, וואָס פאָדערען זיך אין אַזאַ מאָמענט. ווען די בורזשואַזיע האָט אָנגעהויבען זיגען איבער דעם פעאָדאַלען אַדעל (פריצים) און זיי גענומען אַרויסשטורפען פון די וויכטיגסטע סאָציאַלע פּאָזיציעס, האָבען די אַדעליגע גענומען ראַכע אָן דער בורזשואַזיע ניט נאָר דורך פאַרשווערונגען, אויפשטאַנדען, און פאַרזוכען צוריק צו קריגען זייער מאַכט, נאָר אויך דורך שטראָמען סאַטירע, חוזק־מאַכעריי איבער דער אומפעהיגקייט, די פעהלערען, די נישט־געשיקטקייט צו די „אויפגעקומענע חוצפה'ניקעס", וועלכע האָבען געוואַגט צו נעהמען אין זייערע הענט אַריין דעם „הייליגען רודער" פון שטאַאט אָהן דער לאַנגער היסטאָרישער פאַרבערייטונג, וואָס עס האָבען געהאַט די אַדעליגע מיט זייערע פּרינצען, באַראָנען, און אַנגעזעהענע פּריצים. פונקט אויף אַזאַ אופן זיינען זיך איצט נוקם אָן דעם אַרבייטער־קלאַס פאַר זיין „חוצפּה" די קאָרנילאָוו'ס און די קערענסקי'ס, די גאָצ'ען און די מאַרטאָוו'ס, און די אַלע אַנדערע העלדען פון בורזשואַזער געשעפט־מאַכעריי.

עס מוזען, נאַטירליך, פאַרביינגעהן ניט וואָכען, נאָר לאַנגע חדשים און יאָהרען איידער דער נייער הערשענדער קלאַס, וואָס איז ביז אַהער געווען געדריקט פון נויט און אונוויסענהייט, וועט זיך צוגעוואוינען צו זיין נייער לאַגע און ראָל, איידער ער וועט איינאָרדנען זיין אַרבייט און אַרויסברענגען זיינע אָרגאַניזאַטאָרען. עס פאַרשטעהט זיך, אַז די לייטענדע פּאַרטיי פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט האָט ניט די נויטיגע ערפאַהרונג, וואָס פאָדערט זיך פאַר די נייע אונטערנעהמונגען, וועלכע דאַרפען באַזאָרגען די לעבענס פון צעהנדליגע מיליאָנען מענשען. עס מוז, נאַטירליך,

נעהמען אַ לאַנגע צייט איידער די ריין אַגיטאַטאָרישע מעטאָדען וועלען פּאַרביטען ווערען אויף זאַכליכע, געשעפטסמעסיג אָרגאַניזאַציאָנס־מעטאָדען. אָבער עס איז גאַנץ מעגליך פאַר אונז צו קריגען די נויטיגע ערפאַהרונג און איבונג; אויב נאָר מיר באַגרייפען די וויכטיגקייט פון אַזאַ ערפאַהרונג, אויב נאָר מיר זיינען העכסט ענטשלאָסען צו מאַכען די נויטיגע ענדערונגען, אויב מיר וועלען נאָר האָבען געדולד גענוג — וועלען מיר דערגרייכען צו אונזער ציעל. דאָס פאָלק, ד. ה. די אַרבייטער און די נישט־עקספּלואַטירענדע פויערען, פאַרמאָגט אַ מאַסע אָרגאַניזאַטאָרישע טאַלאַנטען. אונטער דעם קאַפּיטאַליזם זיינען די דאָזיגע טאַלאַנטען צודריקט און פאַרניכטעט געוואָרען אין די טויזענדער, און אונז האָט זיך נאָך דערוויילע ניט איינגעגעבען זיי אויסצוגעפינען, אַוועקצושטעלען זיי אויף די פיס און אויסנוצען זיי פאַר אונזער אַרבייט. אָבער אונז וועט זיך עס איינגעבען, מיר וועלען זיך אויסלערנען ווי אויסצוגעפינען די דאָזיגע פעהיגע אָרגאַניזאַטאָרישע כחות, אויב מיר וועלען זיך פאַר דעם נעהמען מיט דעם רעוואָלוציאָנערען ענטוזיאַזם, אָהן וועלכען קיין רעוואָלוציע קען ניט זיין זיעגרייך.

קיין איין גרויסע פאָלקס־באַוועגונג האָט זיך ניט אויסגעדרעהט פון צאָהלען רבי־געלד פאַר איהר אונערפאַהרענהייט. צו די אונערפאַהרענע איבערבויער פלעגען צושטעהן פאַרשיעדענע אוואַנטוריסטען, זשוליקעס, פוסטע באַריהמער און שאַרלאַטאַנען; עס פלעגט פאָרקומען זעהר פיעל טומעל און מישעניניש, וועלכע האָבען צו גאָרנישט ניט געפיהרט; אייניצעלנע „פיהרער" פלעגען זיך נעהמען פאַר צוואַנציג זאַכען מיט אַ מאָל און קיין איינע ניט פאַרענדיגען. זאָלען די הינטלעך פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט בילען אויף דעם פּראָלעטאַרישען עלפאַנד; זאָלען זיי סקאַוואַטשען איבער יעדען איבעריגען שפּינדעל וואָס פאַלט בעת מען האַקט דעם אַלטען וואַלד. אויף דערויף זיינען זיי דאָך הינטלעך, אַז זיי זאָלען בילען אויף דעם פּראָלעטאַרישען עלפאַנד. זאָלען זיי זיך בילען. מיר וועלען זיך געהן אונזער וועג, מיר וועלען אַזוי פאָרזיכטיג ווי מעגליך אויסגעפינען און אויספּרובירען די אמת'ע אָרגאַניזאַטאָרען, די מענשען מיט פּראַקטישען שכל און

ניכטערען פאַרשטאַנד, די מענשען וואָס פאַראייניגען אין זיך די איבערגעבענהייט צום סאָציאַליזם מיט דער פעהיגקייט אָהן טור־מעל אָנצוגעהן מיט דער אַרבייט אויף דעם געביט פון בויען דאָס לעבען פון מיליאָנען מענשען אין די ברייטע ראַמען פון דער סאָוועט אָרגאַניזאַציע. בלויז א זוינע מענשען דאַרפען מיר אוועקשטעלען אויף די וויכטיגסטע פּאָסטענס, אַלס די לייטענדע כחות פון דער פאָלק־ווירטשאַפט און פאַרוואַלטונג. דערווייל האָ־בען מיר זיך נאָך ניט אויגעלערענט ווי דאָס צו טאָן, אָבער מיט דער צייט וועלען מיר זיך אויסלערנען.

### פעהיגע אָרגאַניזאַציע און דיקטאַטור.

א רעזאָלוציע פון דעם לעצטען סאָוועטען־צוזאַמענפאָהר אין מאָסקווע אנערקענט אַלס די וויכטיגסטע אויפגאַבע פון מאָמענט די באַשאַפונג פון „פעהיגע, מוסטערהאַפטע אָרגאַניזאַציעס“ און די פאַרגרעסערונג פון דיסציפּלין. יעדער איינער שטימט היינט געדן פאַר אַזעלכע רעזאָלוציעס, אָבער ניט אַלע באַגרייפען, אַז כדי זיי דורכצופיהרען אין לעבען דאַרף מען אָנווענדען צוואַנג־מאַכט אין דער פאָרם פון דיקטאַטור. עס וואָלט געווען די גרעס־טע נאַרישקייט צו דענקען, אַז דער איבערגאַנג פון דעם קאַפּיטאַ־ליזם צום סאָציאַליזם איז מעגליך אָהן צוואַנג־מיטלען און אָהן א דיקטאַטור. מאַרקס האָט זיך גאַנץ קלאָר אויסגעדריקט געגען אַזאַ קליין־בורזשואַזען און אַנאַרכיסטישען אבסורד, ד. ה. אַז אין דער איבערגאַנגס־פּעריאָדע קען מען זיך באַגעהן אָהן צוואַנג־מאַכט. און רוסלאַנד פון 1917—1918 באַשטעטיגט מאַרקס'עס טעאָריע אין דעם דאָזיגען הינזיכט אַזוי קלאָר, אַזוי איבערצייגענד, אַז בלויז טעמפּע מחות, אָדער אַזוינע וואָס ווילען ניט זעהן דעם אמת, קענען נאָך צווייפלען אין דעם. אָדער די דיקטאַטור פון א קאָרנילאָוו, אָדער די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט — קיין אַנדער אויסגאַנג איז נישטאָ פאַר דעם לאַנד, וואָס מאַכט דורך אַן אונגעוועהנליך שנעלע ענטוויקלונג פון אונגעוועהנליך גרויסע איבערגאַנגען; פאַר דעם לאַנד, וואָס איז אויפגעטרייסעלט און רואינירט געוואָרען פון דער שרעקליכסטער פון אַלע מלחמות.

אַלע מיטעל־וועגען, וואָס ווערען פאָרגעלעגט, זיינען אַ סימן אָדער פון דעם באַטרוג פון דער בורזשואַזיע, וועלכע קען ניט זאָגען דעם אמת, אַז זי מוז האָבען אַ קאָרנילאָוו, אָדער פון דער טעמפּקייט פון די קליין־בורזשואַזע דעמאָקראַטען — די טשערנאָוו׳ס, די צערעטעלי׳ס און די מאַרטאָוו׳ס, וועלכע פּלאַפּלען וועגען אַן אייניגקייט פון דעמאָקראַטיע, וועגען דער דיקטאַטור פון דעמאָקראַטיע, וועגען אַן אַל־דעמאָקראַטישען פראָנט, און נאָך אַזעלכע פּוסטע פראַזען. די וועלכע האָבען פון דער רעוואָלוציע פון 1917—1918 ניט געלערענט, אַז עס איז ניטאָ קיין מיטעל־וועג, וועלען שוין קיינמאָל גאָרנישט ניט לערנען.

עס איז ניט שווער צו פאַרשטעהן, אַז אין דער איבערגאַנגס־פּעריאָדע פון דעם קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם איז אַ דיקטאַטור נויטיג צוליעב צוויי וויכטיגע טעמים, און אין צוויי הויפּט ריכטונגען. ערשטענס, קען מען ניט בייקומען און אויסראָטען דעם קאַפּיטאַליזם אַנדערש ווי דורך אַן אומ׳ברחמנות׳דיגער אונטערדריקונג פון דעם ווידערשטאַנד, וואָס די עקספּלואַטאַטאָרען ווייזען ארויס. מען קען ביי די קאַפּיטאַליסטען מיט אַ מאָל ניט אוועקנעהמען זייערע פאַרמעגענס, זייער אָרגאַניזאַציע און זייער ערפאַהרונג, און זיי וועלען פאַר אַ גאַנץ לאַנגער צייט זוכען צו שטירצען די מאַכט פון די אָרימע מאַסען. צווייטענס, איז יעדע גרויסע רעוואָלוציע — בפרט נאָך אַ סאָציאַליסטישע — אוממעגליך אָהן אַן אינערליכער מלחמה, דאָס הייסט, אָהן אַ בירגערקריעג, וואָס איז נאָך מעהר רואינירענד, ווי אַן אויסערליכע מלחמה, וואָס ברענגט מיט זיך טויזענטער פאַלען פון וואַקלען זיך, פון אַריבערגעהן פון איין זייט צו אַ צווייטער; וואָס באַשאַפט אַ צושטאַנד פון אומבאַשטימטקייט, אונזיכערהייט און כאַאָס. עס איז גאַנץ נאַטירליך, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדען זאָלען אַלע צופוילטע עלעמענטען, וואָס זיינען מעהרסטענס פאַרבונדען מיט דער קליין־בורזשואַזיע, ווייל זי איז די ערשטע רואינירט און פאַרניכטעט צו ווערען פון אַ מלחמה, — אַז אַלע צופוילטע עלעמענטען זאָלען „ווייזען וואָס זיי קענען טאָן“. און „ווייזען וואָס זיי קענען טאָן“ קענען זיי ניש ט אַנדערש, ווי דורך פאַרברעכען, כוליגאַנסטווע, ספּעקולאַציע און פאַרשיע־

דענע אַנדערע נידערטרעכטיגקייטען. כדי מיט די דאָזיגע עלע־
מענטען צו ספּראַווען זיך, פאָדערט זיך פאַר אַ געוויסער צייט
אַ אײַ י זערנע האַנד.

אין יעדער גרויסער רעוואָלוציע האָט דאָס פאָלק אינסטינק־
טיוו דערפיהלט, אַז מען מוז, אין די אינטערעסען פון זעלבסט־
שוץ, זיין שטרענג צו די אַלע פאַרברעכערישע עלעמענטען, אַז מען
מוז די גנבים באַשטראָפען באַלד ווי מען כאַפּט זיי. די צרה מיט
די פריהערדיגע רעוואָלוציעס איז געווען, וואָס דער רעוואָלוציאָ־
נערער ענטוזיאַזם פון די מאַסען, וואָס האָט זיי געהאַלטען אין אַן
אָנגעשטרענגטען צושטאַנד און זיי געגעבען אַ מעגליכקייט צו
אונטערדריקען די פאַרדאָרבענע עלעמענטען, — וואָס דער דאָזיגער
ענטוזיאַזם האָט אָנגעהאַלטען נישט לאַנג. די סאָציאַלע אורזאַ־
כע פון אָט דער נישט־דויערהאַפטיגקייט פון דעם רעוואָלוציאָנערען
ענטוזיאַזם איז געווען די שוואַכקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט,
וואָס איז דער איינציגער קלאַס, וועלכער איז פעהיג
צוצוציהען די מעהרהייט פון עקספּלואַטירטע מאַסען (אויב ער
איז נאָר צאָהלרייך גענוג, ענטוויקעלט און דיסציפּלינירט גענוג),
וועלכער קען אָנהאַלטען די מאַכט לאַנג גענוג צו קענען אונטער־
דריקען אַלע עקספּלואַטאַטאָרען און אַלע פאַרדאָרבענע עלעמענטען.

די דאָזיגע ערפאַהרונג פון אַלע רעוואָלוציעס, דעם דאָזיגען
אַלוועלטליך־היסטאָרישען מוסר־השכל האָט מאַרקס אויסגעדריקט
אין דער קורצער, שאַרפער, גענויער פאָרמולע: דיקטאַטור
פון פּראָלעטאַריאַט. און אַז די רוסישע רעוואָלוציע
איז ריכטיג צוגעטראָטען צו דער פאַרווירקליכונג פון דער דאָזיגער
אַלוועלטליך־היסטאָרישער אויפגאַבע, איז באַוויזען גע־
וואָרען פון דעם טריאומף פון דער סאָוועט־אָרגאַניזאַציע צווי־
שען אַלע פעלקער און נאַציאָנאַליטעטען פון רוסלאַנד; וואָרים די
סאָוועט־רעגירונג איז בלויז אַן אָרגאַניזירטע פאָרם פון דער דיק־
טאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, פון דער דיקטאַטור פון דעם פאָראויס־
געהענדען קלאַס, וואָס שטרעבט צו אַ נייעם דעמאָקראַטיזם, צו
אַ דעמאָקראַטיזם, אונטער וועלכען די צעהנדליגע מיליאָנען אַר־
בייטענדע און עקספּלואַטירטע מאַסען נעהמען אַ דירעקטען אַנ־
טייל אין דער פאַרוואַלטונג פון שטאַאַט, אַ דעמאָקראַטיזם אונ־

טער וועלכען די מאַסען געפינען אויס פון ערפאַהרונג, אַז דער דיסציפּלינירטער און באַוואוסטזיניגער אַוואַנגאַרד פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז זייער בעסטער פיהרער און וועג־ווייזער.

אָבער ד י ק ט אַ ט ו ר איז אַ הויך וואָרט, און מיט הויכע ווערטער טאָר מען זיך ניט וואַרפען גלאַט אין דער וועלט אריין. דיקטאַטור — דאָס איז אַן אייזערנע מאַכט, אַ רעוואָלוציאָנערע, שנעלע און וואַגענדע מאַכט, אַ מאַכט, וואָס איז באַרמלאָז ווען עס קומט צו דער אונטערדריקונג פון עקספּלואַטאַטאָרען אָדער כוליגאַנעם. אונזער מאַכט איז אָבער אַ צו ווייכע; אָפטמאָל איז זי מעהר עהנליך צו לעמישקע ווי צו אייזען. מען דאַרף אויף קיין מינוט ניט פאַרגעסען, אַז די בורזשואַזע און קליין־בורזשואַזע עלעמענטען קעמפען געגען דער סאָוועט־רעגירונג אין צוויי היגזיכטען: פון איין זייט קעמפען זיי פון דרויסען דורך די מעטאָדען פון די סאַווינקאָוו'ס, די גאָצ'עס, די געגעטשקאָרי'ס, די קאָרנילאָוו'ס, דורך פאַרשווערונגען און אויפשטאַנדען, דורך שטראָמען ליגען און פאַרלוימדונג אין דער פּרעסע פון די קאַדעטען, די רעכטע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און מענשעוויקעס. פון דער אַנדערער זייט ווירקען זיי פון אינוועניג. זיי נוצען אויס יעדען פאַרדאָרבענעם עלעמענט, יעדען שוואַכען פּונקט אונזערען אום צו פאַרגרעסערען דעם כאַאָס, די צולאָזענקייט, אום אונטערצוגראָבען די דיסציפּלין. וואָס נעהנטער מיר קומען צו דער פאָלשטענדיגער מיליטערישער אונטערדריקונג פון דער בורזשואַזיע, אַלץ געפעהרליכער ווערען פאַר אונז די עלעמענטען פון דער קליין־בורזשואַזער אַנאַרכיע. אין דעם קאַמף מיט ד דאָזיגע עלעמענטען, מיט דער דאָזיגער אומגעבונג קען מען ניט אָנפיהרען בלויז דורך פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, בלויז דורך שאַפונגס־קאָנקורענץ, בלויז דורך געקליבענע אָרגאַניזאַטאָרען. פאַר דעם דאָזיגען קאַמף פאָדערט זיך אויך צוואַנג־מאַכט.

אויף וויפיעל די סאָוועט־מאַכט האָט דורכגעפיהרט די אויפגאַבע פון מיליטערישער אונטערדריקונג פון דער בורזשואַזיע און האָט זיך גענומען פאַר דער אויפגאַבע פון פאַרוואַלטונג, אויף אַזוי פיעל ווערט די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט אָנגעהמען די פאָרם ניט פון היגריכטונגען אויפ'ן פּלאַץ, נאָר פון געריכט־

פּראָצעסען. אין דעם דאָזיגען הינזיכט האָבען די רעוואָלוציאָ־נערע מאַסען באַטראַכטען דעם ריכטיגען וועג שוין באַלד נאָך דעם 25טען אָקטאָבער, 1917, און האָבען דערוויזען די לעבהאַפטיג־קייט פון דער רעוואָלוציע מיט דעם, וואָס זיי האָבען אַליין באַ־שאַפען טריבונאַלען פון ארבייטער און פּויערען, נאָך איידער עס זיינען אָפיציעל אָפּגעשאַפט געוואָרען די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע געריכטען. אָבער אונזערע רעוואָלוציאָנערע פאָלקס־געריכטען זיי־נען נאָך זעהר שוואַך און אומפעהיג. עס פיהלט זיך, אַז עס איז נאָך ניט אינגאַנצען פאַרניכטעט געוואָרען די באַציהונג פון פאָלק צום געריכט אַלס צו אַ פרעמדער, „קאַזיאָנער“ זאַך — אַ באַצי־הונג וואָס דאָס פאָלק האָט גע׳ירשנ׳ט פון דעם רעזשים פון פּריצים און קאַפּיטאַליסטען. דאָס פאָלק פאַרשטעהט נאָך ניט, אַז גראַדע דער געריכט איז דאָס בעסטע מיטעל צוצוציהען די אָרימע מאַסען צו דער פאַרוואַלטונג פון שטאַאַט (ווייל די טעטיגקייט פון גע־ריכטען איז איינע פון די פונקציעס פון שטאַאַט־פאַרוואַלטונג), אַז דער געריכט איז אַן אָ ר ג אַ ן פון דער מאַכט פון די אַרביי־טער און אָרימע פּויערען, אַז דער געריכט איז אַ מיטעל צו לערנען זיך דיסציפּלין. דאָס פאָלק פאַרשטעהט נאָך ניט דעם איינפאַכען פאַקט, אַז אויב רוסלאַנד׳ס הויפּט־צרה איז הונגער און אַרבייטס־לאָזיגקייט, קען מען די דאָזיגע צרה בייקומען ניט מיט גלאַט־אַזוי באַגייסטערונג, נאָר מיט אַ גוט־אָרגאַניזירטער, אַל־נאַציאָנאַלער דיסציפּלין, וואָס זאָל פאַרגרעסערען די פּראָדוקציע פון ברויט פאַר מענשען און נאַהרונג פאַר די אינדוסטריען (הייץ מאַטער־יאַל), וואָס זאָל ריכטיג און רעגעלמעסיג פאַרטיילען די דאָזיגע פּראָדוקטען. מען פאַרשטעהט ניט, אַז די פ אַ ר אַ נ ט וו אָ ר ט־ל י כ ק י י ט פאַר די ליידען פון הונגער און ארבייטסלאָזיגקייט פאַלט אויף י ע ד ע ן א י י נ ע ם, וואָס פאַרשוועכט די אַר־בייטער־דיסציפּלין אין וועלכער ס׳ניט איז ווירטשאַפט, אויף וועל־כען ס׳ניט איז געביט פון פּראָדוקציע, אַז מען דאַרף אויסגעפינען די שולדיגע, זיי שטעלען צום געריכט און זיי שטרענג באַשטראָ־פען. די קליין־בורזשואַזע סביבה, וועלכע מיר מוזען באַקעמפען, דריקט זיך אויס גראַדע אין דעם, וואָס דאָס פאָלק פאַרשטעהט ניט די דירעקטע פאַרבינדונג, וואָס עקזיסטירט צווישען דעם הונ־

גער און ארבייטסאַלזיגקייט פון איין זייט און דער צולאָזענקייט און אונפאראנטוואָרטליכקייט פון יעדען איינעם אויף דעם געביט פון אָרגאניזאציע און דיסציפּלין פון דער אנדערער זייט. די קליין־בורזשואזע סביבה דריקט זיך אויף אויס אין דעם, וואָס עס איז נאָך שטארק איינגעוואָרצעלט דער כלל פון קליין־איינגענ־טימער: „איך דארף ארײנקריגען וואָס מעהר, און אנדערע מעג דער טייוועל נעהמען".

אין דער אייזענבאהן־אינדוסטריע, וועלכע פארקערפּערט אין זיך אַלע כאראקטעריסטישע שטריכען פון א גרויס־קאַפּיטאַליס־טישער אָרגאניזאציע, איז דער דאָזיגער קאמף פון דער קליין־בורזשואזער סביבה מיט דער פּראָלעטארישער אָרגאניזאציע באַ־זונדערס בולט. די אָנגעשטעלטע פון דער „פּארוואלטונג" זיינען מערסטענס סאבאָטאזשניקעס און כאבארניקעס; די בעסערע פּראָ־לעטארישע עלעמענטען קעמפען פאר דיסציפּלין, אָבער צווישען די ביידע עלעמענטען זיינען, נאטירליך, פאראן א סך אזוינע, וואָס וואקלען זיך, וואָס זיינען ניט אהין און ניט אהער, וואָס זיינען „שוואך" און קענען ניט ביישטעהן דעם נסיון פון ספּעַ־קולאציע, כאבאר, אייגענוציגקייט, צושטערענדיג דורך דעם דעם גאנצען אַפּאראט, אָן וועלכען עס הענגט אָפּ די רעגעלמעסיגע אַרבייט און דער זיעג איבער דעם הונגער און ארבייטסלאָזיגקייט.

א כאראקטעריסטישער קאמף האָט זיך ענטוויקעלט אין דעם דאָזיגען הינזיכט וועגען דעם דעקרעט, וואָס גיט דיקטאטאָרישע („אומבאגרעניצטע") פולמאכט צו איינצעלנע דירעקטאָרען אויף די אייזענבאהנען. די באוואוסטזיניגע פאַרשטעהער פון קליין־בורזשואזער צולאָזענהייט האָבען געזוכט אויסצוטייטשען די דאָ־זיגע דיקטאטאָרישע מאכט פון איינצעלנע דירעקטאָרען אַלס א פארשוועכונג פון דעם פּרינציפּ פון געמיינשאפטליכער, קאָלע־גיאַלער פארוואלטונג, פון דעם פּרינציפּ פון דעמאָקראטיע און אנדערע פּרינציפּען פון דער סאָוועט־מאכט. צווישען די לינקע *) סאָציאַל־דעמאָקראטען האָבען אייניגע אויפגעהויבען אן עכט־כו־

---

*) אין אָריגינאַל שטעהט „לינקע". אָבער דאָס מוז זיין א דרוק־פעהלער אָדער א פען־פעהלער. — איבערזעצער.

ליגאַנישע אַגיטאַציע געגען דעם דאָזיגען דעקרעט, אַן אַגיטאַציע, וואָס האָט געזוכט צו שפּיעלען אויף די קליין־בורזשואַזע ענגאַיס־טישע אינסטינקטען. דער דאָזיגער קאַמף האָט אַרויסגעבראַכט צוויי וויכטיגע פראַגען. ערשטענס, איז דאָס געווען אַ פּרינציפּיעלע פראַגע — אויב עס איז אין אַלגעמיין אין איינקלאַנג מיט די פּרינציפּען פון דער סאָוועט הערשאַפט צו געבען אונבאַגרעניצטע מאַכט צו איינצעלנע פּערזאָנען. און צווייטענס — וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער דאָזיגער איינצעלנער פאַל צו די ספּעציעלע אויפגאַבען, וואָס שטעהען פאַר דער סאָוועט־רעגירונג אין דעם איצטיגען מאָמענט? עס איז ווערט זיך אָפּצושטעלען אויףביידע פראַגען.

אין דער געשיכטע פון רעוואָלוציעס געפינען מיר אומבאַשטרייטבאַרע באַווייזען, אַז די דיקטאַטור פון איינצעלנע פּערזאָנען האָט אָם בעסטען אויסגעדריקט און דורכגעפיהרט די דיקטאַטור פון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסען. מיט דעם בורזשואַזען דעמאָקראַטיזם איז די דיקטאַטור פון איינצעלנע פּערזאָנען אודאי געווען אין איינקלאַנג. אָבער אין דעם דאָזיגען פּונקט זיינען די בורזשואַזע טאַדלער פון דער סאָוועט־מאַכט און זייערע קליין־בורזשואַזע אונטערשטופּער זעהר „פלינק“, זעהר כיטרע: פון איין זייט שרייען זיי, אַז די סאָוועט־רעגירונג איז אַן אומגעלומפּערטע, ווילדע, אַנאַרכישע רעגירונג, און זיי איגנאָרירען אינגאַנצען אונזערע היסטאָרישע ביישפּיעלען און טעאָרעטישע באַווייזען, אַז די סאָוועטען זיינען אַ העכערע פאָרם פון דעמאָקראַטיע, דער אָנהויב פון אַ ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ר דעמאָקראַטיע. פון דער אַנדערער זייט שטעלען זיי אונז פאָדערונגען, וואָס זיינען העכער פון דעם בורזשואַזען דעמאָקראַטיזם און זאָגען אונז, אַז די דיקטאַטור פון איינצעלנע פּערזאָנען שטעהט אין אַבסאָלוטען ווידערשפּרוך מיט דעם באָלשעוויסטישען (ד. ה. מיט דעם סאָציאַליסטישען, נישט מיט דעם בורזשואַזען) דעמאָקראַטיזם פון די סאָוועטען.

אַזעלכע טענות זיינען דורך און דורך פאַלש. אויב מיר זיינען נישט קיין אַנאַרכיסטען, מוזען מיר אַנערקענען די נויטווענדיגקייט פון אַ שטאַאַט, ד. ה. פון צוואַנג־מאַכט, וואָס זאָל

אָנגעוועגדט ווערען אין דעם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו סאָ־
ציאַליזם. די פאָרם פון דער צוואַנג־מאַכט ווענדט זיך אָן דער
ענטוויקלונגס־שטופע פון דעם באַטרעפענדען מאָמענט אין דער
רעוואָלוציע; אויך אָן אַזוינע ספּעציעלע אומשטענדען, ווי די
רעזולטאַטען פון דער לאַנגער רעאַקציאָנערער מלחמה, צום ביי־
שפּיעל, און אויך אָן די פאָרמען פון דעם ווידערשטאַנד, וואָס די
בורזשואַזיע און די קליין־בורזשואַזיע ווייזען אַרויס. עס איז
דעריבער נישטאָ קיין פּרינציפּיעלער ווידערשפּרוך צווישען דעם
סאָוועט־דעמאָקראַטיזם (ד. ה. סאָציאַליסטישען דעמאָקראַטיזם)
און דער דיקטאַטור פון איינצעלנע פּערזאָנען. די פּראָלעטאַרישע
דיקטאַטור אונטערשיידט זיך פון דער בורזשואַזער בלויז מיט
דעם, וואָס די ערשטע ווערט אָנגעווענדט נעגען דער עקספּלואַ־
טירענדער מינדערהייט און אין די אינטערעסען פון דער עקס־
פּלואַטירטער מעהרהייט, און ווערט פּאַרווירקליכט, אויך פון איינ־
צעלנע פּערזאָנען, ניט נאָר פון די עקספּלואַטירטע אַרבייטער־
מאַסען, נאָר אויך פון די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען אַזוי געּ
בויט, אַז זיי זאָלען וועקען די מאַסען צו שאַפענדער היסטאָרישער
אַרבייט (די סאָוועטען זיינען פון אַזאַ מין אָרגאַניזאַציעס).

וועגען דער צווייטער פראַגע — וואָס פאַר אַ באַדייטונג די
דיקטאַטור פון איינצעלנע פּערזאָנען האָט פאַר די ספּעציעלע אויפ־
גאַבען פון מאָמענט — קען מען זאָגען אָט וואָס: יעדע מאַשין־
אינדוסטריע, וואָס איז דער מאַטעריעלער קוואַל און פונדאַמענט
פון דעם סאָציאַליזם, פאָדערט, אַז די געמיינשאַפטליכע אַרבייט
פון הונדערטער, טויזענדער, צעהנדליגע טויזענטער, זאָל געקיר־
רעוועט ווערען פון אַן איינהייטליכען, שטרענגען ווילען. דאָס
איז אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיגקייט פון טעכנישען, עקאָנאָמישען
און היסטאָרישען שטאַנדפּונקט. די וואָס האָבען זיך פיעל־
ווייניג אריינגעטראַכט אין דעם סאָציאַליזם האָבען אַלע מאָל
אַנערקענט די נויטווענדיגקייט פון אַזאַ איינהייטליכען ווילען און
אַנערקענען דאָס איצט אויך. ווי אַזוי קען אַ שטרענגער איינ־
הייטליכער ווילען פאַרווירקליכט ווערען? נישט אַנדערש ווי דורך
דעם, אַז די טויזענטער זאָלען זיך ביי דער אַרבייט אונטערוואַרפען
דעם ווילען פון איינעם.

די דאָזיגע אונטערוואַרפענהייט קען, אונטער אַן אידעאַלער באוואוסטזיניגקייט און דיסציפּלין, זיין עהנליך צו דער געהאָרכזאמקייט, וואָס די כלי זמר פון אַן אָרקעסטער ווייזען ארויס צו זייער דיריזשאָר. אויב אָבער עס פעהלט אזא אידעאַלער באוואוסטזיין און דיסציפּלין, קען זי אָננעהמען די שטרענגע פאָרמען פון אַ דיקטאַטור. אָבער וועלכע פאָרמען זי זאָל ניט אָננעהמען, איז אַן אבסאָלוטע אונטערוואָרפענהייט צו אַן איינהייטליכען ווילען אומבאדינגט נויטיג פאַר דעם ערפאָלג פון גרויס אינדוסטריע. פאַר די אייזענבאהנען איז זי דאָפּעלט נויטיג. די רעוואָלוציע האָט ערשט ניט לאַנג צושמעטערט די שווערע קייטען אין וועלכע די ארבייטער־מאַסען זיינען געווען געשמידט. דאָס איז געווען נעכטען. היינט אָבער פאָדערט פון אונז די זעלבע רעוואָלוציע, און טאַקע אין די אינטערעסען פון דעם סאָציאַליזם, אַז מיר זאָלען איינפיהרען אַן **אבסאָלוטע געהאָרכזאמקייט** פון די מאַסען צום **איינהייטליכען ווילען** פון די, וואָס קירעווען דעם פּראָצעס פון ארבייט. עס פאַרשטעהט זיך, אַז אזא איבערגאנג איז נישט מעגליך מיט אמאָל. עס פאַרשטעהט זיך, אַז ער קען פאַרווירקליכט ווערען בלויז דורך גרויסע אויפטרייסלונגען, דורך ריקשריטען, דורך דער גוואַלדיגער אָנשטרענגונג פון דעם פּאָלעטאַרישען אוואַנגאַרד, וואָס פיהרט דאָס פאָלק צו אַ נייעם לעבען.

נעהמט די פּסיכאָלאָגיע פון דעם דורכשניטליכען פאָרשטעהער פון די ארבייטער־מאַסען און באטראַכט זי אין דער ליכט פון די אויסערליכע, מאַטעריעלע באדינגונגען פון זיין געזעלשאַפטליכען לעבען. ביז דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט ער קיינמאָל ניט געזעהן, אַז די פאַרמעגליכע עקספּלואַטירענדע קלאַסען זאָלען ווירקליך אויפאָפּפערען עפּעס ערנסטעס, עפּעס ממשותדיגעס פון זייערעטוועגען. ער האָט ניט געזעהן, אַז זיי זאָלען זיך איילען איהם צו געבען די לאַנג־צוגעזאָגטע ערד און פרייהייט, אָדער שלום; אַז זיי זאָלען מקריב זיין זייערע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסען, זייערע אימפּעריאַליסטישע געהיימע אָפּמאַכען, זייער קאַפּיטאַל און זייערע פּראָפיטען. דאָס האָט ער ערשט דערזעהן דעם 25טען אָקטאָבער, 1917, ווען ער האָט מיט גוואַלד

אַקוועקגענומען די מאכט ביי די קערענסקי'ס גאָצ'עס, געגעטש־
קאָרי'ס, דיטאָוו'ס, קאָרנילאָוו'ס. עס איז גאַנץ נאַטירליך, אַז
פאַר א געוויסער צייט זאָלען אַלע זיינע כחות זיין אַגעוועגדט
אויף דעם, אַז ער זאָל זיך אָפּרוהען, כאַפּען דעם אָטעם, אויס־
גלייכען און געניסען פון אַלע זאכען וועלכע ער קען באַלד קריגען
און וועלכע די אַראָפּגעוואָרפענע עקספּלואַטאַטאָרען האָבען פון
איהם צוריקגעהאַלטען. עס פאָדערט זיך, נאַטירליך, אַ געוויסע
צייט, אַז דער דורכשניטליכער פאָרשטעהער פון די מאַסען זאָל
ניט נאָר אַליין איינזעהן און פאַרשטעהן, נאָר ער זאָל *דער־*
*פיהלען*, אַז גלאַט אַזוי נעהמען, כאַפּען, רייסען איז קיין
תכלית ניט, אַז דאָס קען פיהרען צו נאָך מעהר כאַאָס, צו אונטער־
גאַנג, צום צוריקקעהר פון די קאָרנילאָווס. די נויטיגע ענדערונג
אין די אויסערליכע לעבענס־באַדינגונגען (און פאָלגליך אויך אין
דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם דורכשניטליכער פאָרשטעהער פון די
מאַסען) האָט זיך ערשט אָנגעהויבען. און אונזער אויפגאַבע, די
אויפגאַבע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (באָלשעוויקעס), וועל־
כע דריקט אויס די שטרעבונג פון די עקספּלואַטירטע מאַסען צו
באַפרייאונג, איז צו פאַרשטעהן די דאָזיגע ענדערונג, פאַרשטעהן
ווי נויטיג זי איז, זיך שטעלען אַן דער שפּיץ פון די אויסגעמו־
טשעטע מאַסען, וואָס זיינען שוין מיעד זוכענדיג אַן אויסגאַנג,
און פיהרען זיי אויף דעם ריכטיגען וועג, אויף דעם וועג פון אַר־
בייטס־דיסציפּלין. מען מוז איינאָרדנען די אַרבייט אַזוי, אַז די
מיטינגען, וואָס ווערען געהאַלטען וועגען די אַרבייטס־באַדינגונ־
גען זאָלען ניט צושטערען די אַבסאָלוטע געהאָרכזאַמקייט פון די
אַרבייטער, *בעת זיי אַרבייטען*, צום ווילען פון דעם
סאָוועט־דירעקטאָר, דעם סאָוועט־דיקטאַטאָר.

די בורזשואַזע עלעמענטען צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס
לאַכען אָפּ פון דער „מיטינגעריי“, וואָס די אַרבייטער פיהרען אָן,
און זעהען אין דעם בלויז כאַאָס, בלויז טומעל, בלויז ביישפּיעלען
פון אייגעננוציגקייט פון די אַרבייטער. אָבער אָהן אַזוינע מי־
טינגען וואָלטען די אונטערדריקטע מאַסען קיינמאָל ניט געקאָנט
איבערגעהן פון דער דיסציפּלין, וואָס די עקספּלואַטאַטאָרען האָ־
בען אויף זיי אַרויפגעלעגט, צו אַ באַוואוסטזיניגער, פרייוויליגער

דיסציפלין, וואס איז נויטיג אין די אינטערעסען פון דער רעוואַ־לוציע. אזעלכע מיטינגען דריקען אוים דעם אמת'ען דעמאקראטיזם פון די ארבייטער־מאסען, זייער ערוואכונג צו א נייעם לעבען, זייערע ערשטע שריט אויף דעם באדען, פון וועלכען זיי אליין האבען אפגעראמט די אלערליי שרצים (עקספלואטאטארען, אים פעריאליסטען, פריצים, קאפיטאליסטען), און וועלכען זיי ווילען אליין בעארבייטען אויף זייער אייגענעם שטייגער, פאר זיך אליין, אויף די יסודות פון דער סאוועט־מאכט און ניט פון בורזשואזער הערשאפט.

עס איז נויטיג געווען גראדע דער אקטאבער־זיעג פון די אר־בייטער איבער די עקספלואטאטארען, עס איז נויטיג געווען, אז די ארבייטער זאלען, אין דעם משך פון א לענגערער פעריאדע, פריי־הער אליין באשפרעכען די נייע באדינגונגען פון לעבען, אום עס זאל מעגליך זיין אריבערצוגעהן צו די העכערע פארמען פון אר־בייטס־דיסציפלין, אום די ארבייטער זאלען זיך פאלשטענדיג איבערצייגען אין דער נויטווענדיגקייט פון דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט, אין דער נויטווענדיגקייט פינקטליך אויסצופיהרען ביי דער ארבייט די באפעהלען פון די סאוועט־פארשטעהער.

די דאזיגע איבערגאנגס־פעריאדע האט זיך שוין אנגעפאנגען.

מיר האבען געלייזט מיט ערפאלג די ערשטע פראבלעם פון דער רעוואלוציע; מיר האבען געזעהן, אז די ארבייטער־מאסען האבען באגריפען און דורכגעפיהרט די הויפט־באדינגונג פאר דעם ערפאלג פון דער רעוואלוציע — די פאראייניגונג פון כחות פאר דער שטירצונג פון דער בורזשואזיע. אזעלכע וועגדונגס־פונקטען ווי אקטאבער פון 1905, פעברואר און אקטאבער פון 1917 האבען אן אלוועלטליך־היסטארישע באדייטונג.

מיר האבען ערפאלגרייך געלייזט די צווייטע אויפגאבע פון דער רעוואלוציע: מיר האבען אויפגעוועקט און אויפגעהויבען די „נידעריגע“ שיכטען פון דער געזעלשאפט, וועלכע זיינען געווען אונטערדריקט פון די עקספלואטאארען און וועלכע האבען ערשט נאך דער אקטאבער־רעוואלוציע באקומען די פרייהייט ארונטערצו־ווארפען זייערע פריהערדיגע אונטערדריקער און האבען זיך צום עשטען מאל גענומען ארומקוקען און איינארדנען זייער לעבען אויף

נייע יסודות. גראַדע אַט די „מיטינגעריי" פון די אונטערדריקטע, ערנידעריגטע און אומערצויגענע מאַסען, זייער אַנשליסען זיך אָן די באָלשעוויקעס, זייער הילף אין איינאָרדנען איבעראַל די סאָוועט אָרגאַניזאַציעס — אַט דאָס גראַדע איז די צווייטע גרויסע שטופע, דער צווייטער גרויסער עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע.

איצט פאַנגט זיך שוין אָן די דריטע שטופע. מיר דאַרפען איצט באַפעסטיגען דאָס, וואָס מיר האָבען אויסגעקעמפּט, וואָס מיר האָבען דעקרעטירט, וואָס מיר האָבען דורכגעפיהרט אַלס געזעץ, וואָס מיר האָבען אָנגעצייכענט פאַר דער צוקונפט — מיר דאַרפען איינפאַסען אין שטאַרקע ראַמען די אַלטעגליכע אַר־ביימס־דיסציפּלין. דאָס איז די שווערסטע אָבער אויך די דאַנקבאַרסטע אויפגאַבע, ווייל בלויז אָן דער לייזונג פון דער דאָזיגער אויפגאַבע ווענדט זיך דער ערפאָלג פון דער סאָציאַליס־טישער אָרדנונג. מיר דאַרפען זיך אויסלערנען ווי צו פאַראייניגען דעם שטורמישען, ברויזענדען, מיטינגאָווען דעמאָקראַטיזם מיט אַן אייזערנער דיסציפּלין אין דער צייט פון דער אַרבייט, מיט אַן אַבסאָלוטער געהאָרכזאַמקייט צום ווילען פון איין מענשען פון דעם סאָוועט דירעקטאָר.

מיר האָבען זיך נאָך ניט אויסגעלערענט ווי דאָס דאָס צו טהאָן.

אָבער מיר וועלען זיך אויסלערנען.

נעכטען זיינען מיר געשטאַנען פּנים לפּנים מיט דער גע־פאַהר פון דעם צוריקקעהרען זיך פון דער בורזשואַזער עקספּלאָ־אַטאַציע מיט איהרע אַגענטען — די קאָרנילאָוו'ס, די גאָצע'ס, די דוטאָוו'ס, די געגעטשקאָרי'ס, די באָגאַיעווסקי'ס. מיר האָבען די דאָזיגע אַגענטען באַזיעגט. איצט דראָהעט אונז די זעלבע גע־פאַהר אין אַ נייער פאָרם, אין דער פאָרם פון דער קליין־בורזשו־זען הפקר און אַנאַרכיזם, אין דער פאָרם פון קליינליכע, אַלטעג־ליכע, אָבער צאָהלרייכע אַטאַקעס געגען דער פּראָליטאַרישער דיס־ציפּלין. די דאָזיגע געפאַהר מוזען מיר באַזייטיגען און מיר וועלען זי באַזייטיגען.

די ענטוויקלונג פון דער סאָוועט־אָרגאַניזאַציע

דער סאָציאַליסטישער כאַראַקטער פון דער סאָוועט־דעמאָקראַטיע, פון דער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע באַשטעהט, ערשטענס, אין דעם, וואָס בלויז די אַרבייטענדע, עקספּלואַטירטע מאַסען האָבען דאָס רעכט צו וועהלען זייערע פאָרשטעהער, און די בורזשואַזיע האָט ניט אַזאַ רעכט. צווייטענס — אין דעם, וואָס אַלע ביוראָקראַטישע פאָרמאַליטעטען און באַגרענצונגען פאַלען אַוועק, און די מאַסען באַשטימען אַליין די מעטאָדען און די צייט פון וואַהלען און קענען צו יעדער צייט צוריקציהען די אויסגעוועהלטע. דריטענס — אין דעם וואָס עס ווערט אויפגעבויט די בעסטע מאַסען־אָרגאַניזאַציע פון דעם אַוואַנגאַרד פון די אַרבייטער, פון דעם גרויס־אינדוסטריעלען פּראָלעטאַריאַט, — אַן אָרגאַניזאַציע וואָס גיט דעם פּראָליטאַרישען אַוואַנגאַרד די מעגליכקייט צו קירעווען די ברייטע מאַסען פון די עקספּלואַטירטע אַרבייטער, אַריינצוציהען זיי אין דעם פּאָליטישען לעבען, ערציהען זיי פּאָליטיש דורך זייער אייגענער ערפאַהרונג. אַזוי אַרום ווערט עס צום ערשטען מאָל מעגליך פאַר דער באַנצער באַפעלקערונג צו לערנען זיך ווי צו פאַרוואַלטען דאָס געזעלשאַפטליך לעבען, די געזעלשאַפטליכע ווירטשאַפט.

אָט דאָס זיינען די וויכטיגסטע כאַראַקטער־שטריכען פון דעם נייעם דעמאָקראַטיזם, וועלכער ווערט איצט אָנגעווענדט אין רוסלאַנד, און וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ העכערען טיפּ דעמאָקראַטיזם, וואָס איז גאָרניט עהנליך צום בורזשואַזיען דעמאָקראַטיזם און איז די פאָרם פון איבערגאַנג צום סאָציאַליסטישען דעמאָקראַטיזם, צום פאָלשטענדיגען אָפּשטאַרבען פון שטאַאַט.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז די סטיכישע קליין־בורזשואַזע דעזאָרגאַניזאַציע, וועלכע לאָזט זיך פיהלען, אין דער אָדער יענער פאָרם, אין יעדער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און וועלכע איז באַזונדערס שטאַרק אין אונזער רעוואָלוציע צוליעב דער אָפּגעשטאַנענקייט פון לאַנד און צוליעב די פאָלגען פון דער לעצטער רעאַקציאָנערער מלחמה, — אַז די דאָזיגע דעזאָרגאַניזאַציע מוז אַרויפלעגען איהר שטעמפּעל אויך אויף די סאָוועטען.

מען מוז אַרבייטען אָן אויפהער צו פאַרבעסערען און פאַר־שטאַרקען די סאָוועט מאַכט און די סאָוועט־אָרגאַניזאַציעס. עס מערקט זיך א קליין־בורזשואַזע טענדענץ צו פאַרוואַנדלען די סאָ־וועטען־מיטגלידער אין „פּאַרלאַמענטאַריער" פון איין זייט, און אין ביוראָקראַטען פון דער אַנדערער. די דאָזיגע געפאַהר דאַרף מען באַקעמפּפען דורך דעם, וואָס אַ ל ע מיטגלידער פון די סאָ־וועטען זאָלען צוגעצויגען ווערען צו א פּראַקטישען אַנטייל אין דער פאַרוואַלטונג. די דעפּאַרטאַמענטען פון די סאָוועטען ווערען אין פיעלע פלעצער פערוואַנדעלט אין אָרגאַנען, וואָס גיסען זיך צו־זאַמען מיט די קאָמיסאַריאַטען*). אונזער צוועק איז צוצוציהען י ע ד ע ן א י י נ ע ם פון די אָ ר י מ ע מ א ס ע ן צו דער פּאַקטישער פאַרוואַלטונג. און די פאַרשיעדענע שריט וואָס ווערען גענומען צו פאַרווירקליכען אַזאַ אַלגעמיינע פאַרוואַלטונג, דאַרפען גענוי און געוויסענהאַפט רעגיסטרירט ווערען, שטודירט ווערען, סיסטעמאַטיש אויסגעפּרובירט ווערען און פאַרקערפּערט ווערען אין געזעצען. אונזער צוועק איז, אַז יעדער איינער זאָל א ו נ ג ע צ אָ ה ל ט ערפיהלען זיינע שטאַט־פליכטען, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעטהאָן 8 שעה פּראָדוקטיווע אַרבייט. דער אי־בערגאַנג צו אַזאַ שטופע איז זעהר א שווערער, אָבער בלויז אַזאַ איבערגאַנג קען פיהרען צו פאָלשטענדיגען באַפעסטיגען פון דעם סאָציאַליזם. אַזוי ווי דער וועג איז א נייער און די שוועריגקייטען זיינען גרויס, קומט, נאַטירליך, אויס צו מאַכען א סך נישט־זיכערע שריט, צו טאַפּען אין דער פינסטער, צו באַגעהן פעהלערען. דאָס איז אָבער אונפאַרמיידליך אין אַזאַ ענעדרונג ווי מיר זוכען דורכ־צופיהרען. די אָריגינאַליטעט, די נייקייט פון דער איצטיגער לאַ־

*) די דעפּאַרטמענטען (אָטדיעלי) פון די סאָוועטען זיינען געזעצ־געבענדע קערפּערשאַפטען — יעדער דעפּאַרטאַמענט אויף א ספּעציעלען גע־ביט. די קאָמיסאַריאַטען זיינען די קאַנצעלאַריעס אין די עקזעקוטיווע אָרמייען פון די סאָוועטען. דער שרייבער באַקלאָגט זיך דאָ אויף דעם, אַז די דעפּאַרטאַמענטען פון די סאָוועטען האָבען פאַרלאָרען זייער שאַפונגס־קראַפט און אַניציאַטיווע און זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פּאַסיווע קערפּערשאַפטען, וואָס פאָלגען אויס די באַפעהלען פון די קאָמיסאַריאַ־טען.—איבערז.

גע באשטעהט אין דעם, וואס פיעלע מענשען, וועלכע ווילען זיך רעכענען פאר סאציאליסטען, זיינען ביז אהער געוואוינט געווען צו באטראכטען דעם קאפיטאליזם און דעם סאציאליזם אלס צוויי געזעלשאפטליכע עקסטרעמען און האבען געדענקט, אז מען קען מיט איין „שפרונג" פארלאזען דעם קאפיטאליזם און אריינשפרינגען אין דעם סאציאליזם. די דאזיגע לייט האבען זיך מסתמא גע־שטיצט אויף ענגעלס'עם בארימטען אויסדרוק: „א שפרונג פון דעם קעניגרייך פון נויטווענדיגקייט אין דעם קעניגרייך פון פריי־הייט". די דאזיגע "סאציאליסטען" פארשטעהען אבער ניט, אז ווען די לעהרער פון סאציאליזם האבען גערעדט וועגען א „שפרונג", האבען זיי אנגעווענדט אן אלוועלטליך־היסטארישען מאסשטאב, און אז אזא „שפרונג" קען דויערען אומגעפעהר צעהן יאהר. דאס פארשטעהען ניט די „סאציאליסטען", וועלכע האבען „געלייענט ביכלעך" וועגען דעם סאציאליזם, אבער וועלכע האבען קיינמאל זיך ניט אריינגעטראכט אין דעם סאציאליזם. עס איז נאטירליך, אז די דאזיגע „אינטעליגענטען" שטעלען אונז צו אן אונגעהייערע צאהל קלאגמוטערס: איינינע באוויינען די גרינדונגס־פארזאמ־לונג, אנדערע — די בורזשואזע דיסציפלין; דער קלאגט איבער דער „ארדנונג" אונטער קאפיטאליזם און יענער באוויינט דעם קולטורעלען פריץ אדער די אימפעריאליסטישע גרויסמאכט, א. ז. וו.

אין אן עפאכע פון „גרויסע שפרונגען", ד. ה. פון שנעלע איבערגאנגען, זאמלען זיך אמאל אן די רואינען פון דער אלטער ארדנונג שנעלער איידער די קערענדלעך פון דער נייער, און מען דארף אין אזא עפאכע קענען זיך פאנאנדערקלייבען און אין דער קייט פון ענטוויקלונג, אונטערשיידען דאס וויכטיגע פון דעם נישטיגען, דאס כאראקטעריסטישע פון דעם צופעליגען. עס זיינען פאראן היסטארישע מאמענטען, ווען עס איז וויכטיגער פאר דעם ערפאלג פון א רעוואלוציע אנצוזאמלען וואו מעהר רואינען, ד. ה. „ צושטע־רען וואס מעהר אלטע איינריכטונגען; עס זיינען דא מאמענטען, ווען גענוג רואינען זיינען שוין אנגעזאמעלט און ווען מען דארף זיך שוין נעהמען פאר דער "פראזאאישער" (פאר דעם קליין־בור־זשואזען רעוואלוציאנער — „לאנגווייליגער") ארבייט פון אפריי־

ניגען דעם באַדען, אַפּראַמען די רואינען. עס זיינען דאָ מאָמענ־טען, ווען עס איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט אכטונג צו גע־בען אויף די קערענדלעך פון דער נייער אָרדנונג, וואָס וואַקסען אויף דעם נישט־אָפּגערייניגטען באָדען, וואָס שפּראָצען ארויס פון אונטער די רואינען פון דער אַלטער אָרדנונג.

עס איז נישט גענוג צו זיין אַ רעוואָלוציאָנער, אַ סאָציאַליסט, אַ קאָמוניסט אין אַלגעמיין, אין טעאָריע. מען דאַרף צו יעדען מאָ־מענט קענען געפינען דעם ספּעציעלען רינגעל פון קייט, אָן וועלכען מען דאַרף זיך אָנכאַפּען מיט אַלע כחות אום אָנצוהאַלטען די גאַנ־צע קייט און פאַרזיכערען דעם איבערגאַנג צו דעם צווייטען רינ־געל. און מען דאַרף געדענקען, אז אין דער היסטאָרישער קייט פון פּאַסירונגען זיינען די רינגלעך, זייער סדר, זייער פאָרם, זייער באַהעפטונג, נישט אַזוי איינפאַך, ניט אַזוי נאַריש, ווי די רינגלעך פון אַ געוועהנליכער קייט, וואָס אַ שמיעד מאַכט.

די סאָוועטען אָרגאַניזאַציעס קענען געזיכערט ווערען גע־גען דער פאַרדאָרבענער ביוראָקראַטישער אָרדנונג דורך אַ פעסטען בונד, אַ פעסטער באַהעפטונג צווישען די סאָוועטען און דעם „פאָלק", ד. ה., עקספּלואַטירטע מאַסען, און דורך דער בויגזאַמ־קייט, לעבהאַפטיגקייט פון דעם דאָזיגען בונד. די אָרימע מאַסען, אפילו אין די דעמאָקראַטישסטע קאַפּיטאַליסטישע רעפּובליקען, באַטראַכטען קיינמאָל ניט די בורזשואזע פּאַרלאַמענטען אַלס „זייערע" אינסטיטוציעס. די סאָוועטען זיינען אָבער פאַר די אַר־בייטער און פּויערן־מאַסען, „אייגענע", ניט פרעמדע אינסטיטו־ציעס. די מאָדערנע סאָציאַל־דעמאָקראַטען פון דעם שיידעמאַן סאָרט, אָדער — וואָס איז כמעט איינס און דאָס זעלבע — פון מאַרטאָוו'ס חדר, זיינען פונקט אזוי געשטימט געגען די סאָווע־טען און געניגט צום צירליך־מאַנירליכען בורזשואזען פּאַרלאַמענ־טאַריזם, אָדער צו אַ גרינדונגס־פערזאַמלונג, ווי טורגעניעוו איז מיט זעכציג יאָהר צוריק געניגט געווען צו אַ מעסיגער מאָ־נאַרכישער און אדעליגער קאָנסטיטוציע, ווי איהם האָט געאיבעלט פון דעם פּויערן־דעמאָקראַטיזם פון דאָבראָליובאָוו און טשערני־שעווסקי.

די נאָהענטקייט פון די סאָוועטען צום פאָלק באַשאַפט ספּע־

ציעלע פאָרמען פון קאָנטראָל „פון אונטען" (דאָס רעכט צוריק־צורופען די דעפּוטאטען צו יעדער צייט, צום ביישפּיעל), וועלכע דארפען איצט ענטוויקעלט ווערען מיט באַזונדערער פלייסיגקייט. צום ביישפּיעל, די ראטען איבער פאָלקס בילדונג, וועלכע זיינען נישט מעהר און נישט ווייניגער ווי פּעריאָדישע קאָנפערענצען, וואו די סאָוועט־וועהלער און זייערע דעלעגאטען באַשפּרעכען די טעטיגקייט פון דער סאָוועט־רעגירונג פון זייער געגענד און דעם קאָנטראָל איבער די סאָוועט־בעאמטע, — אָט די קאָנטראָל־קאָנפערענצען פארדיענען די פולסטע סימפּאטיע. עס איז די גרעסטע נאַרישקייט זיך פאָרצושטעלען די סאָוועטען אלס עטוואס פארגליווערטעס, אלס עטוואס פאר זיך אליין געניגענדעס. וואָס מעהר מיר מוזען איצט דורכפיהרען די דיקטאטור פון איינצעלנע פערזאָנען פאר געוויסע פּראָצעסען פון ארבייט, אין געוויסע מאָמענטען פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, אלס פאַרשיעדענארטיגער דארפען מיר מאכען די פאָרמען און די מיטלען פון דעם קאָנטראָל „פון אונטען", כדי צו פארהיטען יעדע מעגליכקייט, אַז די סאָוועט רעגירונג זאָל איבערגעפיהרט ווערען, כדי ארויסצורייסען מיט'ן וואָרצעל דעם בוריאַן, די פּאראזיטישע גראָזען פון ביוראָקראטיזם.

## שלום־וואָרט.

אונזער אינטערנאציאָנאלע לאַגע איז אַ שווערע, אַ נישפעהרליכע; עס קומט אונז אויס צו געהן מיט פאָרזיכטיגע טריט און אויך אָפּצוטרעטען, צו געהן אויף צוריק. מיר לעבען דורך אַ פּעריאָדע פון ווארטען אויף נייע אויסברוכען פון דער רעוואָלוציע אין מערב איירָאָפּא, וואו זי ווערט רייף מיט שמערצליכער לאנגזאמקייט. אין דער היים לעבען מיר דורך אַ פּעריאָדע פון לאנגזאמער בוי־ארבייט און אונ'ברחמנות'דיגער שטרענגקייט, אַ פּעריאָדע פון לאנגען פער'עקשנ'טען קאמף פון פּראָלעטארישער דיסציפּלין מיט דער דראָהענדער קליין־בורזשואזער אנארכיע און הפקרות. דאָס זיינען, אין קורצען, די כאראקטער שטריכען פון דער איצטיגער שטופע פון אונזער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, דאָס איז דאָס רינגעל פון דער היסטאָרישער קייט פון געשעהענישען אָן וועלכען

מיר דאַרפען זיך אָנכאַפּען מיט אַלע כחות, אום צו קענען דערגרייכען צום צווייטען רינגעל פון דער קייט, וואָס ציהט אונז צו צו זיך מיט זיין באַזונדערען גלאַנץ, מיט דער פּראַכט פון דעם זיעג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

פּרובירט אוועקשטעלען זייט ביי זייט דעם באַגריף וואָס אַ געוועהנליכער „רעוואָלוציאָנער" האָט וועגען אַ רעוואָלוציע מיט אַזעלכע לאָזונגען פון דעם איצטיגען מאָמענט, ווי „גענהן פאַרזיכ־טיג", „אָפּטרעטען", „וואַרטען", „בויען לאַנגזאַם", „שטרענג דיס־ציפּלינירען", באַקעמפען דעם הפקר", און איהר וועט פאַרשטעהן פאַרוואָס אייניגע „רעוואָלוציאָנערען" צינדען זיך אָן מיט אַ נאָ־בעלער ענטריסונג און וואַרפען זיך אויף אונז אַרויף דערפאַר, וואָס מיר האָבען פאַרגעסען די טראַדיציעס פון דער אָקטאָבער רע־וואָלוציע, פאַרוואָס מיר געהען איין אויף קאָמפּראָמיסען מיט בור־זשואַזע עקספּערטען, מיט דער בורזשואַזיע אין אַלגעמיין, פאַר־וואָס מיר זיינען געוואָרען קליין־בורזשואַז, רעפאָרמיסטיש, א. ז. וו., א. ז. וו.

די צרה מיט אָט די צרה'דיגע רעוואָלוציאָנערען באַשטעהט אין דעם, וואָס אפילו אויב זיי זיינען באַזעעלט פון די בעסטע מאָטיווען און זיינען אויפריכטיג אין זייער איבערגעבענהייט צום סאָציאַליזם, באַגרייפען זיי ניט אָט די „זעהר אומאנגענעמע" שטו־פע, וועלכע עס מוז דורכמאַכען אַ הינטערשטעליג לאַנד, וואָס איז אויסגעצעהרט געוואָרען פון אַן אומגליקליכער, רעאַקציאָנערער מלחמה, וואָס האָט אָנגעהויבען די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע פריהער פאַר די פאָרטגעשריטענע לענדער. אַזעלכע „רעוואָלוציאָ־נערען" פעהלט די נויטיגע אויסגעהאַלטענהייט אין די שווערע מאָמענטען פון איבערגאַנג. עס איז גאַנץ נאַטירליך, אַז אַ ז אַ „אָפּיציעלע" אָפּאָזיציע געגען אונזער פאַרטיי זאָל אָנגעפיהרט ווערען פון די פאַרטיי פון די לינקע סאָציאַל ־ רעוואָלוציאָנערען. אַלע סאָציאַלע גרופען און קלאַסען האָבען נאַטירליך איינצעלנע אויסנאַמען. אָבער די סאָציאַלע טיפּען פאַרבלייבען טיפּען. אין אַ לאַנד, וואו די קליין־אייגענטימער זיינען אונגעהייער גרויס אין צאָהל אין פאַרגלייך מיט דער ריין־פּראָלעטאַרישער באַפעלקע־רונג, מוז אַלע מאָל אַרויסקומען — און אָפטמאָל זעהר בולט —

דער אונטערשיעד צווישען אַ פּראָלעטאַרישען רעוואָלוציאָנער און אַ קליין־בורזשואַזען. דער לעצטער וועט זיך אַלע מאָל וואַקלען ביי יעדען נייעם „דרעה" פון דעם פּאַסירונגס־גאַנג, וועט אַריבער־נעהן פון דער הייסער רעוואָלוציאָנערקייט פון מערץ 1917 צו דעם באַזינגען פון דער „קאָאַליציע" אין מאַי, צו אַ האַס געגען די באָל־שעוויקעס (אָדער צו אַ באַוויינען פון זייער „אַוואַנטוריזם") אין יולי, צו אַ פּאָרזיכטיגען שטעהן אָן אַ זייט אין אָקטאָבער, צו שטיצען די באָלשעוויקעס אין דעצעמבער. און, לעצטענס, אין מערץ און אַפּריל 1918, דרעהען אַזוינע טיפּען מיט די נעזער און זאָגען מיט שטאָלץ און פּאַראַכטונג: „איך בין ניט פון די וואָס זינגען שבחים צו אָרגאַנישער אַרבייט ,צום אידעאַל פון פּראַקטיש־קייט און צו טריט־נאָך־טריט מעטאָדען".

דער געזעלשאַפטליכער קוואַל פון אַזוינע טיפּען — דאָס איז דער קליינער בעל־הבית'ל, וועלכער איז שיער ניט משוגע געוואָ־רען פון די שרעקליכע מלחמה ליידען, פון דעם פּלוצימדיגען חורבן, פון די שרעקליכע ליידען פון דעם הונגער און כאַאָס; וועלכער וואַרפט זיך היסטעריש אויף אַלע זייטען, וועלכער וואַקעלט זיך צווישען צוטרוי צום פּראָלעטאַריאַט אין ספּאַזמען פון יאוש. מען דאַרף קלאָר פאַרשטעהן איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אַז אויף אַזאַ סאָציאַלען באָדען קען מען דעם סאָציאַליזם ניט בויען. פיהרען עקספּלואַטירטע, אַרבייטענדע מאַסען קען בלויז אַזאַ קלאַס, וואָס געהט פאָראויס אָהן וואַקלעניש, וואָס פאַרלירט ניט דעם מוט און פאַלט ניט אריין אין פאַרצווייפלונג, ווען ער קומט צו געפעהרליכע און שווערע איבערגאַנגס־פּונקטען. מיר דאַרפען נישט קיין היסטערי־שע ספּאַזמען. מיר דאַרפען אַ געמאָסטענעם, רעגעלמעסיגען מאַרש פון אייזערנע באַטאַליאָנען פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

מערץ־אַפּריל, 1918.

אין דער פאלגענדער אפהאנדלונג ווערט אנגעצייכענט די טאקטיק פון די פראלעטאריער וואס פיהרען אן די דיקטאטור אין באצוג אויף דעם פויערטום, וואס מאכט אוים די אבסאלוטע מעהרהייט פון דער באפעלקערונג, ניט ווייניגער פון אכציג פראצענט. דער קאפיטאליזם אין דער שטאדטיגער אינדוסטריע איז דערשלאגען, אבער אין דעם דארף וואקסט א נייער קאפיטאליזם, וועלכער איז ניט ווניגער געפעהרליך, ווי דער דערשטיקטער קאפיטאליזם פון דער שטאדט. ער איז נאך מעהר געפעהרליך, ווייל גראד אין דער איצטיגער אינדוסטריעלער „ראזרוכע” איז די שטאדט, מעהר ווי ווען עס איז, דורכאוים אפהענגיג פון דארף. דאס פויערטום שפייזט רוסלאנד, דאס פויערטום באשיצט די עראבערונגען פון דער סאוועטען־רעוואלוציע. דאס פויערטום האט צושלאגען אלע אפענסיוועס פון דער אינערליכער און אויסערליכער קאנטר־רעוואלוציע, די בלאקאדע, די אינטערווענציע. דאס פויערטום באשיצט דעם רעזשים פון דער פראלעטארישער דיקטאטור, ווייל דער דאזיגער רעזשים פארזיכערט אז עס וועט מעהר ניט זיין קיין אומקעהר צום פריצישען ערד־באזיץ. די פראלעטארישע דיקטאטור איז אין דער אמת׳ן א בשותפות׳דיגע — פון דעם פראלעטאריאט און פון פויערטום. אבער די קאפיטאליסטישע טענדענצען, וואס ענטוויקלען זיך אינ׳ם איצטער זעלבסטשטענדיגען פויערטום, ווערען א סכנה פאר דער בשותפות׳דיגער דיקטאטור, און אויב מען זאל די דאזיגע טענדענצען ניט אפטויטען, איז אין סכנה דער אנטי־קאפיטאליסטישער כאראקטער פון דער סאציאלער רעוואלוציע, איהר סאציאליסטישע נשמה.

אויף די וויטערדיגע בלעטלאך ענטוויקעלט נ. לענין די טעאריע פון דעם קאמף מיט די שטייגענדיגע קאפיטאליסטישע טענדענצען פון דער דארף־ווירטשאפט אין דער צייט פון איבערגאנג פון קאפיטאליזם צום סאציאליזם.

רעדאקטאר פון דער אידישער אויסגאבע.

# I  די ווירטשאַפט פון דער איבערגאַנגס־צייט.

.1

טעאָרעטיש קאָן קיין ספק ניט זיין, אַז צווישען דעם קאַפּיטאַ־ליזם און דעם קאָמוניזם קומט אַ געוויסע צייט פון איבערגאַנג, ווען די כאַראַקטעריסטישע שטריכען אָדער אייגענשאַפטען פון ביידע פאָרמעס פון געזעלשאַפטליכער עקאָנאָמיע, אין אַ געוויסער מאָס פאַראייניגט, קומען צום אויסדרוק. אָט די איבערגאַנגס־צייט מוז זיין אַ צייט פון קאַמף צווישען דעם אָפּשטאַרבענדען קאַפּיטאַליזם און וואַקסענדיגען קאָמוניזם, אָדער, אין אַנדערע ווערטער, צווישען דעם קאַפּיטאַליזם וואָס איז שוין נידערגעשלאָגען אָבער נאָך ניט פאַר־ניכטעט, און דעם קאָמוניזם, וואָס איז שוין געבאָרען געוואָרען אָבער ער איז נאָך זעהר שוואַך. עס איז קלאָר, ניט נאָר פאַר אַ מאַרקסיסט, נאָר אויך פאַר יעדען געבילדעטען מענשען, ווער ווייסט ווי ווייניג אפילו ער זאָל באַקאַנט זיין מיט דער ענטוויקלונגס־טעאָ־ריע, אַז עס איז נויטיג אָט אַזאַ איבערגאַנגס־עפּאָכע, וואָס לאָזט זיך דערקענען לויט די אָנגעגעבענע סמנים. פונדעסטוועגען ווערט בסדר איגנאָרירט אָט דער דאָזיגער באַשיינפּערליכער אמת אין אַלע צוריק־טענות וואָס עס שטעלען אַרויס געגען דעם איבערגאַנג צום סאָציאַליזם אַלע געגענווערטיגע פאָרשטעהער פון דער קליין־בור־זשואַזער דעמאָקראַטיע (און טראָץ דעם וואָס זיי אַליין באַצייכענען זיך אַלס סאָציאַליסטען, זיינען אַלע פאָרשטעהער פון צווייטען אינטערנאַציאָנאַל אַזעלכע, ווי מעקדאָנאַלד און זשאַן לאָנגע, קאַוט־סקי און פרידריך אַדלער, ניט מעהר ווי פאָרשטעהער פון דער קליין־בירגערליכער דעמאָקראַטיע). וואָס עס צייכענט אויס די קליין־בורזשואַזע דעמאָקראַטען, דאָס איז זייער דערווידער־געפיהל פאַר דעם קלאַסען־קאַמף, זייער חלום וועגען ווי עס איז אויסמיידען דעם דאָזיגען קאַמף, זייער שטענדיגער זוכען „צו קומען צו אַ פאַרשטענד־נים", צו אָפּרייבען די שאַרפע ווינקלען. טאַקי דערפאַר ווילען עס

ניט די דאָזיגע דעמאָקראַטען צוגעבען, אַז מיר געפינען זיך אין דער עפּאָכע פון איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו קאָמוניזם. אָדער — זיי אונטערנעמען זיך אויסצואַרבייטען אַזעלכע פּלענער, וואָס זאָלען ווי עס איז פרידליך צונויפברענגען די קרעפטען וואָס האָבען זיך אַרומגעכאַפּט אין קאַמף פאַר לעבען און טויט. קיינער פון די דעמאָקראַטען איז ניט ענטשלאָסען צו פאַרנעמען די לייטענדיגע ראָל אין קיינעם פון די צוויי זיך ראַנגלענדיגע מחנות.

.2

די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד מוז נויטיגערווייזע אָננעמען אייגענאַרטיגע פאָרמען און באַזיצען געוויסע אייגענשאַפטען וואָס נעמען זיך דערפון, וואָס רוסלאַנד איז פיעל אָפּגעשטאַנען פון די אַנדערע מעהר פאָרטגעשריטענע לענדער און איז נאָך קליין־בירגערליך אין פיעלע פּרטים.

אין עצם אָבער געפינען מיר, אַז דיזעלביגע פונדאַמענטאַלע כחות און די זעלביגע פאָרמעס פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע וואָס גילטען אַנדערשוואו, גילטען אויך אין רוסלאַנד, אַזוי אַז די אייגענטימליכע רוסישע שטריכען פון דער איבערגאַנגס־צייט באַריהרען ניט דעם עיקר פון דער ערשיינונג. קאַפּיטאַליזם, קליין־פּראָדוקציע און קאָמוניזם זיינען די פאָרמעס, וואָס ליגען אין וואָרצעל פון דער געזעלשאַפטליכער עקאָנאָמיע (עקאָנאָמישע ענטוויקלונג). די בורזשואַזיע, די קליינבורזשואַזיע און דער עיקר — דער פויערען־קלאַס און דער פּראָלעטאַריאַט זיינען די פונדאַמענטאַלע קרעפטען פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג. די עקאָנאָמישע טעטיגקייט פון רוסלאַנד, אין די ערשטע שטופען פון דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט, באַשטעהט אין׳ם קאַמף, וואָס די אַרבייט, פאַראייניגט אויפ׳ן באָדען פון קאָמוניזם, אין דער סכעמע פון אַ ריזיגער פּראָדוקציע, פיהרט געגען דער קליין־פּראָדוקציע און געגען דעם קאַפּיטאַליזם וואָס איז נאָך פאַרבליבען און וואָס ענטוויקעלט זיך ווידער פון דער קליין־פּראָדוקציע.

אַרבייט איז אין רוסלאַנד פאַראייניגט אויפ׳ן באָדען פון קאָמוניזם אויף וויפיעל, **ע ר ש ט ע נ ס**, פּריוואַט־באַזיץ

פון די מיטלען פון דער פּראָדוקציע איז אָפּגעשאַפט, און, צווייטענס, אויף וויפיעל די רעגירונג פון דעם ארבייטער שטאַאט אָרגאַניזירט די גרויס־פּראָדוקציע אויף דעם נאַציאָנאַלען מאָס־שטאַב פון דעם שטאַאטליכען לאַנד (וואָס באַלאַנגט צום שטאַאט) און פון די שטאַאטליכע (אינדוסטריעלע) אונטערנעמונגען. און אויך אויף וויפיעל די ארבייטער רעגירונג פאַרטיילט די ארבייט־קראַפט צווישען די פאַרשיעדענע צווייגען פון דעם עקאָנאָמישען בנין און פאַרטיילט צווישען די ארבייטער די אָנגעזאַמעלטע זאַפּאַסען פון געברויך־ארטיקלען וואָס געהערען צום שטאַאט.

מיר ריידען פון די „ערשטע שריט” פון קאָמוניזם אין רוסלאַנד דערפאַר וואָס מיר האָבען נאָך ערשט טיילווייז פאַרווירקליכט אָט די אַלע תנאים, — די פאַרווירקליכונג פון די תנאים געפינט זיך נאָך ביי אונז אין פּרימיטיווען צושטאַנד.

לכתחלה, מיט איין רעוואָלוציאָנערען פאַרנעם האָבען מיר געטאָן אַלץ, וואָס עס איז מעגליך געווען צו טאָן אין די ערשטע טעג. אַזוי, צום ביישפּיעל, איז שוין אין דעם ערשטען טאָג פון דער ארבייטער־דיקטאַטור, דעם 6טען אָקטאָבער (אָדער 8טען נאָוועמבער), 1917, אָפּגעשאַפט געוואָרען, אָהן באַלוינונג, דער גרויסער ערד־באַזיץ, ס׳הייסט: די גרויסע לאַנד־באַזיצער זיינען עקספּראָפּריאירט געוואָרען. אין לויף פון געצעהלטע מאָנאַטען האָבען מיר עקספּראָפּריאירט, אָפּגענומען דאָס אייגענטום, אָהן באַלוינונג, פון אַלע גרויס־קאַפּיטאַליסטען, פאַבריקאַנטען און זאַוואָדטשיקעס, אַקציאָנערע געזעלשאַפטען, באַנקען, אייזענבאַהנען און ד. גל.; אויך איז פאַרווירקליכט געוואָרען די שטאַאטליכע אָרגאַניזאַציע פון גרויס־פּראָדוקציע אין דער אינדוסטריע, און דער איבערגאַנג צו „ארבייטער קאָנטראָל” און „ארבייטער פאַרוואַלטונג” אין די פאַבריקען, זאַוואָדען און אויף די אייזענבאַהנען; אין דער אגריקולטור, אין דער לאַנדווירטשאַפט איז דאָס אַלץ ערשט אָנגעהויבען (סאָוועט־פערמעס, גרויסע לאַנדווירטשאַפטליכע אונטערנעמונגען פון דעם ארבייטער שטאַאט אויף דעם שטאַאטליכען לאַנד). גלייכצייטיג ווערען געמאַכט פאַרזוכען, דערווייל ניט מעהר ווי פאַרזוכען, צונויפצוברענגען די קליינע לאַנד־באַזיצער,

ווי פריערן, אין אַלערליי געזעלשאַפטען און אַסאָציאַציעס, דאָס — אַלס אַן איבערגאַנגס־פאָרמע פון דער אינדיווידועלער בעאַר־בייטונג פון לאַנד פאַר פּראָפיט צו דער עצם פון קאָמוניסטישער בעאַרבייטונג. דאָס איז אומגעפעהר דאָסזעלביגע, ווי אַז דער שטאַאַט וואָלט אָרגאַניזירען די פאַרטיילונג פון סחורות אַנשטאָט דער פאַרשפּרייטונג דורך פּריוואַטען האַנדעל. אָדער — לאָמיר זאָגען, אַז דער שטאַאַט נעמט איבער די אויסאַרבייטונג און פאַר־שפּרייטונג פון די געטריידען וואָס זיינען נויטיג פאַר די שטעדט און פון די מאַנופעקטור־אַרטיקלען, אין וועלכע עס נויטיגט זיך דער דאָרף.

קליין־פּראָדוקציע פאַר פּראָפיט פאַרבלייבט די פאָרמע פון דער דאָרפישער עקאָנאָמיע.

דאָ האָבען מיר צו טאָן מיט אַ טיפען און ווייט־איינגע־וואָרצעלטען גרונט־פּראָדוקט פון דעם קאַפּיטאַליזם. אויף דעם דאָזיגען באָדען זוכט דער קאַפּיטאַליזם צו באַפעסטיגען זיך און ער ווערט ווידער געבאָרען, קעמפענדיג מיט דער פאַרצווייפעל־טער ענערגיע געגען דעם קאָמוניזם. זיין געוועהר אין דעם קאַמף זיינען — קאָנטראַבאַנדע און ספּעקולאַציע, וועלכע ציעלען געגען דער שטאַאַטליכער פּראָדוקציע פון תבואות און סיריעלס און אויך אַנדערע פּראָדוקטען און, בכלל, געגען דער שטאַאַטליכער פאַרטיילונג פון סחורות.

.3

לאָמיר נעמען קאָנקרעטע ציפערען צו באַלויכטען די פריי־הערדיגע אַבסטראַקטע באַהויפּטונגען.

אין איין יאָהר צייט, פון דעם 1טען אויגוסט, 1917, ביז דעם 1טען אויגוסט, 1918, דעם ערשטען יאָהר אונטער דעם סאָ־וויעט רעזשים, האָט דער שטאַאַט אין רוסלאַנד אויסגעאַרבייט, לויט די אַנגאַבען פון דעם שפּייז־קאָמיסאַריאַט, 30 מיליאָן פּוד אַלערליי תבואות־פּראָדוקטען (ניט געמאָלענע סיריעלס). אין דעם צווייטען יאָהר האָט דער סך הכל דערגרייכט 110 מיליאָן פּוד. אין דעם ערשטען טייל פון דעם דריטען יאָהר, ווייזט זיך אַרויס, איז צוגעגרייט געוואָרען 45 מיליאָן פּוד אַנטקעגען 37 מי־

ליאָן פּוד אין דעם זעלביגען משך צייט פון דעם פריהערדיגען יאָהר.

די דאָזיגע ציפערען באווייזען ווי לאנגזאם אָבער זיכער עס בעסערט זיך די לאגע אין פּרט פון זיעג פאר דעם קאָמוניזם איבער דעם קאַפּיטאַליזם. די בעסערונג איז פאָרגעקומען טראָץ די אומגעהערטע שוועריגקייטען, וואָס עס האָט אונז פארשאפט דער בירגער־קריעג, וואָס די רוסישע און די אויסלענדישע קאַ־פּיטאַליסטען האָבען אָרגאַניזירט מיט דער הילף פון די אום־באשרענקטע כחות פון די מעכטיגסטע מלוכות פון דער וועלט.

און דאָס איז טאַקי די סבה דערפון, וואָס טראָץ אלע בייז־ווילינגע ליגענס פון די בורזשואַ פון אלע לענדער און זייערע דירעק־טע אָדער פאַרבאָרגענע אַגענטען (די „סאָציאַליסטען" פון דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל), עס פארבלייבט אויסער ספק, פון אַן עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט, דער זיעג פון דער פּראָלעטארישער דיקטאַטור אין רוסלאַנד, ד. ה. דער זיעג פון קאָמוניזם איבער דעם קאַפּיטאַליזם. און דערפאַר אָרגאַניזירט עס די בורזשואַזיע פון דער גאַנצער וועלט, אין איהר אַל־פאַרצעהרענדען צאָרן געגען באָלשעוויזם, די מיליטערישע עקספּעדיציעס, די אינטריגעס געגען אונז, ווייל זי ווייסט קלאָר, אַז אויף דעם עקאָנאָמישען געביט זיינען מיר אומבאַזיעגבאַר, סיידען זיי וועט געלינגען צו דער־שטיקען אונז מיט דער מאַכט פון געוועהר: דערוויי איז עס זיי ניט געלונגען.

די פאָלגענדיגע סטאַטיסטישע מאַטעריאַלען, וואָס זיינען נאָר וואָס צוגעגרייט געוואָרען פאר דער פארעפענטליכונג פון דעם צענטראַלען סטאַטיסטישען דעפּאַרטמענט, ווייזען די פּראָ־דוקציע און דעם געברויך פון סיריעלס ניט אין גאַנץ סאָוועט־רוסלאַנד, נאָר אין 26 גובערניעס. זיי ווייזען ווי ווייט מיר האָבען שוין דערוויזען בייצוקומען דעם קאַפּיטאַליזם אין דער קורצער צייט, וואָס מיר זיינען ביי דער מאַכט און — טראָץ די שווע־ריגקייטען, וואָס האָבען ניט קיין גלייכען צו זיך אין דער גע־שיכטע, אונטער וועלכע אונז איז אויסגעקומען צו ארבייטען.

מיר זעהען אז א העלפט פון די פארברויכטע תבואה־פּראָ־דוקטען זיינען צוגעשטעלט געוואָרען אין די שטעדט אריין פון

דעם שפּייז־קאָמיסאַריאַט, און די צווייטע העלפט — דורך קאָנט־ראַבאַנד.

אַ גענויע אונטערזוכונג פון דער שפּייזונג פון די שטאָדטיגע ארבייטער אין 1918 האָט ארויסגעבראַכט פּונקט אַט די פּראָפּאָרץ (פון העלפט און העלפט). דער ברויט, וואָס דער שטאַאַט שטעלט צו דעם אַרבייטער קאָסט צ ע ה ן מ אָ ל ביליגער ווי דער ברויט פון די ספּעקולאַנטען. זייער פּרייז פאר ברויט איז צ ע ה ן מ אָ ל גרעסער ווי דער פּרייז, וואָס דער שטאַאַט באַשטימט. דאָס זעהט מען ארויס, ווען מען שטודירט גרינדליך די ארבייטער בודזשעטען.

אַט זיינען די סטאַטיסטישע אַנגאַבען:

| 26 גובערניעס אין סאָוועט רוסלאנד | באַפעלקערונג | פּראָדוקציע פון סיריעלס (אין מיליאָנען פודען) | צוגעשטעלט סיריעלס: דער שפּייז־קאָמיסאַריאַט | צוגעשטעלט סיריעלס: קאָנטראַבאַנד | גאַנצער זאַפּאַס סיריעלס ביי דער באַפעלקערונג | דער פאַרברויך פער מענשען אין פודען |
|---|---|---|---|---|---|---|
| גובערניערס וואו תבואה ווערט פּראָדוצירט. | | | | | | |
| שטעדט | 4,400,000 | — | 20,9 | 20,6 | 41,5 | 9,5 |
| דערפער | 28,600,000 | 625,4 | — | — | 481,8 | 16,9 |
| גובערניעס וואו תבואה ווערט ניט פּראָדוצירט | | | | | | |
| שטעדט | 5,900,000 | — | 20,0 | 10,0 | 40,0 | 6,8 |
| דערפער | 13,800,000 | 114,0 | 12,1 | 27,8 | 151,4 | 11,0 |
| סך הכל | 52,700,000 | 739,4 | 53,0 | 58,4 | 714,7 | 13,6 |

די ציפערען, אויף וועלכע איך באַרוף זיך דאָ, ברענגען ארויס זעהר פיעל וועגען דער איצטיגער עקאָנאָמישער לאַגע אין רוס־לאַנד, אויב נאָר מען שטודירט די דאָזיגע ציפערען ווי עס געהער צו זיין.

די ארבייטער זיינען באַפרייט פון זייערע עקספּלואַטאַטאָרס,

וואָס האָבען זיי דורות לאַנג אונטערדריקט: פון די לאַנד־פּריצים און קאַפּיטאַל־מאַגנאַטען.

דער דאָזיגער שריט פאָרווערטס אויף דעם וועג פון אמת'ער פרייהייט און ממשות'דיגער גלייכהייט, וואָס האָט ניט קיין עהנ־ליכעןביישפּיעל, סיי אין אומפאַנג, סיי אין גרויס און שנעלקייט, אין דער גאַנצער מענשליכער געשיכטע, ווערט ניט באַטראַכט פון די אָנהענגער פון דער בורזשואַזיע (אריינגערעכענט די קליינ־בירגערליכע דעמאָקראַטען), וואָס פאַרשטעהען פרייהייט און גלייכהייט אין דעם זינען פון דער בורזשואַזער פּאַרלאַמענטאַרי־שער דעמאָקראַטיע, וועלכע זיי רופען אָן גרויסאַרטיג „דעמאָ־קראַטיע" בכלל, אָדער „ריינע דעמאָקראַטיע" (קאַוטסקי). אָבער די אַרבייטער שטרעבען צו אמת'ער גלייכהייט און אמת'ער פריי־הייט (די באַפרייאונג פון אונטער דעם יאָך פון די גרויסע לאַנד־באַזיצער און די קאַפּיטאַליסטען); און דערפאַר שטעלען זיי זיך איין אַזוי שטאַרק פאַר דער סאָוועט־מאַכט.

אין אַ לאַנד פון לאַנד־ווירטשאַפט, ווי רוסלאַנד, זיינען עס די פּויערען, וואָס געניסען די ערשטע און מעהר פון אַלע אַנדערע, וואָס רייסען אַרונטער די ערשטע פרוכט פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

אונטער דער הערשאַפט פון די גרויסע לאַנד־באַזיצער און קאַפּיטאַליסטען האָט דער רוסישער פּויער געליטען הונגער. אין דעם לויף פון הונדערטער יאָהרען פון אונזער געשיכטע האָט דער פּויער קיינמאָל ניט געהאַט די מעגליכקייט צו אַרבייטען פאַר זיך אַליין. ער פלעגט געשוואָלען ווערען און אויסגעהן פון הונגער, בעת ער פלעגט צושטעלען הונדערטער מיליאָנען פּוד ברויט פאַר די קאַפּיטאַליסטען אין די שטעדט און אין אויסלאַנד. צום ערשטען מאָל אין זיין געשיכטע, און דאָס איז אונטער דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, קאָן דער פּויער אַרבייטען פאַר זיין אייגענעם נוצען און שפּייזען זיך בעסער ווי דער שטאָדטיגער איינוואוינער. צום ערשטען מאָל איז דער פּויער באַקאַנט גע־וואָרען מיט דער פרייהייט אויף דער וואָהר: די פרייהייט צו עסען זיין אייגענעם ברויט, די פרייהייט פון הונגער־לעבען. אמת'ע גלייכהייט ווערט דערגרייכט ווען די ערד ווערט ווידער פאַנאַנ־

דערגעטיילט, און אין דער איבערגרויסער מערהייט פאַלען האָבען די פויערן פארטיילט דאָס לאַנד גלייך צווישען די „געברויכער".

סאָציאַליזם איז די אונטערדריקונג פון קלאַסען. כדי צו אונטערדריקען די קלאַסען האָט מען צום אַלערערשטען געמוזט אומוואַרפען. די מאַכט פון די גרויסע לאַנד־אייגענטימער און קאַפּיטאַליסטען. דעם טייל פון דער אויפגאַבע האָבען מיר אויסגעפיהרט, אָבער דאָס איז נים דער שווערסטער טייל. מען דאַרף, צווייטענס, כדי צו אונטערדריקען די קלאַסען, אויך אָפּשאַפען דעם חילוק, וואָס עקזיסטירט נאָך איצטער צווישען די פויערן, און דאָס איז א פּראָבלעם וואָס מוז זיך פארציהען אומפארמיידליכערווייזע. דאָס דאָזיגע פּראָבלעם קאָן מען נים לייזען בלויז דורך דער אומוואַרפונג פון אַ קלאַס, וואָס פאַר א קלאַס דאָס זאָל נים זיין.

דאָס פּראָבלעם קאָן מען לייזען דורך דער אָרגאַניזירטער איבערבויאונג פון'ם עקאָנאָמישען לעבען, אריבערגעהענדיג פון דער קליינער, פּריוואַטער און צוּאַוואָרפענער פּראָדוקציע פאַר פּראָפיט — צו דער קאָמוניסטישער פּראָדוקציע אויף אַ גרויסען מאָסשטאַב. אַזאַ איבערגאַנג מוז נעמען זעהר אַ לאַנגע צייט, און איבעראיילטע אַדמיניסטראַטיווע אָדער לעגיסלאַטיווע שריט קאָנען עס נאָר פאַרציהען און שטערען. דאָס קאָן צוגעאיילט ווערען דורך דעם, וואָס מיר זאָלען אַזוי אַרויסהעלפען דעם פויער, אַז ער זאָל האָבען די מעגליכקייט אויסצובעסערען, אין אַ גרויסער מאָס, די גאַנצע טעכניק פון דער אַגריקולטור, ד. ה., זי פאַקטיש איבערבויען.

כדי צו דערגרייכען דעם דאָזיגען שווערען טייל פון אונזער ציעל, האָט דער פּראָלעטאַריאַט געמוזט שנעל אָננעמען די פּאָלגענדיגע טאַקטיק אין באַצוג אויף די פויערן, נאָכדעם, ווי ער האָט בייגעקומען די בורזשואַזיע. ער האָט געזאָלט אָפּמעקען דעם חילוק צווישען דעם פויער דעם באַזיצער פון לאַנד און דעם פויער וואָס אַרבייט אַליין, צווישען דעם אַרבייטער־פויער און דעם פויער דעם הענדלער, דעם אַרבייטער און ספּעקולאַנט.

דער דאָזיגער חילוק איז דער סאַמע עצם פון סאָציאַליזם. דער חילוק איז זעהר אַ פאַרפּלאָנטערטער דערפאַר, וואָס אין דער

ווירקליכקייט זיינען אַלע פאָרמעס פון פּריוואַט־איינענטום, טראָץ זייערע דיפערענצען און אָפּטמאָל געגענזייטיגער געגענזעצליכקייט, צונויפגעמישט אין דעם פויער (אַלס עקאָנאָמישען וועזען). אָבער דער חילוק איז פאַראַן און לאָזט זיך אָנגרייפען, ווייל ער קומט אַרויס פון די תנאים פון דעם פויערשען לעבען און פון דער עקאָנאָמיע פון דער דאָרף־ווירטשאַפט. הונדערטער יאָהרען לאַנג איז דער פויער אונטערגעדריקט געווען צו די לאַנד־מאַגנאַטען, די קאַפּיטאַליסטען, די מעקלערס, ספּעקולאַנטען און זייערע שטאַאַטען, די העכסט דעמאָקראַטישע בורזשואַזע רעפּובליקען. פון זיין אייגענער ערפאַהרונג האָט דער פויער געלערנט צו האַסען און צו באַקעמפען די דאָזיגע אונטערדריקער און אויסבויטער; און אָט די דאָזיגע „בילדונג”, וואָס דאָס לעבען האָט אויף איהם אַרויפגעצוואונגען, האָט איהם געלערנט אין רוסלאַנד צו זוכען אַ שותּפות מיט די אַרבייטער געגען דעם קאַפּיטאַליסט, דעם ספּעקולאַנט און מעקלער.

אָבער אין דערזעלביגער צייט ווערט דערזעלביגער פויער אונטער דער ווירקונג פון דעם עקאָנאָמישען סיסטעם פון פּראָדוקציע צוליעב פּראָפיט, כסדר אַליין פאַרוואַנדעלט — ניט אַלעמאָל, אָבער אין דער ריזיגער מערהייט פאַלען — אין אַ מעקלער און אַ ספּעקולאַנט. די ציפערען, וואָס מיר האָבען פריהער באַטראַכט, ווייזען קלאָר דעם חילוק צווישען דעם פויער דעם אַרבייטער און דעם פויער דעם ספּעקולאַנט.

דער פויער וואָס האָט אין דעם יאָהר 1918—1919 געגעבען דעם אויסגעהונגערטען שטאָדטיגען אַרבייטער 40 מיליאָן פּוד תבואה־פּראָדוקטען פאַר דעם פּרייז, וואָס דער שטאַאַט האָט באַשטימט, דורך דער מאַשינעריע וואָס דער שטאַאַט האָט אויסגעבויט, מעג זי זיין ווער ווייסט ווי ניט פאָלקאָמען, מיר ווייסען עס, אָבער מיר קענען עס דערווייל ניט העלפען, — ער איז דער אַרבייטענדער פויער, דער גלייכבאַרעכטיגטער חבר פון דעם סאָציאַליסטישען אַרבייטער, זיין בעסטער שותּף און אמת׳ער ברודער אין דעם קאַמף געגען דעם יאָך פון קאַפּיטאַל. און דער פויער וואָס האָט פאַרקויפט דורך קאָנטראַבאַנד פערציג מיליאָן פּוד תבואה־פּראָדוקטען פאַר אַ פּרייז צעהן מאָל העכער, ווי דער שטאַאַט

האָט באַשטימט, און באַנוצענדיג זיך מיט דעם הונגער, געגען וועלכען עס ראַנגעלט זיך דער שטאָדטיגער אַרבייטער, האָט דער דאָזיגער פּויער געשעדיגט דעם שטאַאט פון די אַרבייטער און האָט אומעטום פאַרזעעט ליגענס, גנבה, שווינדלעריי, — אַט דער פּויער איז אַ ספּעקולאַטאָר, אַ שותף פון דעם קאַפּיטאַליסט, דעם עקספּלואַטאַטאָר, דעם שונא פון דעם אַרבייטער־קלאַס. דער אי־בערפלוס פון תבואה, וואָס ער פאַרמאָגט, קומט פון דער ערד, וואָס געהערט צום כלל און איז אויסגעאַרבייט געוואָרען מיט דער הילף פון אינסטרומענטען אויף וועלכע עס האָט געאַרבייט ווי דער פּויער אַזוי דער אַרבייטער. עס איז דערפאַר קלאָר, אַז צו באַ־זיצען די פּראָדוקטען און צו ספּעקולירען מיט אַ טייל פון זיי הייסט — ווערען אַן אויסבויטער פון די הונגערענדיגע אַרבייטער.

איהר ווילט „פרייהייט, גלייכהייט, דעמאָקראַטיע", הערען מיר פון אַלע זייטען, און אַליין פאַרפעסטיגט איהר אויף שטענדיג די ניט־גלייכהייט צווישען דעם אַרבייטער און דעם פּויער מיט אייער קאָנסטיטוציע, דערמיט וואָס איהר האָט אויפגעלייזט די גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג, דערמיט וואָס איהר נעמט אייך איבער גוואַלט די איבעריגע זאַפּאַסען פון געטריידע און סיריעלס, און א. וו.

דאַרויף ענטפערען מיר: עס איז קיינמאָל אין דער היס־טאָריע פון דער וועלט ניט געווען אַזאַ שטאַאט, וואָס זאָל האָבען אַזוי פיעל אויפגעטאָן פאַר דער אָפּשאַפונג פון פּ ר אַ ק ט י ש ע ר ניט־גלייכהייט, פאַר דער אָפּשאַפונג פון דעם אַ מ ת 'ע ן מאַנ־געל פון פרייהייט, פון וועלכער דער אַרבייטענדיגער פּויער האָט הונדערטער יאָהרען לאַנג געליטען.

אָבער קיינמאָל וועלען מיר ניט ערלויבען קיין גלייכהייט פאַר דעם פּויער דעם ספּעקולאַנט, פּונקט ווי מיר ערלויבען ניט קיין „גלייכהייט" פאַר דעם עקספּלואַטירטען און עקספּלואַטאַטאָר, פאַר דעם זאַטען און הונגעריגען, און „פרייהייט" פאַר דעם ערשטען צו שינדען די הויט פון דעם צווייטען. און מיר ווילען באַהאַנדלען די געבילדעטע הערען, וואָס ווילען ניט פאַרשטעהן דעם חילוק, ווי מיר באַהאַנדלען די „ווייסע גוואַרדיסטען", מעגען זיי טיטו־לירען אַלס דעמאָקראַטען, סאָציאַליסטען, אינטערנאַציאָנאַליסטען.

.4

סאָציאַליזם איז די אָפּשאַפונג פון קלאַסען. די פּראָלעטאַרי־שע דיקטאַטור האָט געטאָן אַלץ וואָס זי האָט געקאָנט צו פאַרווירק־ליכען די דאָזיגע אָפּשאַפונג.

עס איז אָבער אוממעגליך אָפּצושאַפען קלאַסען מיט איין קלאַפּ.

און קלאַסען זיינען פאַרבליבען און וועלען פאַרבלייבען דורך דער צייט פון דער דיקטאַטור. די דיקטאַטור וועט האָבען אָפּגע־שפּיעלט איהר ראָל ווען די קלאַסען וועלען פאַרשווינדען, און אָהן אַ דער דיקטאַטור קאָנען די קלאַסען ניט פאַרשווינדען.

די קלאַסען פאַרבלייבען, אָבער יעדער איינער פון זיי בייט זיין אָנזעהן און אינהאַלט אונטער דער דיקטאַטור, און אויך בייט זיך די געגענזייטיגע באַציהונג פון די קלאַסען. דער קאַמף צווי־שען קלאַסען פאַרשווינדט ניט אונטער דער דיקטאַטור פון פּראָלע־טאַריאַט: זי נעמט נאָר אָן אַן אַנדער, אַ נייעם אָנזעהן.

אונטער דעם קאַפּיטאַליזם איז דער פּראָלעטאַריאַט געוועזן אונטערדריקט. ער איז געוועזן דער קלאַס וואָס איז באַרויבט געוועזן פון אייגענטום איבער די מיטלען פון פּראָדוקציע, דער קלאַס וואָס איז אליין געוועזן דער גאַנצער און אויסשליסליכער געגענזאַץ צו דער בורזשואַזיע. און דערפאַר איז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט פעהיג געוועזן צו פאַרבלייבען רעוואָלוציאָ־נער ביז צום ענטשיידענעם סוף.

נאָכדעם, ווי ער האָט אומשטירצט די בורזשואַזיע און ערא־בערט די פּאָליטישע מאַכט, ווערט דער פּראָלעטאַריאַט דער הער־שענדער קלאַס. ער האַלט די רעגירונגס־מאַכט אין דעם שטאַאַט. ער פאַרוואַלטעט די מיטלען פון דער פּראָדוקציע, וואָס איז שוין סאָציאַליזירט, פיהרט אָן די וואַקלענדיגע און צווישענדיגע עלעמענטען און קלאַסען. ער דערשטיקט דעם ווידערשטאַנד פון די עקספּלואַטאַטאָרען וואָס זוכט אויפצוהייבען זיין קאָפּ. דאָס זיי־נען ספּעציעלע פּראָבלעמען פון דעם קלאַסען־קאַמף וועלכע דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט געקאָנט באַגעגענען פריהער.

דער קלאַס פון די אויסבייטער, די קאַפּיטאַליסטען און גרויסע

לאַנד־באַזיצער, פאַרשווינדט ניט און קאָן ניט פאַרשווינדען מיט דעם אָנקונפט פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. די אויסבוי־טער זיינען נידערגעשלאָגען, אָבער ניט פאַרניכטעט. זיי האָבען נאָך דערוויילע אַן אינטערנאַציאָנאַלען שטיצונגס־פונקט, זיי זיינען אַ צווייג פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאַפּיטאַליזם. זיי האַלטען נאָך איין טיילווייז געוויסע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, זיי האָבען נאָך געלט, זיי האָבען נאָך דערוויילע אַ באַדייטענדען געזעלשאַפטליכען איינ־פלוס. טאַקע דערפאַר וואָס זיי זיינען נידערגעשלאָגען, איז די ענערגיע פון זייער ווידערשטאַנד געשטיגען הונדערט און טויזענט מאָל.

זייער „ערפאַהרונג" אויף דעם געביעט פון שטאַטליכער פאַר־וואַלטונג, פון דער אַרמעע, פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, גיט זיי אַ זעהר באַדייטענדען פאָרצוג, און צוליעב דעם איז זייער וויכטיג־קייט ניט צו פאַרגלייכען גרעסער, ווי זייער צאָהל באַרעכטיגט זיי, אין דעם איבעריגען טייל פון דער באַפעלקערונג. דער קלאַסען־קאַמף, וואָס די נידערגעשלאָגענע עקספּלואַטאַטאָרען פיהרען געגען דעם זיעגרייכען אַוואַנגאַרד פון די עקספּלואַטירטע, ד. ה. געגען דעם פּראָלעטאַריאַט, ווערט איצטער ענדלאָז גוואַלטזאַמער. און עס קאָן אויך אַנדערש ניט זיין אויב עס איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע און ניט סתם אַ רעפאָרמיסטישע אילוזיע.

און, ענדליך, דער פויערען קלאַס, ווי די קליין־בורזשואזיע בכלל פאַרנעמט אויך אַ מיטעליגע, אין־צווישענדיגע פּאָזיציע אונ־טער דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. פון איין זייט: שטעלט פאָר דער דאָזיגער קלאַס אַ זעהר באַדייטענדע — און אין דעם ריקשטענ־דיגען רוסלאַנד אַ ריזיגע — מאַסע אַרבייטער, וואָס האָבען דיזעל־ביגע אינטערעסען, ווי אַלע אַרבייטער און זיינען מיט זיי פאַראיי־ניגט פאַר דער אויפגאַבע אָפּצושאַפען די גרויסע ערד־באַזיצער און קאַפּיטאַליסטען. פון דער צווייטער זייט: געהען אויך אַריין אין דעם דאָזיגען פויערען־קלאַס קליינע פערמערס, פויערען־אייגענטי־מער און הענדלער. אַזאַ עקאָנאָמישע סיטואַציע רופט אַרויס אַ נייגונג פון ניט־ענטשלאָסענער וואַקלונג צווישען דעם פּראָלעטאַר־יאַט און דער בורזשואזיע. און נעמט מען אין אַכט דעם אינטענ־סיווען קאַמף אין און צווישען די קלאַסען, די אויסעראָרדענטליך

גוואַלטזאַמע ענדערונג פון אַלע געזעלשאַפטליכע באַציהונגען, און די קראַפט פון געוואוינהייט וואָס יעדער קלאַס האָט פריהער ענט־וויקעלט און באַזונדער אַזוי די פויערען, ווי בכלל די אונטערשטע שיכטען פון דער מיטעל־בורזשואַזיע, — איז עס גאַנץ נאַטירליך, אַז מיר זאָלען זעהען, ווי טיילען פון דעם דאָזיגען פויערען קלאַס פאַרלאָזען דאָ איין לאַגער, דאָ אַ צווייטען, און וואַרפען זיך הין און צוריק, ניט־ענטשלאָסען, ניט־זיכער, וואַקלענדיג און אַז. וו.

די אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט איז צו אָנפיהרען די דאָזיגע עלעמענטען, צו דערשלאָגען זיך צו דער ראָל פון אַ פיהרער צווישען זיי. צו זאַמלען און פאַראייניגען ארום זיך די ניט־זיכערע און וואַקלדיגע, דאָס האָט געמוזט זיין די ראָל פון פּראָלעטאַריאַט.

## II קאָלעקטיווע אָדער פּערזענליכע פאַרוואַלטונג.

(פון אַ רעדע אויף דעם אַל־רוסישען קאָנגרעס פון דעם ראַט פון פאָלקס־ווירטשאַפט).

... אויף דעם גרונט פון ריין אבסטראַקטען, דורכאַוים טעאָרע־טישען דענקען איז עס ניט שווער צו דערווייזען אַז קאָלעקטיווע פאַרוואַלטונג איז פּאָרציגליך, לוינט זיך בעסער איידער אינדיווי־דועלע אָדער פּערזענליכע פאַרוואַלטונג. אָבער אַזאַ אבסטראַקט דענקען פיהרט אונז אַוועק ווייט פון דער ממשות'דיגער לאַגע, אין וועלכער מיר געפינען זיך. עס ברייננגט אונז צו דער שטופע פון אנפאַנגליכער ארבייט פון אויפבויען די סאָוועט־מאַכט, אַ שטופע וועלכע מיר זיינען שוין אריבער און פאַרבייגעגאַנגען. עס איז צייט, אַז מיר זאָלען זיך שטעלען אויף אַ מעהר פּראַקטישען באָדען.

קאָלעקטיווע פאַרוואַלטונג, אַלס דער גרונט־טיפּ פון דער אָר־גאַניזאַציע פון דער סאָוועט־פאַרוואַלטונג, איז אַזוינס, וואָס איז געוועזען אונבאַדינגט נויטיג אויף דער ערשטער שטופע פון אונזער ארבייט, ווען מיר האָבען געדאַרפט ערשט אָנהויבען צו בויען. אָבער איצטער, אַז די באַדינגונגען זיינען מעהר נאָרמאַל און דער אַלגע־מיינער צושטאַנד פון אונזער ארבייט איז פיעל רוהיגער, איז עס אין די אינטערעסען פונ'ם איבערגאַנג צו פּראַקטישער ארבייט, אַז מיר

זאלען אננעמען אינדיווידועלע אדער פערזענליכע פארוואלטונג, אלס דאס סיסטעם, וואס איז ערב דעם בעסטען געברויך פון מענש־ליכע פעהיגקייטען און א ממשות׳דיגען, ניט בלויז אויפ׳ן ווארט, קאנטראל איבער דער ארבייט.

מיר זאלען ניט לאזען ניט־אויסגענוצט די ערפאהרונג, וואס די סאוועט־רעגיערונג האט געהאט אויף דעם געביעט פון מיליטע־רישען אויפבוי. אין מלחמה־פיהרונג געהען אלערליי, פאקטיש אלע מינים טעטיגקייטען, אויף אלע געביעטען. דער אויפבוי פון אונזער ארמעע האט דערפאר געבראכט ערפאלגרייכע רעזולטאטען, וואס די ארבייט איז געטאן געווארען אינ׳ם גייסט פון דעם אלגע־מיינעם סאוועטישען בויען, אין איינקלאנג מיט די באציהונגען צווישען די קלאסען. אויך אין דער ארמעע געפינען מיר, ווי אור־מעטום דעם דינעם שיכט פון דעם לייטענדיגען פראלעטארישען עלע־מענט, און דער עיקר באשטעהט זי פון דעם פויערטום. און בעת אויף אנדערע געביטען זעהט זיך ניט ארויס קלאהר דער תמצית פון אט דער צווישען־קלאסיגער באציהונג, איז עס אבער ארויסגע־קומען קלאהר אין דער ארמעע, וואס באגעגענט זיך פנים אל פנים מיט דעם שונא און צאהלט טייער פאר יעדער טעות. מיר זאלען זיך ערנסט פארטראכטען איבער דער דאזיגער ערפאהונג. זי האט געפיהרט, אין איהר סיסטעמאטישער ענטוויקלונג, פון אומבאשטימ־טער קהל׳שער פארוואלטונג, דורך א קאלעקטיווער אדמיניסטראציע וואס איז אנגענומען געווארען אלס סיסטעם פון ארגאניזאציע, ביז עס האט איצטער דערגרייכט, אלס אן אלגעמיינע טענדענץ, צו דער שטופע פון אינדיווידועלער פארוואלטונג, אלס דער איינציגער ריכ־טיגער יסוד פון טעטיגקייט. איהר געפינט אין יעדער פעלד פון סאוועט־טעטיגקייט א קליינעם צאהל קלאסען־באוואוסטע פראָ־לעטאריער, א גרויסען צאהל פון ווייניגער ענטוויקעלטע, און די גרויסע מאסע פון פויערנטום מיט אלע געוואוינהייטען פון אינדי־ווידועלער עקאנאמיע, און פאלגליך — מיט א נייגונג צו פרייען האנדעל און ספעקולאציע, וואס די מענשעוויקעס, די סאציאליס־טען־רעוואלוציאנערען און אומפארטייאישע רופען אן פרייהייט, און מיר באטראכטען עס ווי א ירושה פון קאפיטאליזם. דאס איז די אומגעבונג, אין וועלכער אונז קומט אויס צו האנדלען און פאלג־

ליך דאַרפע, אונזערע מעטאָדען זיך רעכענען מיט דער דאָזיגער אומגעבונג. און די ערפאַהרונג פון דער אַרמעע האָט אונז געוויזען, אַז די סיסטעמאַטישע ענטוויקלונג פון אָרגאַניזאַציע פון פאַרוואַלטונג געהט אין דער ריכטונג פון אָנפאַנגליכע קאָלעקטיווע פאָרמעס צו דער אינדיווידועלער פאָרמע, וואָס איז איצט אין קראַפט לכל הפּחות אין 50 פּראָצענט פאַלען.

קאָלעקטיווע פאַרוואַלטונג פיהרט אין בעסטען פאַל צו אַ גוואַלדיגער פאַרשווענדונג פון ענערגיע און שטערט ווי די שנעלקייט אַזוי די פאַראַנטוואָרטליכקייט, וואָס איז אַזוי נויטיג אין אַ גרויסער צענטראַליזירטער אינדוסטריע. קוקט אַריין צו די אַדוואָקאַטען פון קאָלעקטיווער פאַרוואַלטונג און איהר וועט דערזעהן, אַז אין זייערע רעזאָלוציעס פאָדערען זיי, אין אַ העכסט אַבסטראַקטער פאָרמולירונג, אַז יעדער מיטגליעד פון אַ קאָלעגיע זאָל זיין פערזענליך פאַראַנטוואָרטליך פאַר געוויסע טיילען פון דער אַרבייט. דאָס איז ביי אונז געוואָרען אַלגעמיין באַקאַנט, אָבער יעדער איינער מיט פּראַקטישער ערפאַהרונג ווייסט, אַז אפשר אין איין פאַל פון הונדערט ווערט עס אָפּגעהיט אין דער ווירקליכקייט. געוועהנליך פאַרבלייבט עס אויפ׳ן פּאַפּיער. קיינער פון די מיטגליעדער פון אַ קאָלעגיע קריעגט ניט קיין ספּעציעלע אויפגאַבען און קיין זאַך ווערט ניט דורכגעפיהרט אונטער אינדיווידועלע אחריות. מען שטודירט ניט ביי אונז די אַרבייט. אָט, למשל, שלאָגט פאָר אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון אַ פּראָפעסיאָנעלען פאַראיין אַ קאַנדידאַט פאַר אַ געוויסער שטעלע, און איהר פאָדערט, מען זאָל אייך געבען אַ באַריכט פון דער אַרבייט, וואָס דער קאַנדידאַט האָט געטאָן און איהר ווילט, אַז עקספּערטען זאָלען אונטערזוכען דעם באַריכט. אָבער איהר וועט אַזאַ ניט קריגען. מיר הויבען נאָך ערשט אָן צו דערנעהענטערען זיך צו אמת׳ער לייסטונגס־פעהיגקייט.

אונזער חסרון איז, וואָס מיר טרוימען, אַז מיר וועלען אַלץ קאָנען דורכפיהרען מיט אונזערע אייגענע כחות. מיר ליידען פון אַ מורא׳דיגען מאַנגעל אין טוער און מיר נעמען זיי ניט פון צווישען די אַרבייטער און פויערען, וואו עס געפינט זיך אַן אוצר פון ניט־ענטוויקעלטע אָרגאַניזירונגס־ און פאַרוואַלטונגס־טאַלאַנטען.

עס איז וויכטיג, אַז מיר זאָלען וואָס גיכער אַריבערגעהן פון אַל־געמיינע און פּרוכטלאָזע דיסקוסיעס צו דער לעבעדיגער פּראַקטיק. דעמאָלט וועלען מיר האַנדלען ווי אמת׳ע אָרגאַניזאַטאָרען פון אַ פּאָרטגעשריטענעם קלאַס און ענטדעקען נייע מענשען מיט אָרגאַניזאַטאָרישע פעהיגקייטען אין די הונדערטער און טויזענ־טער. מיר מוזען זיי אַרויסנעמען צום פאָדערגרונט, אויספּרואווען זיי, געבען זיי באַשטימטע און אַלץ מעהר קאָמפּליצירטע אויפגאַ־בען. איך האָף, אַז מיר וועלען עס טאָן, און אַ דאַנק דעם פאַר־מעהרען די צאָהל אָרגאַניזאַטאָרען, אַזוי אַז דער אויסערגעוועהנ־ליך דינער שיכט וואָס איז אָפּגעניצט און אויסגענוצט אין די דאָזיגע שווערע צוויי יאָהר צייט, וועט ווידער פולער און שטאַר־קער ווערען. וואָרים די אויפגאַבען, וואָס מיר האָבען אויף זיך גענומען ווידער אויפצובויען רוסלאַנד און באַפרייען זי פון הונגער, קעלט און אָרעמקייט, וועט פאָדערען צעהן מאָל מעהר אָר־גאַניזאַטאָרען, וואָס זאָלען פאַראַנטוואָרטליך זיין צו צעהנדליגע מיליאָנען.

יאַנואַר, 1920.

נ. לענין איז דער גרינדער פון דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל,אין אַ פיעל גרעסערער מאָס, איידער מאַרקס איז געווען דער גרינדער פון דעם ערשטען אינטערנאַציאָנאַל. טראָץ דעם ברייטפאַרשפּרייטען טעות, אַז מאַרקס האָט געגרינדעט די „אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער אַסאָציאַציע”, איז עס דאָך ניט אַזוי. מאַרקס האָט זיך געשטעלט אַן דער שפּיץ פון דער דאָזיגער אָרגאַניזאציע, ווען זי האָט זיך שוין געגרינדעט; ער איז געווען איהר קאָפּ און האַרץ אַזוי לאַנג ווי זי האָט געלעבט און געווירקט; און ער איז געווען שפּעטער איהר מלאך המות, ווען עס איז קלאָר געוואָרען, אַז איהר ווייטערדיגע עקזיסטענץ וועט אונטער די אומשטענדען — דער קריעג מיט די באַקוניסטען — ווערען אַ סכנה פאַר די געזונטע און ריכטיגע אידעען, וואָס מאַרקס האָט פאַרטיידיגט און דער אינטערנאַציאָנאל האָט, אונטער מאַרקס'עס לייטונג, דורכגעפיהרט. אָבער — מאַרקס איז ניט געווען דער גרינדער פון דעם ערשטען אינטערנאַציאָנאל, בעת לענין איז דער גרינדער פון'ם דריטען אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער איז שוין אַ געשעהענער היסטאָרישער פאַקט, טראָץ דעם וואָס די קינפטיגע ענטוויקלונג קאָן זיין האָט פאַרבאָרגען אונטער איהר פאַלע. די ערשטע גרויסע ארבייט, וואָס דער דריטער אינטערנאַציאָנאל האָט באַשטימט אויפגעטאָן איז געווען — דער טויט־קלאַפּ, וואָס ער האָט געגעבען דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער האָט איבערגעלעבט זיין אייגענע ניצליכקייט, אָבער ער האָט זיך נאָך געהאַלטען און וואָלט אפשר אויף אַ לאַנגע צייט פאַרבליבען אַ פאַקטאָר אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג בלויז מיט דער קראַפט פון אינערציע און רוטינע. די גרינדונג פון'ם „דריטען” אינטערנאַציאָנאַל, נאָך בעת דער צווייטער האָט פאַרמעל געלעבט און געקליבען זיך גאַלוואַניזירען זיין אויסגעשטאָרבענע לעבענס־פעהיגקייט און ניצליכקייט איז געווען, ווי דער לעצטער קלאַפּ איבער דער מיטה און דער פּסוק: „פלוני בן פלני, דו ביזט טויט!” וואָס דער קברן זאָגט, לויט דעם אַלט־אידישען מנהג. די אילוזיעס פון די וואָס האָבען געוואָלט מחיה מתים זיין דאָס, וואָס איז געווען אָביעקטיוו טויט, זיינען צוקלאַפּט געוואָרען פון דעם סאַמע פאַקט, וואָס עס האָט זיך געגרינדעט דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל, ווי אילוזאָריש עס איז ניט געווען זיין אייגענער קיום אין דעם מאָמענט פון זיין גרינדונג. דער צווייטער אויפטו פון דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל איז באַשטאַנען דערין, וואָס זיין גרינדונג האָט באַוועגען, מיט אַן אומגעהויערער קראַפט, דעם פּראָצעס פון אַנאַליז און זעלבסט־קריטיק אין די קעפּ פון די סאָציאַליסטען אין די פּאַרטייען פון דער אַלטער און דער נייער וועלט, אַ פּראָצעס, וואָס געהט נאָך אָן און וועט ברענגען דערצו, אַז די בלוטיגע ערפאהרונג פון דער וועלט־קאַטאַסטראָפּע וועט איבערגעקאָכט און און אויסגעארבייט ווערען אין אַ קוואַל פון באַלעהרונג פאר דער וועלט־רעוואָלוציע, ווען און ווי זי זאָל ניט קומען אין יעדער לאַנד באַזונדער. — **רעדאקטאָר פון דער אידישער אויסגאבע.**

# דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל און זיין פּלאַץ אין דער געשיכטע

די אימפּעריאַליסטען פון די לענדער פון דער „אַנטאַנט" (עליים) האָבען אַרומגעצאַמט רוסלאַנד מיט אַ בלאָקאַדע, כדי צו פּאַרהיטען די קאַפּיטאַליסטישע וועלט אַז זי זאָל זיך ניט אָנשטעקען פון דער סאָוועטען־רעפּובליק. די דאָזיגע לייט, וואָס שטאָלצירען אַזוי מיט דער „דעמאָקראַטישקייט" פון זייערע איינריכטונגען, זיינען אַזוי פאַרבלענדט פון זייער האַס צו דער סאָוועטען־רעפּובליק, דאָס זיי זעהען ניט, ווי זיי אַליין מאַכען זיך לעכערליך. באַרעכענט נאָר: זיי, די פאָרטגעשריטענע ציוויליזירטע און „דעמאָקראַטישע" לענדער, באַוואָפענט פון קאָפּ ביז די פיס, אין מיליטערישען זינען די בעלי־בתים פון דער וועלט, האָבען זיי ווי פאַר פייער מורא פאַר דער א י ד ע ע ן ־ אָנשטעקונג, וואָס קומט פון אַן אָפּגעשטאַנענעם, רואינירטען, לויט זייער מיינונג, האַלב־ווילדען לאַנד. שוין דער ווידערשפּרוך אַליין עפענט די אויגען פון די ארבייטער־מאַסען פון אַלע לענדער און דעקט אויף די צביעות פון די אימפּעריאַליסטען, די קלעמענסאָס, די לאַיד־דזשאָרדזשעס, די ווילסאָנס און פון זייערע רעגירונגען.

אָבער ניט נאָר די פאַרבלענדונג פון האַס ביי די קאַפּיטאַליסטען העלפט אונזער זאַך. עס דיענט אונזערע ציעלען אויך זייער געגענזייטיגע רייסעריי, וואָס באַוועגט זיי געהיים צו קאָנקורירען און אונטערשטעלען פיסלאַך איינער דעם צווייטען. זיי האָבען געשלאָסען צווישען איינאַנדער אַ פאַרשווערונג פון שווייגען, ווייל מעהר פון אַלץ האָבען זיי מורא דורכצולאָזען די אמת'ע ידיעות וועגען דער סאָוועטען־רעפּובליק, און דערהויפּט — איהר אָפיציעלע דאָקומענטען. פון דעסטוועגען האָט דער הויפּט־אָרגאַן פון דער פראַנצויזישער בורזשואזיע, די צייטונג „לע טאַן" פאַרעפענטליכט אַ מעלדונג וועגען דעם, אַז אין מאָסקווע האָט זיך געגרינדעט דער דריטער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל.

מיט גרויס דרך אַרץ באַדאַנקען מיר דערפאַר דעם הויפּט־אָרגאַן פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע, דעם דאָזיגען אָנפיה־רער פון פראַנצויזישען שאָוויניזם און אימפּעריאַליזם. מיר זיינען באַרייט אוועקצושיקען דער צייטונג „לע טאַן" אַ פייערליכע ער־קלערונג פון אונזער אַנערקענונג דערפאַר וואָס זי העלפט אונז אַזוי גראַטען און געשיקט אין אונזער אַרבייט.

פאַרוואָס האָט די „לע טאַן" געהאָלפען אונז? — פון דער אַרט און ווייזע, ווי זי האָט פאַרעפענטליכט די נייעס אויפ'ן גרונט פון אונזער ראַדיאָ־טעלעגראַמע קאָן מען קלאָר אַרויסזעהן די מאָ־טיוועו, וואָס האָבען באַוועגען די האַנדלונג פון דעם אָרגאַן פון געלט־זאַק. געוואָלט האָט די צייטונג אַריינזעצען אַ שפּילקע ווילָ־סאָנ'ען, איהם אַ שטאָך טאָן: ווייזען איהם מיט וואָס פאַר אַ בייזע מענשען ער, ווילסאָן, פיהרט עס אונטערהאַנדלונגען. די חכמים, וואָס שרייבען אויף דער באַשטעלונג פון געלט־זאַק, באַ־מערקען ניט, ווי דאָס, וואָס זיי זוכען אָנצושרעקען ווילסאָנ'ען מיט דעם באָלשעוויזם, איז אין די אויגען פון אַרבייטענדע מאַסען ערשט אַ גרויסע רעקלאַמע פאַר די באָלשעוויקעס. נאָך אַמאָל, אונזער דרך־אַרץ־דיגען דאַנק צו דעם אָרגאַן פון די פראַנצויזישע מי־ליאָנערן.

די גרינדונג פון'ם דריטען אינטערנאַציאָנאַל איז פאָרגע־קומען אין אַזאַ וועלט־סיטואַציע, אַז די קליינליכע נאַרישע מאַ־כינאַציעס פון די אַנטאַנט־אימפּעריאַליסטען אָדער פון די לאַקייען פון'ם קאַפּיטאַליזם, ווי די שיידעמאַנער אין דייטשלאַנד, די רע־נערס אין עסטרייך, זיינען נישט בכח צו שטערען דער פאַרשפּריי־טונג פון די ידיעות וועגען דער גרינדונג פון אָט דעם אינטער־נאַציאָנאַל און די סימפּאַטיע צו איהם פון'ם אַרבייטער־קלאַס אויף דער גאַנצער וועלט. אָט די וועלט־סיטואַציע איז באַשאַפען געוואָרען פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וואָס וואַקסט ממש מיט יעדער שעה. אָט די וועלט־סיטואַציע איז באַשאַפען גע־וואָרען פון דער סאָוועטען־באַוועגונג אין די אַרבייטער מאַסען, וואָס איז שוין אַזוי שטאַרק, אַז זי איז היינט באמת שוין אַ אינטערנאַציאָנאַלע באַוועגונג.

דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט עקזיסטירט

פון יאָהר 1864 ביז 1872 האָט פארלייגט דעם פונדאמענט פון אַזאַ אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון ארבייטער, וואָס זאָל זיי צוגרייטען פאַר אַ רעוואָלוציאָנערען אנגריף אויף דעם קאַפּיטאַל.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל (1889 ביז 1914) איז געווען אַ אינטערנאַציאָנאַלע באוועגונג פון'ם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז געגאנגען אין דער ברייט. אָט דאָס פארברייטען זיך האָט אָבער גורם געווען פון צייט־צו־צייט אַ געוויסע אַרונטערשטייגונג פון דער רעוואָלוציאָנערער הויך, דעם וואוקס פון'ם אָפּאָרטוניזם ביז ס'איז געקומען צום באַנקראָט פון דעם דאָזיגען אינטערנאַציאָנאַל.

דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל איז פאַקטיש באשאפען געוואָרען אין יאָהר 1918, ווען דער יאָהרענלאַנגער פּראָצעס פון קאַמף מיט'ן אָפּאָרטוניזם און סאָציאַל־שאָוויניזם, דערהויפּט אין דער צייט פון קריג, האָט געבראַכט דערצו, אַז אין מעהרערע לענדער האָבען זיך געגרינדעט קאָמוניסטישע פּארטייען. פאָרמעל איז דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל געגרינדעט געוואָרען אויף זיין ערשטען קאָנגרעס אין מערץ 1919 אין מאָסקווע. און דער אייגענטליכער תוך פון'ם דריטען אינטערנאַציאָנאַל, זיין צוועק דורכצופיהרען אין לעבען די געבאָטען פון'ם מארקסיזם, די פונדאַמענטאַלע אידעאַלען פון סאָציאַליזם, אָט דער כאַראַקטער־שטריך פון'ם דריטען אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך באוויזען תיכף ביי זיין גרינדונג אין דעם פאַקט, וואָס אין אַ געוויסער מאָס פאַלט ער צוזאַמען מיט'ן פאַרבאַנד פון די סאָציאַליסטישע סאָוועטען־רעפּובליקען.*)

דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל האָט פארלייגט דעם פונדאַמענט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט פאַר'ן סאָציאַליזם.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז געווען די תקופה פון צוגרייטען דעם באָדען פאַר אַ מאַסען־פארשפרייטונג פון דער באוועגונג אין אַ רייהה פון לענדער.

*) ווען נ. לענין האָט געשריבען די דאָזיגע ווערטער, האָט געהאַט איהר קורצען קיום די סאָוועטען־רעפּובליק פון מיונכען. אין בייערען און אונגארן איז געווען אַ ראַטען־רעפּובליק. — ר. א. א.

דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט איבערגענומען פון דעם צווייטען די פרוכט פון זיין ארבייט, האָט פאַרוואָרפען זיינע אָפּאָרטוניסטישע סאָציאַל־שאָוויניסטישע בורזשואַזע און קליינבורזשואַזע שטרעבונגען און האָט זיך גענומען דורכפיהרען אין לעבען די דיקטאַטור פון׳ם פּראָלעטאַריאַט.

דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבאַנד פון די פאַרטייען, וואָס פיהרען אָן די רעוואָלוציאָנערסטע באַוועגונג פון דער וועלט, די באַוועגונג פון׳ם פּראָלעטאַריאַט צו צוברעכען דעם קאַפּיטאַליזם, האָט איצט אונטער זיך אַ פונדאַמענט פון אויסערגעוועהנליכער פעסטקייט: מעהרערע סאָוועטען־רעפּובליקען, וואָס פאַרווירקליכען מיט זייער עקזיסטענץ גופא, אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלען אופן, דעם געדאַנק פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און זיין זיעג איבער דעם קאַפּיטאַליזם.

די וועלט־היסטאָרישע באַדייטונג פון׳ם דריטען קאָמוניסטישען אינטערנאַציאָנאַל באַשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט אָנגעהויבען דורכצופיהרען אין לעבען מאַרקס׳עס גרעסטען לאָזונג, דעם לאָזונג וואָס דריקט אויס אויף׳ן בולט׳סטען אופן דעם סאָציאַליזם, דעם לאָזונג וואָס דריקט זיך אויס אין דעם באַגריף דיקטאַטור פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט.

אָט די געניאַלע טעאָריע, אָט די נבואה ווערט יעצט מקוים.

אָט די ווערטער אין לאַטיינישער שפּראַך זיינען היינט איבערזעצט אין אַלע לשונות פון׳ם היינטיגען אייראָפּא, יאָ, אין אַלע לשונות פון דער וועלט בכלל.

אַ נייע תקופה פון דער וועלטגעשיכטע האָט זיך אָנגעהויבען.

די מענשהייט ווארפט אראָפּ פון זיך די לעצטע פאָרם פון שקלאַפעריי, די קאַפּיטאַליסטישע אָדער לוין־שקלאַפעריי, און באַפרייענדיג זיך פון שקלאַפעריי געהט אריבער די מענשהייט, דעם ערשטען מאָל, צו אמת׳ער פרייהייט.

ווי אַזוי איז דאָס אָבער מעגליך געוועזן, אַז דוקא איינע פון די אָפּגעשטאַנענסטע מלוכות פון אייראָפּא האָט דורכגעפיהרט אין לעבען די דיקטאַטור פון׳ם פּראָלעטאַריאַט, האָט אָרגאַניזירט די סאָוועטען־רעפּובליק? ס׳איז זיכער נישט קיין טעות, ווען ביר זאָגען, אַז גראָד די סתירה צווישען דער אָפּגעשטאַנענקייט פון

רוסלאַנד און זיין אַרויפשפּרינגען צו דער העכסטער פאָרם פון דע־מאָקראַטיזם, אַריבערגעהענדיג איבער דער בירגערליכער דעמאָ־קראַטיע צו דער פּראָלעטאַרישער אָדער סאָוועטען־רעפּובליק, אַז גראַד אָט די סתירה איז געווען איינע פון די סבות, וואָס האָט אין די מערב־לענדער אַממייסטען שווער געמאַכט צו פאַרשטעהן דעם ראָל פון די סאָוועטען. אַ חוץ דעם קומען אין באַטראַכט, פאַר־שטעהט זיך, די אָפּאָרטוניסטישע מדות און געוואוינהייטען, אונ־טער וועמענס איינפלוס עס געפינען זיך די מעהרסטע סאָציאַ־ליסטישע פיהרער.

די אַרבייטער־מאַסען אויף דער גאַנצער וועלט האָבען תיכף דערפיהלט בחוש די באַדייטונג פון די סאָוועטען אַלס אַ קאַמף־מיטעל פון'ם פּראָלעטאַריאַט און אַלס אַ פאָרם פון'ם פּראָלעטאַ־רישען שטאַאַט. אָבער די אָפּאָרטוניסטישע „פיהרער" הערען נים אויף צו בוקען זיך פאַר דער בירגערליכער דעמאָקראַטיע, וועלכע זיי באַטראַכטען אַלס די איינציג מעגליכע פאָרם פון דעמאָקראַטיע.

קיין חדוש ניט, וואָס דאָס דורכפיהרען אין לעבען די פּראָלע־טאַרישע דיקטאַטור האָט קודם כל אויפגעוויזען די „סתירה" צווי־שען דער אָפּגעשטאַנענקייט פון רוסלאַנד און זיין „אַריבערשפּרינ־גען" א י ב ע ר דער בירגערליכער דעמאָקראַטיע. פאַרקערט, מיר וואָלטען זיך געמוזט וואונדערן, ווען די געשיכטע וואָלט אונז געשעקט אַ נייע פאָרם פון דעמאָקראַטיע, אָהן אַ גאַנצער רייה פון סתירות.

ווען מען וואָלט חיינט געשטעלט אַ פראַגע וועלכען ס'איז מאַרקסיסט אָדער אַפילו וועלכען ס'איז סתם מענשען, וואָס איז באַקאַנט מיט דער היינטיגער וויסענשאַפט: צי קאָן מען האָפען אויף אַ גראַדעגנווייזען, האַרמאָניש־פּראָפּאָרציאָנעלען אַריבערגאַנג אין די פאַרשיידענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער צו דער פּראָלעטאַ־רישער דיקטאַטור? — ווען מען וואָלט געשטעלט אַזאַ פראַגע, וואָלט דער ענטפער ניט געקענט זיין אַנדערש ווי „ניין". אין דער וועלט פון קאַפּיטאַל האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט קיין גלייכקייט, קיין האַרמאָניע, קיין פּראָפּאָרציע. אַזוינס האָט ניט געקענט עקזיסטירען! יעדע מלוכה האָט ענטוויקעלט אַן אַנדער זייט, אַן אַנדער גרופּע פון כאַראַקטער־אייגענשאַפטען פון'ם קאַ־

פּיטאַל און פון דער ארבייטער־באַוועגונג. די דאָזיגע ענטוויקלונג איז נישט אומעטום גלייך געווען.

אין דער צייט, ווען פראנקרייך האָט איבערגעלעבט איהר גרויסע בירגערליכע רעוואָלוציע, אויפוועקענדיג גאַנץ אייראָפּא צו א נייעם היסטאָרישען לעבען, איז ענגלאנד געשטאַנען בראש פון א קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער קאָאַליציע, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס ענגלאנד איז אין דערזעלבער צייט געשטאַנען אויף א העכערער מדרגה פון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג ווי פראנקרייך. די ענגלישע ארבייטער־באַוועגונג פון יענער עפּאָכע האָט אויף א געניאַלען אופן גענומען געהן דעם וועג, וועלכען דער מארקסיזם האָט אָנגעוויזען ערשט שפּעטער.

אין דער צייט, ווען ענגלאנד האָט געגעבען דער וועלט די ערשטע, אמת'דיגע מאַסענבאַוועגונג, דעם פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערען טשאַרטיזם*) זיינען פארגעקומען אין אייראָפּא בירגערליכע רעוואָלוציעס, מייסטענטיילס זעהר שוואַכע, אין פראנקרייך אָבער איז דאַן פאָרגעקומען דער געוואַלדיגער בירגער־קריעג צווישען פּראָלעטאַריאַט און בורזשואַזיע. אין פארשיעדענע לענדער האָט די בורזשואַזיע גובר געווען די נאַציאָנאַלע אָפּטיילונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט איינציגוויין און אויף פארשיעדענע אופנים.

ענגלאנד האָט אונז געוויזען דעם מוסטער פון א לאַנד, וואו, לויט ענגעלס'עס אויסדרוק, די בורזשואַזיע צוזאַמען מיט דער פארבורזשואַזעוועטער אריסטאָקראַטיע האָט באַשאַפען דעם אם מעהרסטען פארבורזשואַזעוועטען אויבערשיכט פון פּראָלעטאַריאַט. דאָס לאַנד פון הויך־ענטוויקעלטען קאַפּיטאַליזם האָט זיך ארויסגעוויזען אויף צעהנדליגע יאָהרען אָפּגעשטאַנען אין פּרט פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט.

פראַנקרייך האָט, אזוי צו זאָגען, אויסגעשעפּט די כחות פון

---

*) די באַוועגונג פון דער קליין בורזשואַזיע און פון פּראָלעטאַריאַט אין ענגלאנד אין די דרייסיגער און פערציגער יאָהרען פונ'ם 19טען יאָהרהונדערט פאַר פּאָליטישע רעכט און סאָציאַלע רעפאָרמעס. די באַוועגונג איז געווען מעהר סאָציאַל ווי פּאָליטיש, הגם אין נאָמען איז זי געווען נאָר פּאָליטיש.

איהר פּראָלעטאַריאַט אין צוויי העלדישע רעוואָלוציעס פונ׳ם אַר־בייטער־קלאַס אַקעגען דער בורזשואַזיע אין 1848 און 1871 יאָהר, וואָס האָבען געהאַט אַ געוואַלדיגע וועלט־היסטאָרישע באַדייטונג.

אין די 70־ער יאהרען פונ׳ם 19טען יאָהרהונדערט איז דייטשלאַנד געוואָרען די פיהרערין פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער־באַוועגונג. דאָס איז געווען אין אַ צייט ווען דייטש־לאַנד איז געשטאַנען אויף אַ נידעריגערער עקאָנאָמישער מדרגה אי פון ענגלאַנד אי פון פראַנקרייך.

אין דעם מאָמענט אָבער, ווען דייטשלאַנד האָט אַריבערגע־שטיגען מיט איהר עקאָנאָמישער ענטוויקלונג די דאָזיגע ביידע לענדער, ד. ה. אין צווייטען יאָהר־צעהנדליג פונ׳ם צוואַנציגסטען יאָהר־הונדערט, האָט זיך אַן דער שפּיץ פון דער מוסטערהאַפטער דייטשער ארבייטער־באַוועגונג געשטעלט אַ הייפעלע פון שמוציגע פּאַרקויפטע צום קאַפּיטאַליזם סוביעקטען, די שיידעמאַנס, נאָס־קעס, דאַווידס, לעגיעס, די תליונים פון ארבייטער־קלאַס אין דיענסט פון דער מאָנאַרכיע און פון דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע.

די וועלט־געשיכטע געהט צו דער דיקטאַטור פונ׳ם פּראָלע־טאַריאַט. מען וועט זי נישט אָפּהאַלטען, אָבער דער וועג, אויף וועלכען זי געהט צו אָט דעם ציעל, איז בשום אופן ניט קיין גליי־בער, ניט קיין איינפאַכער.

אין סאַמע אָנפאַנג פון 20טען יאָהרהונדערט האָט קאַרל קאַוטסקי געשריבען אַן אַרטיקעל וועגען „די סלאַווען און די רע־וואָלוציע”. דעמאָלט איז ער נאָך געווען אַ מאַרקסיסט און ניט דער איבערלויפער פון מאַרקסיזם, וועלכער ער איז שפּעטער גע־וואָרען אין זיין קאַמף פאַר אייניגקייט מיט די שיידעמאַנס און פאַר בורזשואַזע דעמאָקראַטיע געגענאיבער סאָוועטיזם. אין דעם דאָזיגען אַרטיקעל האָט קאַוטסקי ערקלעהרט די היסטאָרישע באַ־דינגונגען, וואָס האָבען אָנגעדייט אויף דער מעגליכקייט, אַז די פיהרערשאַפט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג זאָל איבערגעהן צו די סלאַווען.

אַזוי האָט עס טאַקע אויך פּאַסירט. אויף אַ צייט—זעלבסט־פאַרשטענדליך נאָר אויף אַ קורצער צייט — איז די פיהרערשאַפט

אין דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַרישען אינטערנאַציאָנאַל אַרי־בער צו די רוסען, ווי זי איז געווען, אין פאַרשיידענע צייטען פון דעם 19טען יאָהרהונדערט, אין די הענט פון די ענגלענדער, דער־נאָך פון די פראַנצויזען און שפּעטער פון די דייטשען.

עס איז מיר מעהר ווי איינמאָל אויסגעקומען אָנצוווייזען, אַז אין פאַרגלייך מיט די מעהר פאָרטגעשריטענע לענדער איז עס גרינגער געווען פאַר די רוסען אָנצוהויבען די גרויסע פּראָלעטאַ־רישע רעוואָלוציע, אָבער עס וועט זיי שווערער זיין זי פאָרטצו־זעצען און ברייגנען צו אַ פולשטענדיגען זיעג אין פּרט פון אַ דורכ־אויסיגער אָרגאַניזאַציע פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

עס איז אונז גרינגער געווען אָנצוהויבען ע ר ש ט ע נ ס, דערפאַר וואָס די אומגעוועהנליכע פאַר אייראָפּא פון דעם 20טען יאָהרהונדערט אָפּגעשטאַנענקייט פון דער צאַרישער מאָנאַרכיע האָט אַרויסגערופען אַן אויסערגעוועהנליך קרעפטיגען רעוואָלו־ציאָנערען אַנדראַנג פון די מאַסען.

צ ו ו י י ט ע נ ס , האָט די אָפּגעשטאַנענקייט פון רוס־לאַנד אייגענאַרטיג צונויפגעשמאָלצען די רעוואָלוציע פון דעם פּראָלעטאַריאַט געגען דער בורזשואַזיע מיט דער רעוואָלוציע פון די פויערען געגען די פּריצים. מיר האָבען אָנגעהויבען דערפון אין אָקטאָבער, 1917, און מיר וואָלטען דעמאָלט אַזוי לייכט ניט געזיעגט, ווען מיר זאָלען ניט געהאַט אָנגעהויבען דערפון. מאַרקס האָט נאָך אין יאָהר 1856 אָנגעוויזען, ריידענדיג וועגען פּרייסען, אויף דער מעגליכקייט פון אַן אייגענאַרטיגער צוזאַמענבינדונג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע מיט דעם פויערענשען קריעג. די באָלשעוויקעס האָבען זינט 1905 פאַרטיידיגט דעם געדאַנק פון אַ רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַ־ריאַט און פויערענטום.

ד ר י ט ע נ ס , האָט די רעוואָלוציע פון 1905 פיעל אויפ־געטאָן פאַר דער פּאָליטישער באַלעהרונג פון די מאַסען אַרבייטער און פויערען, ווי אין פּרט פון באַקענען זייערע פאָרטגעשריטענסטע פאַדערקרייזען מיט'ן „לעצטען וואָרט" פון סאָציאַליזם אין מערב אייראָפּא, אַזוי אין פּרט פון ערציהען זיי אין דער רעוואָלוציאָנע־רער מאַסען־אַ ק צ י ע . אָהן אַזאַ גענעראַל־„רעפּעטיציע" (רע־

הוירזל) אין 1905, וואָלט די רעוואָלוציע אין 1917, סיי די בורזשואַזע אין פעברואַר און סיי די פּראָלעטאַרישע אין אָקטאָבער געוועזן אוממעגליך.

פערטענס, די געאָגראַפישע באַדינגונגען פון רוסלאַנד האָבן געגעבען דער פּאָליטישער רעוואָלוציע בעסערע מעגליכקייט אויסצוהאַלטען די ערשטע געפעהרליכע צייט געגען דעם אויסערליכען איבערגעוויכט פון די מעהר פאָרטגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

פינפטענס, די אייגענאַרטיגע צווישען באַציהונג פונ'ם פּראָלעטאַריאַט און פויערענטום האָט גריגער געמאַכט דעם איבערגאַנג פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע צו דער סאָציאַליסטישער און האָט לייכטער געמאַכט די ווירקונג פון די שטאָדטיגע פּראָלעטאַריער אויף די האַלב פּראָלעטאַרישע, אָרעמערע שיכטען פון די ארבייטענדיגע אין דאָרף.

זעכסטענס, די לאַנגע שוהלע פון סטרייק־קאַמף און די ערפאַהרונג פון דער מאַסאָווער ארבייטער באַוועגונג אין אייראָפּאַ האָט פאַרלייכטערט די ענטשטעהונג, אין דער טיעף און שנעל פאַרשאַרפטער רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע, פון אַט דער אייגענאַרטיגער פאָרמע פון רעוואָלוציאָנערער ארבייטער ארגאַניזאַציע, די סאָוועטען.

דאָס אויף וואָס מיר ווייזען דאָ אָן איז אודאי ניט אַלץ, אָבער אויף דערוויילע קאָן מען דערמיט יוצא זיין.

די פּראָלעטאַרישע אָדער סאָוועטען דעמאָקראַטיע איז געבאָרען געוואָרען אין רוסלאַנד. דאָס איז געווען דער צווייטער אַל־וועלטליך־היסטאָרישער שריט, אריינרעכענדיג די פּאַריזער קאָמונע. די ארבייטער־פּויערען סאָוועטען־רעפּובליק איז די ערשטע דויערהאַפטיגע סאָציאַליסטישע רעפּובליק אין דער וועלט. זי וועט שוין ניט שטאַרבען אַלס אַ נייערטיפּ פון שטאַאַט. זי איז ניט מעהר איינזאַם (מיונכען, אונגאַרן).

נאָך פיעל, זעהר פיעל פאָדערט זיך כדי צו ברענגען ביז'ן סוף די ארבייט פון סאָציאַליסטישען בויען. די סאָוועטען־רעפּובליקען פון די מעהר קולטורעלערע לענדער, וואו דער פּראָלעטאַריאַט האָט אַ גרעסערען געוויכט און איינפלוס, האָבן אַלע אויס־

זיכטען אריבערצויאָגען רוסלאַד, אויב נאָר זיי וועלען זיך שטעלען אויף דעם וועג פון פראָלעטארישער דיקטאטור.

אָבער די בורזשואזע דעמאָקראטיע האָט שוין אויסגעלעבט איהרע יאָהרען און אזוי אויך דער צווייטער איטערנאציאָנאל, נאָכ־דעם ווי ער האָט געענדיגט די נויטיגע ארבייט, צוצוגרייטען אין די ראמען פון דער בירגערליכער דעמאָקראטיע דעם פראָלעטאריאט צו זיין היסטאָרישער ראָל. די דעמאָקראטישסטע בירגערליכע רעפובליק איז קיינמאָל ניט מעהר געווען ווי א מאשין, צו אונטער־דריקען דעם פראָלעטאריאט. די „פרייהייט" פון דער בירגערליך־דעמאָקראטישער רעפובליק איז געווען א פרייהייט פון די ר י י כ ע. די פראָלעטאריער און די ארבייטער־פויערים האָבען זיך געמוזט באנוצען מיט איהר, כדי צו זאמלען די כחות צו צוברעכען די ממשלה פון קאפיטאל מיט דער בירגערליכער דעמאָקראטיע אינאיינעם. ג ע נ י ס ע ן פון אָט דער דעמאָקראטיע האָבען אָבער די ארבייטער אין ערגעץ ניט געקאָנט, אין דער צייט פון קאפיטאליזם. די סאָוועטישע אָדער פראָלעטארישע דעמאָקרא־טיע האָט צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע באשאפען אַן אמת'ע ד ע מ אָ ק ר א ט י ע פאר די מאסען.

עס איז נאָך קיינמאָל אין ערגיץ אין דער וועלט ניט געווען אזא מלוכה־מאכט פון דער מערהייט פון דער באפעלקערונג, ווי אזא אמת'ע מאכט אויף דער וואהר, ווי די סאָוועטען־מאכט. זי אונטערדריקט די „פרייהייט" פון די עקספּלואטאטאָרען און זייע־רע ארויסהעלפער, זי נעמט אוועק פון זיי די „פרייהייט" צו עקס־פּלואטירען, די „פרייהייט" צו קעמפען פאר דער צוריקאויפשטע־לונג פון דער מאכט פון קאפיטאל, די „פרייהייט" פון אָפּמאכען מיט דער בורזשואזיע אין אויסלאנד געגען די ארבייטער און פויערים אין דער היים.

ווער עס האָט ניט פארשטאנען פון לייענען מארקס'ן, אז אין יעדער צוזאמענשטויס, אין יעדען שארפען מאָמענט אונטער'ן קאַ־פּיטאליזם איז נאָר מעגליך ענטוועדער די בורזשואזע דיקטאטור אדער די פראָלעטארישע דיקטאטור, דער האָט איבערהויפּט גאָר ניט פארשטאנען מארקס'עס פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לעהרע.

15 אפּריל, 1919.

„אויף דעם וועג צו דער וועלט־רעוואָלוציע" — איז אַן אויסצוג פון לעניג'ס אַ רעדע אויף דעם צווייטען קאָנגרעס פון דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל. לעניג באַגרינדעט די **אומפאַרמיידליכקייט** פון דער וועלט־רעוואָלוציע אויף דער סומע באַדינגונגען, וואָס איז געשאַפען געוואָרען אלס אַ רעזולטאַט פון דער וועלט־מלחמה און פון דעם אַזוי גערופענעם ווערסאַלער פרידען און פעלקער־ליעג, וואָס האָבען כלומרשט געזאָלט מאַכען אַ סוף צו דער מלחמה און פארזיכערען דעם פרידען אויף דער וועלט. אין דער אמת'ען איז געשעהן דאָס אומגעקעהרטע. די מלחמה איז פאַקטיש ניט געענדיגט, דער פרידען איז נאָר אַן אויסערליכער. מעהר ניט די מיליטערישע זיעגער האָבען זיך אַליין איבערטראָפען און זיינען פאַקטיש געשלאָגען, ניט פיעל וועניגער פון די מיליטעריש באַזיעגטע. דער אימפעריאַליזם פון די זיעגער האָט, ווי יענע לעגענדאַרישע באַשעפעניש, אַליין אויפגעפרעסען איהרע אייגענע קינדער. אַ ביליאָן מיט אַ פערטעל מענשען, ס'הייסט זיבען צענטעל פון דער באַפעלקערונג פון דער וועלט, זיינען אונטערדריקט צו אַ פאָר לענדער, וואו עס פיהרען די גרענדע עטליכע אינדוסטריעלע און פינאַנץ מאַגנאַטען. און אָט די זיעגרייכע וועלט־רויבער האָבען זיך פארפלאָנטערט אין זייערע אייגענע נעצען. די וועלט איז שקלאַפעריי, אין הונגער און ליידען — דאָס איז דער סך הכל פון דער „מלחמה פאַר דעמאָקראַטיע און רעכט פון פעלקער". לעניג ווייזט אָן אויף די כחות, וואָס מאַכען די וועלט־רעוואָלוציע **אומפאַרמיידליך**. אָבער גלייכצייטיג וואָרנט ער געגען איבערטריבענע ערוואַרטונגען, אַז זי **מוז** געשעהן **באַלד**. ער זאָגט צו די פארזאַמעלטע רעוואָלוציאָנערען אויפ'ן קאָנגרעס פון דריטען אינטערנאַציאָנאַל, אַז בעת די **אומפאַרמיידליכקייט** פון דער וועלט־רעוואָלוציע איז אַן אָביעקטיווער פאַקט, וועלכען דער מענשליכער ווילען קאָן ניט באַזייטיגען, איז אָבער די **באַלדיגקייט** פון דער וועלט־רעוואָלוציע אָפהענגיג פון דער ענערגיע און ציעל־באַוואוסטקייט, מיט וועלכער די סאָציאַליסטען וועלען ארבייטען אין זייערע באַטרעפענדע לענדער. די רעוואָלוציאָנערע פארטייען און זייער אמת'ע און ערנסטע רעוואָלוציאָנערישקייט — ביי זיי ליגט דער שליסעל צו דעם היסטאָרישען מאָמענט. זיי מוזען וויסען ווי צו האַנדלען און ווען צו האַנדלען, און דער עיקר — מוזען זיי זיין גרייט צו האַנדלען, ניט בלויז — צו ריידען.

רעדאַקטאָר פון דער אידישער אויסגאַבע.

# אויף דעם וועג צו דער וועלט־רעוואָלוציע

(פון לעניג'ס רעדע צו דער ערעפנונג פון דעם צווייטען קאָנגרעס פון דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל).

דער באָדען פון דער גאנצער אינטערנאציאָנאַלער לאגע, ווי זי איז איצט, באשטעהט פון די עקאָנאָמישע פארהעלטניסען פון דעם אימפעריאַליזם. פאר די לעצטע צוואנציג יאָהר, פון סאמע אָנהויב פון דעם צוואנציגסטען יאָהרהונדערט, האָט די דאָזיגע נייע, העכסטע און לעצטע שטופע פון דעם קאַפּיטאַליזם באקומען א פאָלקאָם קלאָהרען און בולט'ען אויסדרוק. איהר ווייסט, נאַטירליך, אַלע, אז דער כאַראַקטעריסטישסטער און וועזענטליכסטער שטריך פון דעם אימפעריאַליזם באַשטעהט אין דעם אומגעהייער גרויסען מאַסשטאַב, אין דעם אומגעהייערען אומפאנג פון קאָנצענטרירטען קאַפּיטאַל. די מאָנאָפּאָליע אויף א ריזיגען מאַסשטאַב האָט פארנומען דעם פּלאַץ פון פריהערדיגער קאָנקורענץ. א קליינע צאָהל קאַפּיטאַליסטען זיינען געוועזן אימשטאַנד צו קאָנצענטרירען אין זייערע הענד גאַנצע אינדוסטריען, וועלכע האָבען אין די הענט פון די סינדיקאַטען און די טראָסטס אָנגענומען אן אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער. אזוי זיינען גאנצע אינדוסטריען, נישט נאָר אין איינצעלנע לענדער, נאָר אָפּט אין דער גאַנצער וועלט, פארוואנדעלט געוואָרען אין מאָנאָפּאָל־אייגענטום סיי אין באצוג צו באזיץ־רעכט, סיי אין באצוג צו פּראָדוקציאָנס־רעכט און סיי אין דעם פינאַנציעלען הינזיכט. אויף דעם דאָזיגען באָדען האָט זיך ענטוויקעלט א נייע פאָרם פון הערשאַפט — די הערשאפט פון א קליינער צאָהל גרויסע־באנקירען, פינאַנציעלע קעניגען, וועלכע האָבען אפילו די פרייעסטע רעפּובליקען פארוואנדעלט אין פינאַנץ־מאָנאַרכיען.

די דאָזיגע הערשאַפט פון א הייפעלע קאַפּיטאַליסטען האָט

דערגרייכט צו איהר פולסטער ענטוויקלונג, ווען דער גאַנצער ערד־קוגעל — נישט נאָר די קוואַלען פון רויע מאַטעריאַלען און די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, נאָר אויך די קאָלאָניען — איז פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרען צווישען די גרויס־קאַפּיטאַליסטען. מיט פערציג יאָהר צוריק האָט די צאָהל פון דער קאָלאָניאַלער באַפעלקערונג אונטער דער הערשאַפט פון א זעקס קאַפּיטאַליסטישע גרויס־מעכטע באַטראָפען עטוואָס מעהר ווי א פערטעל ביליאָן. פאַר דער מלחמה, אין 1914, האָט די צאָהל באַטראָפען כמעט 600 מיליאָנען, און ווען מיר זאָלען אריינרעכענען אזעלכע לענדער ווי פערזיען, טערקיי און כינא, וועלכע זיינען שוין דאַן געווען אין דער לאַגע פון האַלב־קאָלאָניען, דאַן באַקומט זיך די צאָהל פון א ביליאָן מענשען, וועלכע זיינען, צוליעב זייער קאָלאָניאַלער אָפּהענגיגקייט, אונטערדריקט געוואָרען פון די רייכסטע, ציוויליזירטסטע און פרייעסטע לענדער. איהר ווייסט דאָך, אז א חוץ דער דירעקטער, שטאַאַטליכער, רעכטליכער אָפּהענגיגקייט איז די קאָלאָניאַלע פאַרשקלאַפונג באַשטאַנען אויך פון א גאַנצער רייהע פינאַנציעלע און ווירטשאַפטליכע אָפּהענגיגקייטס־פאַרהעלטנישען, פון א גאַנצער רייהע מלחמות, וועלכע מען קען אפילו ניט באַטראַכטען פאַר מלחמות, ווייל זיי זיינען מעהרסטענטייל געווען נישט מעהר ווי אן איינפאַכע אויסשלאַכטונג פון אומבאַוואָפענטע שוצלאָזע איינוואוינער, וועמען די אייראָפּעאישע און אמעריקאנישע חילות האָבען געמאַרדעט מיט דער הילף פון די נייעסטע און פאָלקאָמענסטע פאַרניכטונגס־מיטלען.

פון דער דאָזיגער צוטיילונג פון דעם ערד-קוגעל, פון דער דאָזיגער הערשאַפט פון דער קאַפּיטאַליסטישער מאָנאָפּאָליע, פון דער דאָזיגער מאַכט פון א קליינער צאָהל גרויס־באַנקען—צוויי, דריי, פיער, פינף, נישט מעהר אין יעדען שטאַאַט — האָט אומפאַרמיידליך געמוזט ענטשטעהן די גרויסע אימפּעריאַליסטישע מלחמה. אין דער דאָזיגער מלחמה איז עס געגאַנגען אום א נייער איינטיילונג פון דער וועלט. די מלחמה איז געפיהרט געוואָרען אום צו ענטשיידען, וועלכע פון די קליינע גרופּען גרויס־מעכט — די ענגלישע אָדער דייטשע — זאָל האָבען די מעגליכקייט און דאָס רעכט צו עקספּלואַטירען און פּלינדערען די גאַנצע וועלט. איהר

ווייסט, אז די מלחמה האָט געלייזט די דאָזיגע פראגע צו גונסטען פון ענגלאנד, און דער רעזולטאַט פון דער דאָזיגער מלחמה איז אַ שטאַרקע פארשארפונג פון אַלע קאפיטאַליסטישע געגענזאַצען. די מלחמה האָט אַ פערטעל ביליאָן מענשען געבראכט אין אַ לאגע, וואס איז גאנץ עהנליך צו אַ קאָלאָניאלער לאגע — אַ פערטעל ביליאָן מענשען אין לענדער, וואָס אייניגע פון זיי געהערען צו די פארטגעשריטענסטע, געבילדעטסטע און קולטיווירטסטע אין דער וועלט, און שטעהען אין טעכנישען הינזיכט אויף דער העכסטער שטופע פון ענטוויקלונג. דער ווערסאַלער פריעדען האָט אויף פאָרגעשריטענע פעלקער ארויפגעצוואונגען באדינגונגען, וועלכע האָבען זיי אַוועקגעשטעלט אין אַ צושטאנד פון קאָלאָניאלער אָפּהענגיגקייט, פון אָרימקייט, הונגער, פארוויסטונג און רעכטלאָזיגקייט, ווייל דער אָפּמאך האָט זיי געבונדען הענט און פיס, פאר פיעלע דורות, און זיי געשטעלט אונטער פארהעלטנישען, וואָס קיין ציוויליזירט פאָלק איז נאָך ביז אַהער נישט אויסגעשטאַנען.

מיר זעהען פאר אונזערע אויגען דאָס פאָלגענדע בילד: נאָך דער מלחמה געפינט זיך פּלוצים אַ באַפעלקערונג פון אַ ביליאָן און אַ פערטעל אין אַ צושטאנד פון קאָלאָניאלער אָפּהענגיגקייט און מוז זיך לאָזען עקספּלואַטירען פון דעם קאפיטאליזם, וואָס האָט אַלע מאָל זיך באריהמט מיט זיין פריעדענס־ליעבע, און וואָס האָט, מיט פופציג יאָהר צוריק נאָך געהאַט דאָס רעכט צו באריהמען זיך מיט זיין פריעדליכקייט. דעמאָלט איז די וועלט נאָך נישט געווען איינגעטיילט צווישען קליינע גרופּען קאפיטאליסטען, און איז נאָך נישט געווען אונטער דער הערשאפט פון מאָנאָפּאָליען. דער קאפיטאליזם האָט נאָך דעמאָלט געקאָנט זיך ענטוויקלען פארהעלטניסמעסיג פריעדליך און אָהן גרויסע מיליטערישע קאָנפליקטען.

איצט האָבען מיר צו טאָן מיט נאָך אַ שטארקערער אונטערדריקונג, מיר זיינען צוריקגעקעהרט צו אַ קאָלאָניאלען און מיליטערישען יאָך, וועלכער איז פיעל ערגער ווי געווען.

דער ווערסאַלער שלום־אָפּמאך האָט אַוועקגעשטעלט דייטשלאנד און אַ רייהע אנדערע מלוכות אין אַזוינע פארהעלטניסען, וואָס מאכען אוממעגליך זייער ווירטשאפטליכע עקזיסטענץ; זיי זיינען

ערנידעריגט געוואָרען און אריינגעוואָרפען געוואָרען אין א צו-שטאנד פון רעכטלאָזיגקייט.

וועלכע פעלקער ציהען נוצען פון דעם ווערסאלער אָפּמאך? אום די דאָזיגע פראגע צו ענטפערען מוזען מיר געדענקען, אז די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא, דאָס איינציגע לאנד, וואָס האָט אין דער מלחמה בלויז געוואונען — ווייל אמעריקא איז פריער געווען א גרויסער בעל־חוב און איצט איז זי דער קרעדיטאָר פון אלע פעלקער, — אז אמעריקא האָט א באפעלקערונג פון בלויז הונדערט מיליאָן. יאפּאן, וועלכע האָט זעהר פיעל געוואונען פון דער מלחמה, וועלכע איז געשטאנען אָן א זייט אין דעם גרויסען אייראָפּעאיש־אמעריקאנישען צוזאמענשטויס און וועלכע האָט פארכאפּט א צאָהל אזיאטישע טעריטאריען—יאפּאן האָט א באפעלקערונג פון פופציג מיליאָן. ענגלאנד, וועלכע האָט, פון די איבעריגע לענדער, געוואונען אָם מעהרסטען, צעהלט א באפעלקערונג פון פופציג מיליאָן. ווען מיר רעכענען אריין די נייטראלע שטאאטען מיט א קלענערער באפעלקערונג, וועלכע זיינען רייך געוואָרען פון דער מלחמה, באקומען מיר די רונדע ציפער פון א פערטעל ביליאָן.

דאָס איז אין גרונד־שטריכען דאָס בילד פון דער וועלט נאָך דער אימפּעריאליסטישער מלחמה. א ביליאן און א פערטעל מענשען אין אונטערדריקטע קאָלאָניען; לענדער ווי פערזיען, טערקיי און כינא, וועלכע זיינען לעבעדיגערהייד צוטיילט געוואָרען אויף שטיקער; לענדער, וואס זיינען באזיגט געווארען און דאריבער געשטעלט געווארען אין דער לאגע פון קאָלאָניעס; און נישט מעהר ווי א פערטעל ביליאָן מענשען אין לענדער, וואָס זיינען פון דער מלחמה ארויסגעקומען גאנץ. די אלע לענדער געפינען זיך אָבער אין א עקאָנאָמישער אָפּהענגיגקייט פון אמעריקא, און בעת דער מלחמה האָבען זיי זיך אלע געפונען אויך אין מיליטערישער אָפּהענגיגקייט, ווייל די מלחמה האָט ארומגעכאפּט די גאנצע וועלט און ווירקליך נישט ערלויבט קיין לאנד צו בלייבען נייטראל. און מיר האָבען, שליסליך, נישט מעהר ווי א פערטעל ביליאָן באפעלקערונג אין לענדער, וואו, נאטירליך, נאָר דער אויבערשטער שיכט, נאָר די קאפּיטאליסטען, האָבען גענאָסען פון דער נייער איינטיילונג פון דער וועלט. (די באפעלקערונג פון דער גאנצער וועלט

באטרעפט א ביליאן מיט דריי פערטעל). איך שטעל זיך אפ אויף דעם דאָזיגען בילד פון דער וועלט, ווייל אלע פונדאמענטאלע גע־גענזאצען פון דעם קאפיטאליזם, פון דעם אימפעריאליזם, וואס פיה־רען צו רעוואָלוציע, אלע פונדאמענטאלע געגענזאצען אין דער אר־בייטער באוועגונג, וואס האבען געפיהרט צום ערביטערסטען קאמף געגען דעם צווייטען אינטערנאציאָנאל, — ווייל דאס אלעס איז פארקניפט מיט דער פארשפרייטונג פון דער באפעלקערונג אויף דער ערד.

די דאָזיגע ציפערען גיבען, נאטירליך דאס בילד פון דער וועלט בלויז אין אלגעמיינע שטריכען. גענאָסען, ס'איז זעלבסט־פארשטענדליך, אז דורך אזא צוטיילונג פון דער באפעלקערונג פון דער גאנצער וועלט איז די עקספלואטאציע פון פינאנץ־קאפיטאל געשטיגען כפלי כפליים. נישט נאר זיינען די באזיגטע קאלאָניאלע לענדער געבראכט געווארען צו א צושטאנד פון אפהענגיגקייט, נאר אויך אין יעדען לאנד האבען זיך ענטוויקעלט שארפערע גע־גענזאצען, האבען זיך אלע קאפיטאליסטישע געגענזאצען פאר־שארפט. איך וויל דאס אין קורצען באווייזען מיט איניגע ביי־שפיעלען.

לאָמיר, צום ביישפיעל, באטראכטען די מלחמה־שולדען. מיר ווייסען, אז די שולדען פון אייראָפּעאישע מלוכות זיינען פון 1914 ביז 1920 געשטיגען זיבען מאל אזוי פיעל. איך וויל דא אָנציי־גען אויף אן אינפארמאציאָנס־קוואל, וואס איז פון באזונדערער באדייטונג: דאס איז קעינס, אן ענגלישער דיפּלאָמאט, דער פארפאסער פון דעם בוך „די עקאָנאָמישע פאָלגען פון דעם פריע־דענס־אפמאך", וועלכער האט אויף דעם פארלאנג פון זיין רעגי־רונג אנטייל גענומען אין די ווערסאלער פריעדענס־פארהאנדלונ־גען און האט זיי געקאָנט פון דער נאָהענט באאָבאכטען, אָבער פאר־שטעהט זיך, פון דעם בורזשואזען שטאנדפונקט. ער האט די פרא־גע וועגען מלחמה שולדען גענוי שטודירט. אלס עקאָ־נאָמיסט קומט ער צו שלוסען, וואס זיינען שטארקער, אנשוייליכער און איבערצייגענדער אין זייער ווירקונג, ווי וועלכע עס איז שלוסען פון קאָמוניסטען און רעוואָלוציאָ־נערען, ווייל זיי שטאמען פון אן איבערצייגטען בורזשוא, פון אן

ענטשלאָסענעם געגנער פון דעם באָלשעוויזם, פון וועלכען ער האָט, ווי יעדער ענגלישער בורזשוא, א שרעקליכע פאָרשטעלונג. קעינס איז געקומען צום שלום, אז דער ווערסאַלער פריעדען האָט אוועקגעשטעלט אייראָפּא און די גאַנצע וועלט אויף דעם שוועל פון באַנקראָט. קעינס האָט זיין בוך געוואָרפען אין קאָפּ אריין דער ענגלישער רעגירונג און געזאָגט: „וואָס איהר טוט איז וואַהנזין!"

איך וויל דאָ אָנצייגען אויף אייניגע ציפערען און פאַקטען, וואָס באַלייכטען די פראַגע.

וועלכע שולדען־באַציהונגען עקזיסטירען צווישען די גרויס־מעכטע? איך רעכען דאָס פונט סטערלינג אין גאָלדענע רובעלס, 10 רובעל א פונט סטערלינג. מיר באַקומען דאָס פאָלגענדע בילד: די פאַראייניגטע שטאַאַטען פאַרמאָגט 19 ביליאָן און איז גאָר־נישט ניט שולדיג. פאַר דער מלחמה איז אמעריקא געווען דער בעל חוב פון אייראָפּא. געגאָסע לעווי האָט אויף דעם לעצטען צוזאַמענפאָהר פון דער דייטשער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דעם 14טען אַפּריל, 1920, אין זיין רעפעראַט גאַנץ ריכטיג אָנגעוויזען אויף דעם, אז ס'זיינען פאַרבליבען בלויז צוויי מלוכות, וואָס זיי־נען איצט, נאָך דער מלחמה, זעלבסטשטענדיג — אמעריקא און ענגלאַנד. אין פינאַנציעלען הינזיכט איז בלויז אמעריקא אין גאַנצען זעלבסטשטענדיג. פאַר דער מלחמה איז זי שולדיג גע־ווען געלט און איצט זיינען אַלע איהר שולדיג. אַלע אנדערע מלוכות אין דער וועלט זיינען בעלי חובות. ענגלאַנד פאַרמאָגט 17 בי־ליאָנען און איז שולדיג 8 ביליאָנען, און אין די 17 ביליאָנען זיינען אריינגערעכנט די 6 ביליאָנען, וואָס איהר קומט פון רוסלאַנד. אויך ווערען די מלחמה־מאַטעריאַלען, וואָס רוסלאַנד האָט געקראָגען, פאַררעכענט אַלס חובות.

אין קורץ, ווי קראַסין, אַלס דער פאַרטרעטער פון דער סאָוועט־רעגירונג, האָט אין א געשפּרעך מיט ללאָיד דזשאָרדזש אָנגעוויזען, האָבען די ענגלישע פּאָליטיקער, געלעהרטע און פיהרער א טעות, ווען זיי דענקען אויפצומאָנען ביי רוסלאַנד דאָס געלט. דעם דאָ־זיגען טעות האָט דער ענגלישער דיפּלאָמאַט קעינס שוין לאַנג אויפ־געדעקט. עס האַנדעלט זיך, נאַטירליך, נישט נאָר וועגען דעם.

וואָס די רוסישע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג וויל נישט באַצאָהלען די חובות; קיין רעגירונג וואָלט זיי נישט געקאנט באַצאָהלען, ווייל אין די דאָזיגע חובות איז אויף א וואוכערישען אופן צוזאמענגערעכענט אלצדינג, וואס איז שוין צוואנציג מאָל באַצאָהלט געוואָרען. דער זעלבער בורזשוא קעינס, וועלכער סימפּאטיזירט גאָר נישט מיט דער רוסישע רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זאָגט: „נאַטירליך דארפען די דאָזיגע חובות נישט אריינגערעכענט ווערען".

וואָס אנבאַלאַנגט פראנקרייך, ברענגט קעינס די פאָלגענדע ציפערען: זי פארמאָגט 3½ ביליאָנען און איז שולדיג 10½, און דאָס — אין דעם לאנד וואָס פלעגט זיך באַריהמען, אז ס'איז דער באַנקירער פון דער גאַנצער וועלט. דער קאָלאָניאַלער און פינאַנציעלער רויב, וואס האָט פראנקרייך אריינגעבראכט א גרויסען קאפּיטאַל, האָט איהר געגעבען די מעגליכקייט צו לייען ביליאָנען נאָך ביליאָנען, באַזונדערס צו רוסלאַנד. די דאָזיגע אנלייען זיינען פאר פראנקרייך געווען זעהר א גוט געשעפט, און דאָך איז זי איצט, נאָך דער מלחמה, אין דער לאגע פון א בעל חוב. לויט א בורזשואזען אמעריקאנעם קוואל, וואָס דער קאָמוניסט בריאן האָט ציטירט אין זיין בוך „ווער זאָל באַצאָהלען די מלחמה קאָסטען?" באַטרעפען די חובות פון די איינצעלנע לענדער די פאָלגענדע פּראָצענטען פון זייערע נאַציאָנאַלע פארמעגענס: אין די זיעגרייכע לענדער, ענגלאנד און פראנקרייך, באַטרעפען די חובות מעהר ווי 50% פון דעם נאַציאָנאַלען פארמעגענס: אין איטאַליע — פון 60% ביז 70%; אין רוסלאנד — ארום 90%. אָבער ווי איהר ווייסט, קימערען מיר זיך נישט וועגען די חובות, ווייל מיר האָבען געפּאָלגט קעינס'עס עצה נאָך איידער זיין בוך איז ערשיענען — מיר האָבען אָפּגעמעקט אונזערע חובות.

דאָך צייגט זיך ארויס, אז אויך קעינס באַזיצט די געוועהנליכע אייגענשאפט פון דעם דורכשניטליכען בורזשוא, דעם פיליסטער. ער ראט צו אנולירען די חובות און זאָגט, אז פראנקרייך וועט דורכדעם, נאַטירליך, גאָר געווינען, ענגלאַנד — נישט פיעל פארלירען, ווייל פון רוסלאנד קאן מען סיי ווי סיי זעהר ווענינ ארויסדריקען; אמעריקא וועט פיעל פארלירען, אָבער אייראָפּא פארלאָזט זיך אויף דעם אמעריקאנעם „עדעל-מוט". אין דעם דאָ־

זיגען הינזיכט געהען אונזערע אנזיכטען זיך פאנאנדער מיט קעינס׳ען און אַנדערע בורזשואזע פּאַציפיסטען. מיר דענקען, אַז אום צו קאַנען אַנולירען די חובות דאַרף מען געהן אין אַן אַנדער ריכטונג, מוז מען ווארטען אויף עפּעס אַנדערש, ווי אויף „עדעל־מוט" פון די הערען קאַפּיטאַליסטען.

פון די אויבען אַנגעגעבענע ציפערען איז גרינג צו זעהן, אַז די אימפּעריאַליסטישע מלחמה האָט אויך פאַר די זיעגרייכע לענדער באַשאַפען אַן אוממעגליכע לאַגע. דערפון נעהמט זיך אויך דער אומשטאַנד, וואָס אין אַלע לענדער זיינען די שכירות אַזוי הינ־טערשטעליג אין באַצוג צו די הויכע פּרייזען אויף לעבענס־מיטלען. דער אַלערהעכסטער עקאָנאָמישער ראַט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אינסטיטוציע, וועלכע זוכט צו באַשיצען די בורזשואזע אָרד־נונג אויף דער גאַנצער וועלט געגען דער שטייגענדער רעוואָלוציע, האָט דעם 8טען מערץ, אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע ענ־דיגט זיך מיט אַן אויפרוף צו אַרבייט, אָרדנונג און שפּאָרזאַמקייט, נאַטירליך, אונטער דער באַדינגונג, אַז די אַרבייטער זאָלען פאַר־בלייבען די שקלאַפען פון קאַפּיטאַל. דער דאָזיגער אַלערהעכסטער ראַט, דער אָרגאַן פון די עלאַיס, פון די קאַפּיטאַליסטען פון דער גאַנצער וועלט, גיט אָן די פאָלגענדע ציפערען:

די לעבענס־מיטלען זיינען אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען געשטיגען דורכשניטליך 120 פּראָצענט און די שכירות — 100 פּראָצענט; אין ענגלאַנד זיינען די לעבענס־מיטלען געשטיגען 170% און די שכירות — 130%; אין פראַנקרייך — די לעבענס־מיטלען 300% און די שכירות 200%; אין יאַפּאַן — די לעבענס־מיטלען 130%, די שכירות 66%.

ס׳איז קלאָר, אַז ביי אַזאַ לאַגע איז עס אוממפּאַרמיידליך, אַז ס׳זאָל שטייגען און וואַקסען די אונצופריעדענהייט פון די אַר־בייטער, די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען און אידעען, די סטיכישע מאַסען־סטרייקס; ווארום די לאַגע פון די אַרבייטער ווערט אונ־ערטרעגליך; די אַרבייטער איבערציייגען זיך פון ערפאַהרונג, אַז די קאַפּיטאַליסטען זיינען פון דער מלחמה רייכער געוואָרען און די חובות האָבען זיך אַרויפגעלייגט אויף די פּלייצעס פון די אַר־בייטער. מיר האָבען נישט לאַנג צוריק ערהאַלטען אַ טעלעגראַפי־

שען באריכט, אז אמעריקא קלייבט זיך ארויסצושיקען אין רוס־לאנד נאך 500 קאמוניסטען, כדי פּטור צו ווערען פון „שעדליכע אגיטאטארען". ווען אמעריקא זאל ארויסשיקען נישט 500 נאר גאנצע 500,000 רוסישע, אמעריקאנישע, פראנצויזישע, יאפּאנע־זישע אגיטאטארען, וואלט דאס די לאגע אויף א האר נישט גע־ענדערט, ווייל דאס נישט־שטימען צווישען די לעבענס־מיטלען און די שכירות, דער גרויסער יקרות און נישט־גענוגענדע פאר־דיענסטען, דאס איז אמעריקא נישט בכח צו ענדערען, און — דאס וועט פארבלייבען און קאן נישט דעפּארטירט ווערען. דאס קאן זי נישט ענדערען, ווייל דאס פריוואט אייגענטום ווערט דארט שטרענג אפּגעהיט, ווייל ס'איז „הייליג"; דאס דארף נישט פאר־געסען ווערען, ווייל דאס פּריוואט אייגענטום פון די עקספּלואטא־טארען איז באזיגט בלויז אין רוסלאנד. די דאזיגע פּראפּארציע צווישען לעבענס-מיטלען און פּרייזען קענען די קאפּיטאליסטען נישט ענדערען, אבער די ארבייטער קאנען אונטער אזעלכע אומ־שטענדען נישט לעבען. דער דאזיגער איבעל קאן נישט באקעמפּט ווערען מיט די אלטע מיטלען; נישט דורך איינצעלנע סטרייקס, נישט דורך פּארלאמענטארישען קאמף און נישט דורך אפּשטימונגען קאן דא וואס עס איז דערגרייכט ווערען, ווייל דאס פּריוואט איי־גענטום איז „הייליג", און די קאפּיטאליסטען האבען אנגעמאכט אזעלכע חובות, אז די גאנצע וועלט איז פארשקלאפט פון א היי־פעלע מענשען. די לעבענס באדינגונגען פון די ארבייטער ווערען אבער אונערטרעגליכער מיט יעדען טאג. ס'איז דא בלויז איין אויסוועג — די באזייטיגונג פון דעם פּריוואט איינענטום פון די עקספּלואטאטארען.

גענאסע לאלינסקי האט אין זיין בראשור „ענגלאנד און די וועלט רעוואלוציע" אנגעוויזען אויף דעם פאקט, אז אין ענגלאנד איז די עקספּארט פּרייז פון קוילען פאררדאפּעלט געווארען און די קויל־מאגנאטען האבען ממש געשארט גאלד. אין לאנקשיר איז עס אזוי ווייט געקומען, אז אקציעס (שערס) זיינען געשטיגען 400%. די באנקען ווייזען א מינימום איינקונפט פון 40% ביז 50%, און מען מוז דערביי האבען אין זינען, אז די באנקירען ווייסען ווי אזוי צו באהאלטען די גרעסטע טייל פון זייערע פּראפיטען אונטער

פאַרשיעדענע בוכהאַלטערישע אויסריידען און פאָרמאַליסטישע דריידלעך. אויך דאָ, אַלזאָ, צייגען די עקאָנאָמישע פאַקטען, אַז דאָס רייכטום פון אַ הייפעלע מענשען איז געשטיגען אונגעהויער הויך, אַז דער לוקסוס איבערשטייגט אַלע גרעניצען און צו דער זעלבער צייט ווערט די נויט פון דעם ארבייטער קלאַס אַלץ גרעסער און גרעסער. ס'איז באַזונדערס ווערט צו באַמערקען נאָך אַן אומשטאַנד, וואָס גענאָסע לעווי האָט אַזוי קלאָר אָנגעצייכענט אין זיין אויבענדערמאָנטען רעפעראַט; דאָס איז די ענדערונג פון דעם ווערט פון געלד. צוליעב די גרויסע חובות, ביליאָנען פאַפיר געלט, א. ז. וו., האָט דאָס געלט איבעראַל אָנגעוואָרען דאָס גרעסטע טייל פון זיין ווערט. דער זעלבער ברזשואַזער קוואַל, וואָס איך האָב שוין פריהער דערמאָנט, דער אַלערהעכסטער עקאָנאָמישער ראָט, האָט אין אַן ערקלעהרונג פון 8טען מערץ, 1920, אָנגעוויזען, אַז אין ענגלאַנד האָט דאָס געלט, אין פאַרגלייך מיט דעם דאָלאַר, אָנגעוואָרען אַ דריט חלק פון זיין פריהערדיגער ווערט; אין פראַנקרייך און איטאַליען — צוויי דריטעל, און אין דייטשלאַנד ארום 96 פראָצענט.

די דאָזיגע פאַקטען באַווייזען, אַז דער מעכאַניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט־ווירטשאַפט האַלט ביים פאַנאַנדערפאַלען. די האַנדעלס־באַציהונגען, וואָס בילדען דעם באָדען פאַר דעם קויפען פון רויע מאַטעריאַלען און פאַרקויפען פון פאַבריצירטע סחורות, קאַנען, אונטער אַזעלכע אומשטענדען, נישט אָנגעהאַלטען ווערען. זיי קאַנען נישט אָנגעהאַלטען ווערען אויף דעם באָדען פון דער פאַראַרימטקייט פון אַ גאַנצע רייהע לענדער, ווייל דאָס ווערט פון געלט האָט זיך געענדערט. איין רייך לאַנד קאַן נישט עקזיסטירען, קאַן נישט אָנפיהרען קיין גרויס האַנדעל, ווייל ס'קאַן נישט פאַרקויפען זיינע סחורות און קאַן נישט קריגען קיין רויע מאַטעריאַלען.

און אַזוי ארום קומט אויס, אַז אמעריקאַ, אַט דאָס אונגעהייער רייך לאַנד, פון וועמען אַלע לענדער זיינען אָפּהענגיג, קאָן נישט קויפען און נישט פאַרקויפען. און דער זעלבער קעינס, וועלכער האָט נאָכגעפאָלגט און שטודירט אַלע ווערסאַלער פריעדענס-פאַרהאַנדלונגען, איז געצוואונגען צו אָנערקענען די דאָזיגע

אוממעגליכקייט, טראָץ זיין פעסטער ענטשלאָסענהייט צו פּארטיי־דיגען דעם קאפּיטאליזם און טראָץ זיין גרויסען האַס געגען באָלשע־וויזם. פאַרבייגעהענדיג וויל איך באַמערקען, אַז נאָך מיין מיינונג איז קיין איינציגער קאָמוניסטישער אָדער אַזוי רעוואָלוציאָנערער אויפרוף נישט אַזוי שטאַרק ווי די שטעלען אין קעינס׳עס בוך, וואו ער שילדערט ווילסאָנ׳ען און דעם ווילסאָניזם. ווילסאָן איז געווען דער אָפּגאָט פון די דורכשניטליכע בורזשואַ און פּאציפיסטען, ווי, צום ביישפּיעל, קעינס, אַ רייהע העלדען פון צווייטען אינטער־נאַציאָנאל און זאָגאר פון דעם „צוויי און אַ האלבען" אינטערנאַ־ציאָנאל, ביי וועמען די „14 פונקטען" זיינען געווען הייליג און וועלכע האָבען זאָגאר געשריבען „געלעהרטע" ביכער איבער די „וואָרצלען" פון ווילסאָנ׳ס פּאָליטיק, אין דער האָפנונג, אַז ווילסאָן וועט רעטען די „סאָציאַלע וועלט", וועט מאַכען שלום צווישען די עקספּלואַטאַטאָרען און די עקספּלואַטירטע און וועט פּאַרווירקליכען ווייטגעהענדע סאָציאַלע רעפאָרמען. קעינס ווייזט אָן, ווי ווילסאָן איז ענדליך געמאַכט געוואָרען צום נאַר און ווי אַלע אילוזיעס זיי־נען געמאַכט געוואָרען צו גאָרנישט ביי דער ערשטער באַריהרונג מיט דער זאַכליכער, געשעפטסמעסיגער, קרעמערישער קאַפּיטאַ־ליסטישער פּאָליטיק, וואָס איז אָנגעפיהרט געוואָרען פון די העררען קלעמאַנסאָ און ללאָיד דזשאָרדזש. די ארבייטער מאַסען לערנען איצט פון דער ערפאַהרונג פון זייערע אייגענע לעבענס וועגען וויל־סאָניזם און ווילסאָן דעם משיח. אָבער די געלעהרטע פּעדאַנטען וועלען אין קעינס׳עס בוך געפינען דעם באַווייז, אַז די „וואָרצלען" פון ווילסאָנ׳ס פּאָליטיק זיינען געווען נישט מעהר ווי קליין־בור־זשואַזע פראַזען, וואָס זיינען געווען געריכטעט געגען דער אידעע און דעם עצם פון קלאַסענקאַמף.

פון דעם אלעמען קאַן מען ציהען צוויי וויכטיגע און פונדאַ־מענטאלע שלוסען: ערשטענס, איז די נויט און אָרימקייט פון די מאַסען געשטיגען אוממעהייער הויך, און דאָס ריהרט אָן אַ ביליאָן און אַ פערטעל מענשען, ד. ה. 70 פּראָצענט פון דער גאַנצער וועלט־באַפעלקערונג. אַהער געהערען די „אומאָפּהענגיגע" קאָלאָניאַלע לענדער, וואָס זייערע באַפעלקערונגען זיינען געמאַכט געוואָרען רעכטלאָז; לענדער איבער וועלכע די פינאַנץ־רויבער האָבען באַ־

קומען אַ מאַנדאַט, א. ז. וו. די פאַרשקלאַפונג פון די באַזיעגטע לענדער איז דורך דעם ווערסאַלער פריעדען נאָך שטאַרקער געוואָרען, און די געהיימע אָפּמאַכען, וואָס באַציהען זיך אויף רוסלאַנד, האָבען פּונקט אַזאַ ווערט און באַדייטונג, ווי דאָס פּאַפּירעל, אויף וועלכען ס׳איז אָנגעשריבען, אַז מיר זיינען שולדיג אַזוי פיעל און אַזוי פיעל ביליאָנען. דאָס איז צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע, אַז ס׳ווערט געגעבען די געזעצמעסיגע הסכמה אויף דער פּאַרשקלאַפונג, פּלינדערונג, הונגער, נויט און אָפּהענגיגקייט פון אַ ביליאָן און אַ פערטעל מענשען. פון דער אַנדער זייט זיינען די אַרבייטער אויך אין די איבעריגע, רייכע לענדער אין אַן אונערטרעגליכער לאַגע. די מלחמה האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַן אונערהערטע פאַרשאַרפונג פון די קאַפּיטאַליסטישע געגענזאַצען; דאָס איז די אורזאַך פון דעם טיעפען רעוואָלוציאָנערען ברויזען, וואָס האַלט אין איין וואַקסען, ווייל בעת דער מלחמה האָט איבעראַל געהערשט מיליטערישע דיסציפּלין און די מענשען האָבען זיך געמוזט וואַרפען פאַר די קאַנאָנען, אַניט האָט זיי געדראָהעט אַ באַלדיגע מיליטערישע שטראָף.

אין דער מלחמה איז עס געווען אוממעגליך זיך נעהענטער צוצוקוקען צו דער ווירקליכקייט פון דעם קאָמוניסטישען שטאַנדפּונקט. שרייבער, קינסטלער, גייסטליכע, די גאַנצע פּרעסע — אַלע האָבען דערהויבען, גלאָריפיצירט די מלחמה. אבער איצט, ווען די מלחמה איז געענדיגט, האָבען זיך אָנגעהויבען צו באַווייזען פּנים׳ער אָהן די מאַסקען. דער דייטשער אימפּעריאַליזם האָט אַרונטערגענומען זיין מאַסקע אין דעם ברעסט־ליטאָווסקער פריעדען. אָהן אַ מאַסקע שטעהט פאַר אונז דער ווערסאַלער פריעדען, וועלכער האָט געזאָלט באַדייטען דעם זיעג פון דעם אימפּעריאַליזם און איז געוואָרען די נידערלאַגע פון דעם אימפּעריאַליזם. קעינס׳עס ביישפּיעל ווייזט ווי צעהנדליגע און הונדערטער טויזענדער מענשען פון דעם קליין־בירגערטום, פון דער אייראָפּעאישער און אַמעריקאַנער אינטעליגענץ האָבען געמוזט באַטרעטען דעם זעלבען וועג. קעינס האָט פרייוויליג זיך צוריקגעצויגען פון דער דיענסט און געוואָרפען זיין רעגירונג דאָס בוך אין קאָפּ אריין, און אויפגעהויבען שווערע קלאַגען געגען דער רעגירונג. קעינס האָט

אויסגעדריקט דאָס, וואָס ס'קומט פאָר און ס'וועט פאָרקומען אין די מוחות פון טויזענדער און טויזענדער מענשען נאָך דעם ווי זיי האָבען, און וועלען האָבען, באגריפען, אז די אלע רייד וועגען א „באפרייאונגס-מלחמה”, א. ז. וו., זיינען געווען נישט מעהר ווי ליגען און באטרוג, אז בלויז א קליין הייפעלע מענשען זיינען דורך דער מלחמה רייך געוואָרען און אז די הונדערטע מיליאָנען „היי־מענלאָזע” זיינען אריינגעוואָרפען געוואָרען אין א צושטאנד פון נויט און עלענד.

דער בורזשוא קעינס זאָגט, אז די ענגלענדער, אום צו רע־טען זייערע לעבענס, זייער ווירטשאפט, מוזען זעהן, אז די האנ־דעלס־באציהונגען צווישען דייטשלאנד און רוסלאנד זאָלען צוריק אויפגעשטעלט ווערען. און ווי אזוי קאן דאָס געטאָן ווערען? דאָ מאכט קעינס דעם פאָרשלאג צו אנולירען די חובות! דער דאָ־זיגער געדאנק געהערט נישט בלויז צום געלעהרטען עקאָנאָמיסט קעינס, ער איז פון מיליאָנען מענשען אויסגעדריקט געוואָרען. דער בורזשואזער עקאָנאָמיסט באהויפּטעט, אז ס'איז נישטאָ קיין אנ־דער וועג, ווי אנולירען די חובות און דאריבער — „א פלוך אויף די באָלשעוויקעס!” (וועלכע האָבען אנולירט די חובות), מיר וועלען זיך פארלאָזען אויף אמעריקא'ס „עדעל־מוט”. איך בין מיט דער מיינונג, אז דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל דארף שיקען א דאנק־אדרעס צו די עקאָנאָמיסטען, וואָס אגיטירען אזוי גוט פאר דעם באָלשעוויזם.

ווען פון איין זייט איז די עקאָנאָמישע לאגע פון די ארביי־טער געוואָרען אונערטרעגליך, און פון דער אנדערער זייט האָט זיך אָנגעהויבען און וואקסט דער פּראָצעס פון צוזאמענפאלען אין די עטליכע זיעגרייכע לענדער, ווי קעינס צייגט אָן, ווערען אָבער דורך דעם רייפער און שטארקער די פאָרבאדינגונגען פאר דער וועלט רעוואָלוציע.

מיר האָבען איצט פאר אונזערע אויגען א מעהר אָדער ווייניגער פאָלשטענדיג בילד פון דער וועלט. מיר ווייסען וואָס ס'באדייטעט די אָפּהענגיגקייט פון א ביליאָן און א פערטעל מענשען, וועלכע זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרען אין אוממעגליכע עקזיסטענץ־באַ־

דינגונגען פון א חייפעלע רייכע און רייך־געוואָרענע. ווען די וועלט האָט געקראָגען במתנה דעם אָפּמאך וועגען דער נאציאָנען־ליגע, וועלכע האָט געזאָלט מאכען א סוף צו אלע מלחמות און איינשטעלען אייביגען שלום אויף דער ערד, — ווען דער זיעגרייכער אָפּמאך, די לעצטע האָפנונג פון די אויסגעמוטשעטע מאסען, איז אריין אין קראפט, איז עס געוואָרען קלאָר, אז ער איז ערשט א זיעג פאר אונז. מען פלעגט אונז זאָגען: מען קאָן נישט אוועקשטעלען אזא לאַנד ווי דייטשלאַנד אונטער באזונדערע אומגינסטיגע באדינגונגען; ווען דער אָפּמאך וועגען דער נאציאָנען־ליגע וועט אריין אין קראפט וועט איהר זעהן, ווי אלעס וועט זיך אויסלאָזען צו גוטען. אָבער ווען דער אָפּמאך איז פארעפענטליכט געוואָרען, זיינען אפילו די ביטערסטער געגנער פון באָלשעוויזם געווען געצוואונגען צו פארדאַמען אזא אפמאך. ווען דער אפמאך איז פארעפענטליכט געווארען, האָט זיך ארויסגעוויזען, אז די קליינע גרופע רייכע לענדער, פארטראָטען פון די הערען ווילסאָן, קלעמאַנסאָ, ללאָיד דזשאָרדזש און אָרלאַנדאָ, זיינען באאויפטראגט ארייינצושטעלען נייע באציהונגען אין דער וועלט. און אז מען האָט געוואָלט „לאָזען געהן" די אָפּמאך־מאשין, האָט זיך ארויסגעוויזען, אז זי קאָן זיך נישט א ריהר טאָן. דאָס האָבען מיר אָם קלאָרסטען געזעהן אין דער מלחמה געגען רוסלאַנד. דאָס שוואכע, צובראָכענע רוסלאַנד, דאָס ריקשטעהענדע רוסלאנד — געגען אלע פעלקער, געגען דעם פארבאנד פון די רייכסטע שטאאטען און מעכטע, וואָס באהערשען די גאנצע וועלט, און דאָך איז רוסלאַנד ארויס דער זיעגער. מיר זיינען נישט געווען אימשטאנד ארויסצושטעלען א גלייכע מאכט געגען זייערער, און דאָך איז דער זיעג אויף אונזער זייט. פארוואָס? ווייל ביי זיי האָט אינגאנצען געפעהלט איינהייט, ווייל איין מאכט האָט געהאנדעלט געגען דער אנדערער. פראַנקרייך האָט געוואָלט אז רוסלאנד זאל איהר באצאָהלען די חובות און זאָל ווערען א שרעקענס־פיגור פאר דייטשלאַנד. ענגלאַנד האָט געוואָלט צוטיילען רוסלאנד. ענגלאנד האָט געזוכט ארייינצוקריגען פאר זיך נאפט קוואַלען פון קאווקאז, און האָט געפּרוּווט שליסען אָפּמאכען מיט די גרעניץ־טעריטאָריען פון רוסלאַנד. אין ענגלישע אָפיציעלע דאָקומענטען ווערען מיט אויסערגעוועהנליכער פינקטליכקייט אויסגע־

רעכענט אַלע שטאַאטען (פערצעהן אין צאָהל), וואָס האָבען אין דעם צווייטען האַלב־יאָהר פון 1919 פאַרשפּראָכען צו עראָבערען מאָסקווע און פעטראָגראַד. אויף די דאָזיגע שטאַאטען און זייער פאַרשפּרעכען האָט ענגלאַנד אויפגעבויט איהר רוסישע פּאָליטיק. די דאָזיגע שטאַאטען האָט ענגלאַנד געגעבען הלוואות פון מיליאָנען און מיליאָנען. איצט אָבער איז אָט די גאַנצע פּאָליטיק צו־שמעטערט געוואָרען. דאָס איז די לאַגע, וואָס די נאַציאָנען־ליגע האָט באַשאַפען. יעדער טאָג וואָס דער דאָזיגער אָפּמאַך עקזיס־טירט, איז אַ שטיק אַגיטאַציע פאַר דעם באָלשעוויזם, ווייל די מעכטיגסטע אָנהענגער פון דער קאַפּיטאַליסטישער „אָרדנונג" צייגען, אַז אין יעדער פראַגע רייסען זיי זיך צוליעב אַ ביין. איבער דער צוטיילונג פון טערקיי, פערזיען, מעסאָפּאָטאַמיע און כינא, האָט זיך צווישען יאַפּאַן, ענגלאַנד, אַמעריקא און פראַנקרייך צו־פלאַקערט אַ שטורמישער קאַמף. די בורזשואַזע פּרעסע פון די דאָזיגע לענדער איז פול מיט ווילדע אַנגריפען געגען זייערע קאָלע־גען, ווייל זיי לאַטכענען אוועק פאַר זיי אין די אויגען דעם גע־מיינשאַפטליכען רויב. אין דעם דאָזיגען הייפעלע רייכע לענדער זעהען מיר אַ פאָלשטענדיגע מחלוקת און ברוך. פאַר אַ ביליאַן און אַ פערטעל מענשען איז עס אוממעגליך צו פיהרען אַ לעבען, וואָס דער „פּאָרגעשריטענער" און ציוויליזירטער קאַפּיטאַליזם צווינגט אויף זיי אַרויף, און ס'האַנדעלט זיך דאָ וועגען 70% פון דער וועלט־באַפעלקערונג. אָבער די קליינע גרופּע פון די רייכסטע לענדער, ענגלאַנד, אַמעריקא און יאַפּאַן, וועלכע האָבען געהאַט די מעג־ליכקייט צו פּלינדערען די אַזיאַטישע לענדער און וועלכע האָבען אָבער נישט קיין זעלבסטשטענדיגע פינאַנציעלע אָדער מיליטערישע מאַכט אָהן דעם הילף פון די איבעריגע, — די דאָזיגע צוויי אָדער דריי לענדער זיינען נישט אימשטאַנד צו רעגולירען זייערווירט־שאַפטליך לעבען, און די פּאָליטיק פון דער נאַציאָנען־ליגע איז געריכטעט איינער געגען צווייטען. פון דאַנען באַקומט זיך דער וועלט קריזיס, און די דאָזיגע עקאָנאָמישע וואָרצלען פון דעם קריי־זיס זיינען הויפּטזעכליך פאַראַנטוואָרטליך פאַר די גלענצענדע ער־פּאָלגען, וואָס דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט צו פאַר־צייכנען אין דער קורצער צייט פון זיין קיום.

גענאָמען, מיר זיינען איצט צוגעקומען צו דער פראַגע פון רעוואָלוציאָנערען קריזיס אַלס אַ גרונדלאַגע פון אונזער רעוואָלוציאָנערער ארבייט און דאָ מוז צום אַלעם ערשט קלאָהר געמאכט ווערען צוויי זעהר פארשפרייטע פעהלערען. ערשטענס, ווערט דער דאָזיגער קריזיס פון די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטען פאָרגעשטעלט אַלס איינפאכע „אונרוהיגקייט", ווי די ענגלענדער דריקען זיך אַזוי שעהן אויס. צווייטענס, ווערען די רעוואָלוציאָנערען אָפטמאָל אויפגעפאָדערט צו באַווייזען, אַז פון דעם דאָזיגען קריזיס איז פאר דער קאפיטאליסטישער וועלט נישטאָ קיין אויסגאנג.

דאָס איז אַ פעהלער. די לאַגע איז נישט אבסאָלוט אויסגאנגסלאָז. די בורזשואזיע באַנעהמט זיך ווי אַ פרעכער רויבער, וואָס האָט פארלאָרען דעם קאָפּ, זי באַגעהט איין נארישקייט נאָך דער צווייטער, פארשארפט די לאַגע און פארשנעלט איהר אייגענעם סוף. דאָס אַלעם איז ריכטיג. אָבער ס'קאָן נישט „באַווייזען ווערען", אז ס'איז נישטאָ פאר איהר קיין מעגליכקייט ווידער צו באַרוהיגען אַ באַשטימטען טייל פון איהרע עקספּלואַטירטע מאסען דורך פארשיעדענע הנחות, אָדער אז זי קאָן נישט דערשטיקען אַ באַוועגונג אָדער אַן אויפשטאנד פון אַ באַשטימטען טייל פון די מאַסען. צו „באַווייזען" די אבסאָלוטע אויסוועגלאָזיגקייט — דאָס וואלט געווען אַ שטיק בטלנות אָדער אַ שפּיעל מיט ווערטער און באַגריפען. דער אמת'ער באַווייז פאר אַזעלכע און עהנליכע פראַגען קאָן געגעבען ווערען בלויז פון דער ווירקליכקייט.

די בורזשואַזע געזעלשאַפט פון דער גאַנצער וועלט מאַכט איצט דורך אַ רעוואָלוציאָנערען קריזיס. איצט דאַרף עס דורך דער פּראַקטיק פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען „באַוויזען" ווערען, אַז זיי זיינען גענוג קלאַסענבאַוואוסט, אָרגאַניזירט און ענטשלאָסען, אַז זיי שטעהען אין נאָהענטער, אינערליכער פאַרבינדונג מיט די עקספּלואַטירטע מאַסען אום אויסצונוצען דעם דאָזיגען קריזיס פאַר אַן ערפאָלגרייכער און זיעגרייכער רעוואָלוציע.

צוצוגרייטען די דאָזיגע „באַווייזען" — דאָס איז דער הויפּט צוועק פון אונזער צוזאַמענקומען אויף דעם קאָנגרעס פון דעם קאָמוניסטישען אינטערנאַציאָנאַל.

אלס א ביישפּיעל פון דעם ווי צווישען די פּארטייען, וואָס ווילען זיך אָנשליסען אָן דעם דריטען אינטערנאציאָנאַל, הערשט נאָך דער אָפּאָרטוניזם, ווי ווייט ס׳איז נאָך די ארבייט פון די דאָ־זיגע פּארטייען פון דער צוגרייטונג פון די רעוואָלוציאָנערע קלאסען פאר דער אויסנוצונג פון דעם איצטיגען קריזיס, וויל איך ציטירען דעם פיהרער פון דער ענגלישער „אינדעפּענדענט לייבאָר פּארטי" ראמזי מעקדאָנאַלד. אין זיין בוך „פּארלאמענט און רע־וואָלוציע", וועלכער איז געווידמעט צו די זעלבע פראגען, וועלכע האלטען איצט אונזער אויפמערקזאמקייט, שילדערט מעקדאָנאַלד די איצטיגע לאגע אומגעפעהר אזוי, ווי דאָס וואָלט געטאָן א בור־זשואזער פּאציפיסט. ער אנערקענט, אז דער רעוואָלוציאָנערער קריזיס איז נאָהענט, אז די רעוואָלוציאָנערע שטימונג האלט אין איין וואקסען. אז די ארבייטער מאסען (אין ענגלאנד) באציהען זיך מיט סימפּאטיע צו דער סאָוועט־מאכט און דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט, אז די דיקטאטור פון דעם פּראָלעטאריאט איז בעסער איידער די איצטיגע דיקטאטור פון דער ענגלישער בור־זשואזיע.

אָבער מעקדאָנאַלד בלייבט א דורך און דורך בורזשואזער פּא־ציפיסט, א קליין־בירגער, וואָס טרוימט וועגען א רעגירונג, וואָס זאָל ניט זיין קיין קלאסען־רעגירונג. מעקדאָנאַלד אנערקענט דעם קלא־סענקאמף בלויז אלס אָן ערשיינונג וואָס ווערט גערופען מיט דעם דאָזיגען נאָמען, פּונקט ווי דאָס טוען אלע ליגנער, סעדאנטען און סאָפיסטען פון דער בורזשואזיע. מעקדאָנאַלד פארשווייגט די ערפאהרונגען מיט קערענסקי׳ן, די מענשעוויקעס און די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען אין רוסלאנד, די עהנליכע ערפאהרונגען אין אונ־גארן, דייטשלאנד, א. ז. וו. אין באצוג צו דער גרינדונג פון א „דעמאָקראטישער" רעגירונג, וואָס שטעהט כלומרשט אויסער קלא־סען. מעקדאָנאַלד בארוהיגט זיין פּארטיי און די יעניגע ארביי־טער, וועלכע האָבען דעם אומגליק אין דעם דאָזיגען בורזשוא צו זעהן א סאָציאַליסט און א פיהרער, מיט די פאָלגענדע ווערטער: „מיר ווייסען אז דאָס רעוואָלוציאָנערע ברויזען וועט ווידער אויפ־הערען און אז אלעס וועט ווידער קומען אין ארדנונג. די מלחמה האָט געמוזט ארויסרופען א רעוואָלוציאָנערען קריזיס, אָבער נאָך

דער מלחמה וועט אַלעס „ווידער אין אָרדנונג קומען", „אויב אפילו נישט מיט אמאָל, וועט עס דאָך קומען."

און דאָס שרייבט אַ מאַן, וועלכער איז דער פיהרער פון אַ פּאַרטיי, וואָס וויל זיך אָנשליסען אָן דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל. מיר האָבען דאָ צו טאָן מיט אַן ערקלעהרונג וואָס איז גאַנץ אָפּענ־הערציג און דאריבער זעהר ווערטפאָל, אָבער מיר באַמערקען, אַז דאָס זעלבע קומט פאָר — כאָטש ס'איז נישט אַזוי אָפען אויסגע־דריקט — אויך אין די אויבערשטע שיכטען פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטען און פון דער דייטשער אומאָפּהענגיגער סאָציאַל־דע־מאָקראַטישער פּאַרטיי. און ווירקליך, מיר זעהען אַז די דאָזיגע פּאַר־טייען פעהלט ניט נאָר דער פאַרשטאַנד, נאָר אויך דער ווילען אויסצו־נוצען דעם רעוואָלוציאָנערען קריזיס אין דעם רעוואָלוציאָנערען זין אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, עס פעהלט זיי דער פאַרשטאַנד און דער ווילען אָנצופיהרען אַ ווירקליך רעוואָלוציאָנערע אַרבייט אין דער פּאַרטיי און אין דעם אַרבייטער קלאַס פאַר דער פאַר־בערייטונג פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

דאָס איז די הויפּט צרה מיט זעהר פיעלע פּאַרטייען, וואָס זיינען איצט אַרויסגעטראָטען פון דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל. און דעריבער האָב איך אין די טעזיסען, וועלכע איך האָב פאָר־געשלאָגען פאַר דעם קאָנגרעס, געגעבען אַ קאָנקרעטע און גענויע פאָרמולירונג פון די אויפגאַבען פאַר דער פאַרבאַרייטונג צו דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און האָב דער פראַגע געשענקט באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט.

נאָך אַ ביישפּיעל. מיט אַ קורצער צייט צוריק איז פאַר־עפענטליכט געוואָרען אַ נייער בוך געגען דעם באָלשעוויזם. אין אייראָפּא און אַמעריקא ערשיינען יעצט אַ סך אַזעלכע ביכער, און וואָס מעהר ביכער געגען דעם באָלשעוויזם ווערען געשריבען, אַלץ שטאַרקער און שנעלער וואַקסט אין די מאַסען די סימפּאַטיע פאַר דעם באָלשעוויזם. איך רעד פון אָטאָ באַוער'ס בוך „באָלשעוויזם אָדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע". דאָ ווערט די דייטשען געגעבען אַ גאַנץ גענויע ערקלעהרונג וועגען דעם וואָס איז אַזוינס דער מענ־שעוויזם, וואָס זיין שענדליכע ראָל אין דער רוסישער רעוואָלוציע

איז איצט קלאָר פאַר די ארבייטער פון אַלע לענדער. אָטאָ באוער האָט אָנגעשריבען אַ דורך און דורך מענשעוויסטישען בוך, כאָטש ער גיט נישט צו אָפען זיין סימפּאַטיע פאַר דעם מענשעוויזם. ס'איז אָבער נויטווענדיג איצט אין איירָאפּאַ צו פארשפּרייטען גענויע אינפאָרמאציע וועגען דעם מענשעוויזם, ווייל דאָס וואָרט דיענט איצט אַלס אַ פּאַרטיגער נאָמען פאַר אַלע כלומרשטע סאָ־ציאַליסטען, סאָציאַל־דעמאָקראַטען און אַנדערע ריכטונגען, וואָס זיינען פיינדליך געשטימט געגען דעם באָלשעוויזם. פאַר אונז, רוסען, וואָלט עס געווען לאַנגווייליג אויפצושרייבען פאַר איירָאפּאַ וואָס דער מענשעוויזם איז אַזוינס. אָטאָ באוער האָט עס אין זיין בוך גאַנץ קלאָר געמאַכט, און מיר דאַנקען פאַראויס אַלע בור־זשואַזע און קאָמוניסטישע פאַרלעגער, וואָס וועלען דרוקען דעם בוך און איהם איבערזעצען אין פאַרשיעדענע שפּראַכען. אָטאָ באוער'ס בוך וועט זיין אַ ניצליכע, אויב אפילו אַן אייגענאַרטיגע ערגענצונג צו די לעהר ביכער פון דעם קאָמוניזם. נעהמט וועלכען ס'איז פּאַראַגראַף, וועלכען ס'איז ארגומענט פון אָטאָ באוער'ס בוך און באַווייזט וואָרום דער פּאַראַגראַף אָדער ארגומענט איז מענ־שעוויסטיש, ווייל ס'שטעקען דאָ די וואָרצלען פון יענע לעהרע, וואָס איז אָנגעווענדעט געוואָרען אין דער פּראַקטיק פון די פאַררעטער פון דעם סאָציאַליזם, קערענסקי, שיידעמאַן, א. ז. וו. — דאָס וועט זיין די אויפגאַבע וואָס מען וועט קאָנען מיט נוצען און ערפאָלג שטעלען אַ קאָמוניסט אויף דעם „עקזאַמען", אום אויסצוגעפינען, אויב ער איז ווירקליך אַ קאָמוניסט און פאַרשטעהט דעם קאָמוניזם. דער וואָס קאָן נישט לייזען די דאָזיגע אויפגאַבע, איז נאָך נישט קיין קאָמוניסט, און ס'איז בעסער אַז ער זאָל נישט אריינטרעטען אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אָטאָ באוער האָט דעם סאַמע עצם פון דעם איבער דער גאַנצער וועלט פאַרשפּרייטען אימפּעריאַליזם אויסגעצייכענט אויסגעדריקט אין איין זאַץ, פאַר וועלכען, ווען מיר זאָלען האָבען די דעה אין וויען, וואָלטען מיר איהם נאָך ביים לעבען אַ מאָנומענט אויפגע־שטעלט. אָטאָ באוער זאָגט, אַז די אָנווענדונג פון גוואַלד אין דעם קלאַסענקאַמף פון די מאָדערנע דעמאָקראַטיע באַדייטעט די פאַר־גוואַלטיגונג פון די סאָציאַלע מאַכט־פאַקטאָרען, ד. ה., די פאַר־

גוואַלדיגונג פון די סאמע יסודות פון ווירטשאַפטליכען לעבען פון דער געזעלשאפט.

איהר וועט מסתמא זאָגען, אז דאָס קלינגט זאָנדערבאר און אומפארשטענדליך ? דאָס איז אַ מוסטער פון דעם ווי וויינט מען קען דיסקרעדיטירען דעם מאַרקסיזם, ווי ווייט די רעוואָלוציאָנערע טעאָריע קאָן ערנידריגט ווערען פאר דער פארטיידיגונג פון די עקס־פּלואַטאַטאָרען. די דייטשע פיעלזייטיגקייט פון דעם קליין־ביר־גערטום איז נויטיג צו פארטיידיגען די „טעאָריע", אז די סאָציאַלע „מאַכט פאקטאָרען", דאָס זיינען די פלעצער, וואו ס'געהט אָן דער פּראָצעס פון פּראָדוקציע און פארטיילונג, די צאָהל און אָרגאַ־ניזירטקייט און טעטיגקייט פון די דאָזיגע פלעצער. ווען די לאַנד אַרבייטער אין דאָרף און די ארבייטער אין שטאָדט ווענדען אָן גוואַלד געגען דעם לאַנד־באַזיצער און דעם קאַפּיטאַליסט אין דער צייט פון רעוואָלוציע, מיינט דאָס נישט די דיקטאַטור פון פּראָ־לעטאַריאַט, נישט די פארגוואַלדיגונג פון די עקספּלואַטאַטאָרען און אונטערדריקער פון פאָלק. ניין, פאר קיין פאַל נישט! דאָס איז די פארגוואַלדיגונג פון די סאָציאַלע מאַכט־פאַקטאָרען.

פיליכט קלינגט איין ביישפּיעל עטוואָס הומאָריסטיש. אגב ס'איז דער עצם פון היינטיגען אָפּאָרטוניזם צו דערפיהרען דעם קאַמף געגען דעם באָלשעוויזם צו דער מדרגה פון אַ הומאָרעסקע. אַריינצוציהען דעם ארבייטער קלאַס, אלע באוואוסטזיניגע און דענ־קענדע עלעמענטען זיינע, אין דעם קאַמף פון דעם אינטערנאַציאָ־נאַלען מענשעוויזם (פון מעקדאָנאלד, גאלער און קאָ.) געגען דעם באָלשעוויזם — דאָס איז פאר אייראָפּא און אַמעריקא איינע פון די נויטיגסטע אנגעלעגענהייטען.

דאָ מוזען מיר שטעלען די פראגע: ווי אזוי ערקלעהרט זיך די דויערהאַפטיגקייט פון דער אָפּאָרטוניסטישער ריכטונג אין אייראָפּא און ווארום איז דער אָפּאָרטוניזם אין מערב אייראָפּא שטאַרקער ווי ביי אונז ? דער ענטפער איז, אז דאָס איז דערפאר, ווייל די פאָרגעשריטענע לענדער האָבען באשאפען זייער קולטור און דורך איהר — די מעגליכקייט צו לעבען אויף דעם חשבון פון אַ ביליאָן אונטערדריקטע מענשען; ווייל די קאַפּיטאַליסטען פון די דאָזיגע לענדער קריגען פיעל מעהר איידער דעם פּראָפיט פון

דער עקספּלואַטאַציע פון די אַרבייטער אין זייערע אייגענע לענ־דער.

פאַר דער מלחמה האָט מען אויסגערעכנט, אַז ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד האָבען געקראָגען אַ יעהרליכען איינ־קונפט פון 8 ביז 10 ביליאָנען פראַנק בלויז פאַר דעם קאַפּיטאַל, וואָס זיי האָבען אַרויסגעפיהרט נאָך אויסלאַנד.

ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז פון דער דאָזיגער סומע קאָן מען אָפּשפּאָרען אַ האַלבען ביליאָן אַלס אַ לעבענס־געשאַנק פאַר די אַרבייטער־פיהרער, פאַר דער אַרבייטער אַריסטאָקראַטיע, פאַר אַלערליי מינים כאַבאַר. און עס האַנדעלט זיך פּאַקטיש בלויז וועגען כאַבאַר — כאַבאַר אין טויזענטערליי פאַרשידענע וועגען; דורך דער הויבונג פון קולטור אין די גרויסע צענטערען, דורך דער גרינדונג פון בילדונגס־אַנשטאַלטען, דורך דער באַשאַפונג פון טויזענטערליי שטעלען פאַר די פיהרער פון געווערקשאַפטען (יוניאָנס) און פּאַרלאַמענט־פאַרטרעטער. דאָס קומט פאָר איבעראַל וואו ס׳הערשען ציוויליזירטע קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטניסען. און די דאָזיגע ביליאָנען זיינען די גרונד־לאַגע פאַר דעם אָפּאָרטוניזם אין דער אַרבייטער באַוועגונג. אין אַמעריקאַ, ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבען מיר אַ פיעל גרעסערע אויסגעהאַלטענהייט און ענטשלאָ־סענהייט פון די אָפּאָרטוניסטישע פיהרער, פון דעם אויבען־אָן פון דעם אַרבייטער קלאַס, פון דער אַרבייטער אַריסטאָקראַטיע. זיי בילדען אַ פיעל שטאַרקערען ווידערשטאַנד געגען דעם קאָמוניזם, ווי ביי אונז. און דעריבער מוזען מיר זיין צוגעגרייט צום געדאַנק, אַז די באַפרייאונג פון די מערב־אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע פּאַרטייען פון דער דאָזיגער קראַנקהייט וועט זיין פיעל שווערער ווי ביי אונז. מיר ווייסען, אַז אין דער גרינדונג פון דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל, אום צו באַקעמפען די דאָזיגע קראַנקהייט, האָ־בען מיר געהאַט גרויס ערפאָלג, אָבער מיר זיינען נאָך גאַנץ ווייט פון אונזער ענד־ציעל. די אויסניכטערונג פון די אַרבייטער־פּאַר־טייען, פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען פון דעם אַלוועלטליכען פּראָלעטאַריאַט, — אַז זייער אויסניכטערונג פון דעם בורזשואַזען איינפלוס, פון דעם אָפּאָרטוניזם אין זייערע אייגענע רייהען, איז נאָך ווייט נישט געענדיגט. איך וויל זיך דאָ נישט פאַרשפּרייטען

וועגען דעם, ווי אזוי קאנקרעט דורכצופיהרען די דאזיגע אויסניכ־טערונג. דאס האב איך געטאן אין מיינע טעזיסען, וועלכע זיינען פארעפענטליכט געווארען. דא איז מיין אויפגאבע אנצואווייזען אויף די טיעפע עקאנאמישע ווארצלען פון דער דאזיגער ערשיי־נונג. די קראנקהייט איז געווארען א כראנישע. איהר היילונג מוז געדויערען לענגער ווי די אפטימיסטען האפען. דער אפאר־טוניזם איז אונזער הויפט שונא. דער אפארטוניזם אין די אויי־בערשטע שיכטען פון דער ארבייטער באוועגונג איז נישט קיין פראלעטארישער, נאר א בורזשואזער סאציאליזם. ס'איז פראקטיש באוויזען געווארען, אז די ארבייטער פיהרער, וואס געהערען צו דער אפארטוניסטישער ריכטונג, זיינען בעסערע פארטיידיגער פון דער בורזשואזיע, ווי די בורזשואזיע אליין. ווען זיי זאלען נישט פיהרען די ארבייטער, קאן זיך דאן די בורזשואזיע נישט האלטען. דאס באווייזט נישט נאר דער קערענסקי רעזשים אין רוסלאנד, דאס באווייזט אויך די דעמאקראטישע רעפובליק אין דייטשלאנד מיט איהר סאציאל־דעמאקראטישער רעגירונג אן דער שפיץ, דאס באווייזט די באציהונג פון אלבערט טאמאס צו זיין בורזשואזער רע־גירונג. ווייטער ווערט עס באוויזען דורך עהנליכע ערפאהרונגען אין ענגלאנד און אין די פאראייניגטע שטאאטען. דאס איז אונ־זער הויפט שונא, און דעם דאזיגען שונא מוזען מיר באקעמפען. מיר מוזען פארלאזען דעם דאזיגען קאנגרעס מיט דעם פעסטען בא־שלוס אנצופיהרען דעם דאזיגען קאמף אין אלע פארטייען ביז צום סוף. דאס איז אונזער הויפט אויפגאבע.

אין פארגלייך מיט דער דאזיגער אויפגאבע איז דאס פארריכ־טען פון די פעהלערען פון דער „לינקער” ריכטונג אין דעם קאמו־ניזם א זעהר לייכטע אויפגאבע. אין א רייהע לענדער מערקט זיך אן אנטי־פארלאמענטארישע שטרעבונג, וואס איז פארטראגען נישט אזוי פון די פארטגעשריטענע עלעמענטען פון דער קליין־בורזשואזיע, ווי פון די פאראויסזעהענדע עלעמענטען פון דעם פראלעטאריאט, וועלכע שטעהען צו צו דער דאזיגער ריכטונג אויס האס געגען דעם פארלאמענטאריזם, אויס גערעכטען האס געגען דער האלטונג פון די פארלאמענטארישע פיהרער אין ענגלאנד, פראנקרייך, אי־טאליען און אנדערע לענדער. דער קאמוניסטישער אינטערנאציא-

נאָל מוז אין דעם דאָזיגען הינזיכט ארויסזאָגען אַ לייטענד וואָרט; ער מוז די גענאָסען באַקאַנען מיט די רוסישע ערפאהרונגען, מיט דער באַדייטונג פון אַן אמת פּראָלעטאַרישער פּאָליטישער פּאַרטיי. דאָס איז איינע פון אונזערע אויפגאַבען. און דער קאַמף געגען די דאָזיגע פעהלערען פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג וועט זיין טויזענט מאָל לייכטער ווי דער קאַמף געגען יענע בורזשוא, וואָס געהערען אַלס רעפאָרמיסטען צו די אַלטע פּאַרטייען פון דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל, און פיהרען אָן די ארבייט פון די דאָזיגע פּאַרטייען נישט אין אַ פּראָלעטאַרישער, נור אין אַ בורזשואזער סביבה.

גענאָסען, צום שלוס וויל איך אָנווייזען אויף נאָך איין זאַך. דער פּרעזידענט האָט געזאָגט, אז דער דאָזיגער קאָנגרעס פאַרדיענט דעם נאָמען פון אַ וועלט־קאָנגרעס. איך גלויב אַז ער איז גאַנץ גערעכט, ווייל דאָ אויף דעם קאָנגרעס זיינען אַנוועזענד אַ גרויסע צאָהל פאַרטרעטער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין קאָלאָניאַלע, ריקשטעהענדע לענדער. ס׳איז בלויז אַ שוואַכער אָנהויב, אָבער ס׳איז שוין איצט פון גרויסער וויכטיגקייט, וואָס דער אָנהויב איז געמאכט געוואָרען. אויף דעם דאָזיגען קאָנגרעס געפינען מיר די פאַראייניגונג פון די רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַריער פון די פּאָרטגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער מיט די רעוואָלוציאָנערע מאַסען פון די לענדער, וועלכע האָבען נישט קיין פּראָלעטאַריאַט, מיט די אונטערדריקטע מאַסען פון די קאָלאָניאַלע מזרח לענדער, און עס ווענדט זיך אָן אונז — איך בין איבערצייגט, אַז מיר וועלען עס טאָן — אָנצוהאַלטען די דאָזיגע פאַראייניגונג אויף אַלע מאָל. דער וועלט אימפּעריאַליזם וועט מוזען פאַלען, ווען דער רעוואָלוציאָנערער אַנשטורעם פון די עקספּלואַטירטע ארבייטער אין יעדען לאַנד וועט, טראָץ דעם ווידערשטאַנד פון די בורזשואזע עלעמענטען און דעם איינפלוס פון דער ארבייטער אַריסטאָקראַטיע, זיך פאַראייניגען מיט דעם רעוואָלוציאָנערען אַנשטורעם פון די פיעלע מיליאָנען מענשען, וואָס זיינען ביז אַהער געשטאַנען אויסערהאַלב דער געשיכטע און האָבען נאָר געדיענט אַלס איהר ציעל און אורזאַך. די אימפּעריאַליסטישע מלחמה האָט פאַרשנעלט די רעוואָלוציע, די בורזשואזיע האָט פון די קאָלאָניען,

פון די ריקשטעהענדע לענדער ארויסגעצויגען סאָלדאטען אנטייל צו נעהמען אין דער אימפעריאליסטישער מלחמה. די ענגלישע בורזשואזיע האָט די סאָלדאטען פון אינדיען איינגערעדט, אז ס'איז אין די אינטערעסען פון די אינדישע פויערען צו שטיצען גרויס־בריטאַניע געגען דייטשלאַנד; די פראנצויזישע בורזשואזיע האָט געזוכט צו איבערצייגען די סאָלדאטען פון די פראנצויזישע קאָלאָ־ניען, אַז ס'איז אין די אינטערעסען פון די שווארצע צו פארטיי־דיגען פראנקרייך. זיי האָבען זיך אויסגעלערענט צו געברויכען וואפען. דאָס איז אַ זעהר ניצליכע לעהרע, און מיר קאָנען דער בורזשואזיע זאָגען אַ דאנק דערפאַר, דעם דאנק פון אלע רוסישע ארבייטער און פויערים און באזונדערס — פון דער רוסישער רויטער ארמעע. די אימפעריאליסטישע מלחמה האָט די אָפּהענגיגע פעלקער אריינגעצויגען אין דער וועלט־געשיכטע. איצט איז עס איינע פון אונזערע הויפּט אויפגאבען צו באַשטימען ווי אזוי אוועקצולייגען דעם ערשטען שטיין פון דער אָרגאַניזאציע פון דער סאָוועט־באוועגונג אין די נישט־קאַפּיטאַליסטישע לענדער. סאָ־וועטען זיינען דאָרט מעגליך. דאָס וועלען נישט זיין די ארבייטער־ראטען, נאָר ראטען פון פויערען, ראטען פון די ארבייטענדע. ס'פאָ־דערט זיך אַ סך ארבייט, ס'וועלען באַגאַנגען ווערען אַ סך פעהלע־רען, ס'מוזען בייגעקומען ווערען אַ סך שוועריגקייטען. ס'איז די הויפּט אויפגאבע פון דעם צווייטען קאָנגרעס אויסצוארבייטען אָדער אָנצודייטען דעם פּראַקטישען באָדען, אויף וועלכען די אויפקלערונגס־ארבייט, וואָס איז ביז אהער אָנגעפיהרט געוואָרען אָהן אַ סיסטעם, זאָל אָנגעפיהרט ווערען אויף אַן אָרגאַניזירטען און סיס־טעמאַטישען אופן. אַ יאָהר נאָך דעם ערשטען קאָנגרעס פון דעם קאָמוניסטישען אינטערנאַציאָנאַל, קאָנען מיר שוין ארויסטרעטען אַלס די זיגער איבער דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל. אונזערע אידעען זיינען נישט נאָר פאַרשפּרייט צווישען די אר־בייטער פון אלע ציוויליזירטע לענדער, זיי זיינען נישט נאָר פון זיי אויפגענומען און פאַרשטאַנען געוואָרען — זיי לאַכען זיך אויס פון די חכמים, צווישען וועלכע עס געפינען זיך אזוי־גערופענע סאָציאַליסטען, וועלכע דיסקוטירען און אַנאַליזירען „וויסענשאַפט־ליך„ די „סאָוועט־סיסטעם", אָדער די „סאָוועט־אידעע", ווי די

ענגלישע צעך־סאָציאַליסטען דריקען זיך אויס. די דאָזיגע אָפּהאַנדלונגען איבער דער „סאָוועט־סיסטעם” און דער „סאָוועט־אידעע” האָבען בלויז איין צוועק — צו שיטען די ארבייטער זאַמד אין די אויגען. אָבער די אַרבייטער ווייסען, ווי אזוי צו באַגעהן זיך מיט די דאָזיגע חכמים און זייערע אָפּהאַנדלונגען. זיי פאַרשטעהען די באַדייטונג פון דעם געוועהר, וואָס די סאָוועטען האָבען זיי געגעבען. און אויך די אַרבייטער מאַסען אין די מזרח לענדער הויבען אָן צו פאַרשטעהן די ראָל און באַדייטונג פון די סאָוועטען.

די סאָוועט־באַוועגונג האָט זיך שוין אָנגעהויבען אין אַלע מזרח לענדער, אין גאַנץ אזיען, צווישען אַלע קאָלאָניאַלע פעלקער. אַז דער עקספּלואַטירטער זאָל אויפשטעהן געגען דעם עקספּלואַטאָר און באַשאַפען זיינע סאָוועטען איז גרינג צו באַגרייפען. נאָך אונזער ערפאהרונג, נאָך צוויי און אַ האַלב יאָהר פון דער עקזיסטענץ פון דער רוסישער סאָוועט־רעפּובליק, נאָך דעם ערשטען קאָנגרעס פון דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל, האָבען פיעלע מיליאָנען עקספּלואַטירטע פון דער גאַנצער וועלט אויפגענומען דעם דאָזיגען אמת; און ווען מיר זיינען איצט געצוואונגען אין רוסלאַנד איינצוגעהן אויף קאָמפּראָמיסען, אָפּצואוואַרטען, ווייל מיר זיינען שוואַכער איידער די אינטערנאַציאָנאַלע אימפּעריאַליסטען, ווייסען מיר אָבער, אַז מיר פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון אַ ביליאָן און אַ פערטעל מענשען. דערווייל שטעהען אונז נאָך אין וועג פאָראורטיילען און אומוויסענהייט, וועלכע געהען אוועק אין דער פאַרגאַנגענהייט מיט יעדער שעה, אָבער ס׳ווערט קלאָרער און קלאָרער. אַז פאַקטיש פאַרטרעטען מיר און פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון 70 פּראָצענט פון דער ערד־באַפעלקערונג, פון די עקספּלואַטירטע אַרבייטענדע מאַסען. מיר קאָנען מיט שטאָלץ זאָגען, אַז אויף דעם ערשטען קאָנגרעס זיינען מיר אייגענטליך געווען בלויז פּראָפּאַגאַנדיסטען; מיר האָבען דעם פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט באַקאַנט געמאַכט מיט אונזערע גרונד־אידעען, מיר האָבען איהם אויפגערופען צום קאַמף, מיר האָבען בלויז געפרעגט: וואו זיינען די מענשען, וואָס זיינען פעהיג דעם דאָזיגען וועג צו באַטראַכטען? איצט האָבען מיר איבעראַל אַ פאַרטגעשריטענעם פּראָלעטאַריאַט. איבעראַל איז דאָ אַ פּראָלעטאַרישע

אַרמעע, אפילו אויב שלעכט אָרגאַניזירט, און ווען אונזערע אינ־טערנאַציאָנאַלע גענאָסען וועלען אונז איצט העלפען צו אָרגאַני־זירען אַן אייגענע אַרמעע, דאַן קאָן קיין שטערונג אונז נישט אָפּ־שטעלען פון דערפיהרען אונזער זאַך ביז צום סוף. און אונזער זאַך איז די זאַך פון דער וועלט־רעוואָלוציע, די זאַך פון דער גרינ־דונג פון אַן אַלוועלטליכער סאָוועטען־רעפּובליק.

## נ. לענין — סטראַטעג פון דער וועלט רעוואָלוציע

נאָכוואָרט פון י. ב. סאלוצקי

## ג. לענין — דער סטראטעג פון דער וועלט־רעוואָלוציע.

קיין שטודיום פון לענין'ען, אלס סטראטעגיקער פון דער רעוואָלוציע, איז ניט פארפול אָהן א בליק אויף זיין באציהונג צו דער אינטערנאציאָנאלער רעוואָלוציע, ד. ה. צו דער רעוואלוציע אין איהר אלוועלטליכען מאָסשטאב.

אָפּגעזעהן פון לענין'ס פּערזענליכען כאראקטער, וואס איז ניט געניינגט אפּצושטעלען זיך אויף דער רעוואָלוציע אין די גרעניצען פון איין שטאַאַט, איז טאַקע אויך די אָביעקטיווע לאַגע אזא, וואס טרייבט לענין'ען, צי ער וויל, צי ער וויל עס ניט, צי ער קאָן עס פּ אָ ל י ט י ש טאָן, צי ניט, ער זאָל נעמען א האַנט אין דער פיהרערשאפט פון דער רעוואלוציע פון דעם פּראָלעטאריאט אין אלע לענדער פונ'ם קאַפּיטאליזם.

די סאוועט־רעוואָלוציע האָט געגעבען א ריזיגען שטויס פארווערטס דעם רעוואלוציאנערען ווילען פון פּראָלעטאריאט. דער דאָזיגער שטויס איז מורא'דיג נויטיג געווען, וואָרים אפילו אין די לענדער, וואו עס איז געווען א רעוואָלוציאנערער באוואוסטזיין, האָט געפעהלט דער רעוואלוציאנערער ווילען.

די דייטשע סאציאלדעמאָקראטיע פון פאר דער מלחמה האָט אָהן ספק ענטוויקעלט ביז גאר א הויכער שטופע דעם רעוואָלוציאנערען באוואוסטזיין פון דעם דייטשען פּראָלעטאריאט. אָבער זי האָט טאַקע מיט איהר אייגענער אגיטאציע אויב ניט דערשטיקט, איז איינגעדעמפּט דעם רעוואלוציאנערען ו ו י ל ע ן פון די דייטשע ארבייטער מאסען. „פאָרזיכט", „לאָזט זיך ניט פּראָוואָצירען", אזעלכע און אנדערע טאקע באמת גאָלדענע כללים פון יענער פארנינפטיגער רעוואלוציאנערער סטראטעגיע, זיינען איבערטריעבען געווארען און זיי האָבען סוף כל סוף „דערשלאָגען זייער אייגענעם ציעל." די רעוואלויע איז געווארען א מעטאפאָרישער ענד־ציעל, א מין ובא לציון גואל, וואס איז ניט אָנגעוויזען אויף קיין באַשטימטע צייט און פּלאץ. עס האָט גאנצליך געפעהלט אין

דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט דער ווילען צו ענטשיידענדיגער אַק־ציע. די סאָוועט־רעוואָלוציע האָט מיט דעם פאַקט פון איהר געשעהן דעם דאָזיגען ווילען צו רעוואָלוציע ווידער אַרויסגערופען צום לעבען.

די רוסישע רעוואָלוציע איז מעהר, ווי אין איין פּרט אַ נאַ־ציאָנאַלע רעוואָלוציע. זי איז נאַציאָנאַל דערמיט, וואָס זי האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע רוסישע נאַציע, אין דעם ברייטסטען היס־טאָרישען זין פון דעם דאָזיגען וואָרט. זי איז אויך נאַציאָנאַל דערמיט, וואָס די סאָוועט־רעוואָלוציע האָט אונטער די אומשטענ־דען געקאָנט פּאַרקומען און ערפאָלגרייך זיין נאָר אין דעם איצטי־גען, ס׳הייסט אָפּגעשטאַנענעם רוסלאַנד, ס׳הייסט אין אַ לאַנד מיט אַ לפי ערך נידעריגען מצב פון עקאָנאָמישען וואוילזיין, מיט אַ שווידערליכער אויטאָקראַטישער רעגירונג און אַ עקספּלואַטאַ־טאָרישען פּריצים׳טום. ווי לענין ווייזט אָן אין זיין שרייבען וועגן „דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל און זיין פּלאַץ אין דער געשיכ־טע", האָט גראָד „די אָפּגעשטאַנענקייט פון רוסלאַנד אייגענאַרטיג צונויפגעשמאָלצען די רעוואָלוציע פון דעם פּראָלעטאַריאַט קעגען דער בורזשואַזיע מיט דער רעוואָלוציע פון דעם פּויערנטום קעגען די פּריצים." דערפון האָט זיך געגומען די מעגליכקייט און די קראַפט פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון די אַרבייטער און פּויערען, אַ זאַך, וואָס וואָלט אין אייראָפּאַ ניט געקאָנט בלינד ווידערהאָלט ווערען שוין דערפאַר אליין, וואָס די פּויערען אין אייראָפּאַ זיינען פיעל שאַרפער צוטיילט אויף קלאַסען, ווי אין רוסלאַנד, און בכלל, אַלס גאַנצע, זיינען זיי מעהר אָפּגעטיילט, אין זייער גאַנצער פּסיכאָלאָגיע, פון דער שטאָדטיגער אַרבייטער־שאַפט, איידער דאָס איז דער פאַל אין רוסלאַנד. „די אייגענאַר־טיגע צווישען־באַציהונג פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט און פּויערנטום אין רוסלאַנד", זאָגט לענין אין דעם דערמאָנטען אַרטיקעל: „האָט גרינ־גער געמאַכט דעם איבערגאַנג פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע צו דער סאָציאַליסטישער און דערלייכטערט די ווירקונג פון די שטאָדטיגע פּראָלעטאַריער אויף די האַלב־פּראָלעטאַרישע, אָרעמע־רע שיכטען פון דעם דאָרפישען אַרבייטענדען פאָלק". ענדליך, איז די סאָוועט־רעוואָלוציע נאַציאָנאַל אויך אין דעם זי־

נען, וואס זי איז עכט־ און אויסשליסליך־רוסיש אין דער פאָרמע. דער סאָוועטיזם ענטהאַלט אין זיך שטריכען, וואס זיינען באזונדער צוגעפּאסט צו רוסלאנד וואס האָט ניט געהאט קיין ערפאהרונג אין פּאַרלאַמענטאַרישער דעמאָקראַטיע. די „קאָנסטיטוציאָנאַלע אילוזיעס", מיט וועלכע עס זיינען דורכגעדרונגען די גרויסע מאַסען פון דער אַרבייטערשאַפט אין די קאַפּיטאַליסטיש־איינגעפונדעוועטע לענדער, דער גלויבען אין פּאַרלאַמענטאַריזם, וואס איז, צ. ב., אזוי שטאַרק אין ענגלאַנד און דייטשלאַנד, זיינען א ריזיגער שטער אין דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדאַ אין יענע לענדער. אבער די ארבייטערשאַפט אין רוסלאַנד, וואס איז ניט פאַרזוייקט געוואָרען אין די פאַרוויקעלטע און איבער־אויס־גע'פּשט'עלטע פיינקייטען פון דער בורזשואזער פּאַרלאַמענטאַרישער „דעמאָקראַטיע", האָט געהאט אן „אָפענעם מוח" פאַר דער סאָוועטישער אידעע פון דירעקטער פאָלקס־הערשאַפט. „נאַראָדאָפּראַווסטוואָ" — דירעקטע רעגירונג דורכ'ן פאָלק — לעבט אין דעם זכרון פון פאָלק, נאָך פון די יאָהרען פון פרייהייט וואס פאַר דער טאָטערשער פאַרשקלאַפונג אין 13טען און 14טען יאָהרהונדערט. אין דעם פּרט איז דאָס רוסישע פאָלק נאָהנט צום אמעריקאַנעם פאָלק, וואס איז אויף דער ערשטער שטופע פון זיין נאַציאָנאַלען קיום ערצויגען געווארען אין דער דירעקטער דעמאָקראַטיע פון די „טאַון־מיטינגס", פאַרזאַמלונגען פון אַלע (פּאַראינטערעסירטע) שטאָדטיגע איינוואוינער, וואו עס פלעגען פאַרהאַנדעלט ווערען אַלע קהל'שע ענינים. דער חילוק איז נאָר, וואס די רוסען זיינען פריי פון דער פּוריטאַניש־פאַרגלאָצטער, אין עצם היפּאָקריטישער אכטונג פאַר פאָרמעלען געזעץ און געזעצליכקייט.

אָבער נאַציאָנאַל ווי די סאָוועט־רעוואָלוציע איז אין די אַלע אויסגערעכענטע פּרטים איז זי געווארען דורכאויס אינטערנאַציאָנאַל, אין דעם זין פון איינפלוס און ווירקונג. ווי שוין געזאָגט פריהער, האָט זי, מיט איהר ז י י ן און דערהויפּט מיט איהר ע ר פ אָ ל ג, צוקלאַפּט דעם כינעזישען מויערוואַנט פון פּאַרלאַמענטאַרישע אבערגלויבענס און קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, מיט וועלכע די בורזשואזיע פון אייראָפּאַ און א סך פון די אפּאָרטוניסטישע פיהרער פון דעם פּראָלעטאַריאַט האָבען איינגע־

צאַמט די רעוואָלוציאָנערע נשמה פון דער ארבייטערשאַפט אין די פּאָרטגעשריטענסטע לענדער פון דער אַלטער וועלט. טראָץ דעם לכתחילה׳דיגען „טאַבו", דעם פארבאָט פון די פיהרער פון די מעהרסטע סאָציאַליסטישע פארטייען, און פון דער מעהרהייט אין כמעט אַלע סאָציאַליסטישע פארטייען, האָט די ארבייטער רעפּובליק פון רוסלאַנד פון ערשטען טאָג אָן געוואונען די ניט־צוטיילטע, אויפריכטיגע און אָהן־ספקות׳דיגע ליעבע פון די ברייטע ארבייטער מאַסען. סאָוועטיזם איז געוואָרען דער קאַמפּס־רוף פון דעם אייראָפּעאישען פּראָלעטאַריאַט גאַנץ אָפּגעזעהן דערפון, צי די פּראָלעטאַריער אין די באַטרעפענדע אייראָפּעאישע לענדער וואָלטען זיך אין פאַל פון ערפאָלג גע׳חתמ׳ענט אונטער יעדער פאַרשריפט פון דער קאָנסטיטוציע פונ׳ם רוסישען סאָוועטיזם.

די אינטערווענציע און די בלאָקאַדע, מיט וועלכע די אימפּעריאַליסטען פון די לענדער, וואָס זיינען געווען זיעגרייך אין דער מלחמה, האָבען געזוכט צו דערשטיקען דעם ערפאָלגרייכען אויפשטאַנד פון די פּויערען און ארבייטער אין רוסלאַנד, האָט געהאַט אַן אומגעקעהרטע און טאָפּעלטע ווירקונג. אַ דאַנק דער אינטערווענציע און דער בלאָקאַדע איז די רעגיערונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע געוואָרען דער אָרגאַן פון נאַציאָנאַלער באַשיצונג. עס עס איז אמת, די אונטערדריקטע קלאַסען האָבען ניט אויפגעגעבען זייער בירגער־קריעג, נאָר אין געגענטייל: זיי זיינען עס געווען דער איינציגסטער רוקענביין פון דעם אויסערווערטיגען איבערפאַל. אבער גאָר פיעלע פון די בעסערע און עהרליכע איינצעלמענשען פון די אַלטע קלאַסען, וועמען עס איז טייער געווען דער נאַציאָנאַלער קיום פון זייער פאַטערלאַנד, האָבען זיך געשטעלט אונטער דעם רויטען קאָליר פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער אָנגריף פון די אינטערנאַציאָנאַלע אימפּעריאַליסטען האָט אויסגעליהען צו דער רעאַלער סאָציאַלער רעוואָלוציע דעם שטאַרק ווירקזאַמען ראָמאַנטישען נאַציאָנאַלען גלאַנץ און האָט אויסגעשפּרייט די גרעניצען פון דער רוסישער סאָציאַלער רעוואָלוציע ווייט אַריבער די רוסישע נאַציאָנאַלע גרעניצען: די אינטערנאַציאָנאַלע אימפּעריאַליסטען האָבען אינטערנאַציאָנאַליזירט די רוסישע סאָוועט־רעוואָלוציע. די ארבייטער אין די נאַציאָנאַל־

קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָבען ערוואַכט צו דער רעאַליטעט פון דער אינטערנאַציאָנאַל־סאָציאַלער רעוואָלוציע. אייראָפּא איז אריינגעצויגען געוואָרען אין דעם מעלשטראָם פון דער רוסישער רע־וואָלוציע.

לענין האָט דעמאָלט באַשאַפען דעם דריטען אינטערנאַציאָ־נאַל כדי צו קאָנסאָלידירען, צונויפצוקלייבען, צו אָרגאַניזירען און אויסצונוצען אָט די רעזולטאַטען פון דער רעאַקציע פון די אייראָ־פּעאישע רעגיערונגען קעגען דער רוסישער רעוואָלוציע און די רעוואָלוציע, דערוויילע נאָר אַ גייסטיגע, פון די אייראָפּעאישע אַר־בייטער קעגען זייערע רעאַקציאָנערע רעגירונגען (פּאַרלאַמענטען אריינגערעכענט). דער רויטער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט געענטפערט אויף דער בלאָקאַדע פון דעם שוואַרצען אימפּעריאַליס־טישען אינטערנאַציאָנאַל מיט אַ פאַרשטאַרקערטער פּראָפּאַגאַנדע פון דעם פּראָלעטאַרישען שם המפורש — די דיקטאַטור פון פּראָ־לעטאַריאַט.

דורך דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל ווערט לענין דער טאָנ־געבער און פאַקטיש דער פיהרער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַווע־גונג פון אייראָפּא. וואָס ער קאָן ניט טאָן אלס הויפּט פון דער סאָוועט־רעגירונג, דאָס פיהרט ער דורך אין דעם דריטען אינטער־נאַציאָנאַל.

די דאָזיגע פיהרערשאַפט איז פאַרצווייגט אין מעהרערע ריכ־טונגען. לענין דירעקטירט אַ ריעזיג שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע אין די לענדער פון נאָהנטען און ווייטען מזרח. ער ווירקט, ווי אַ שטור־רעם, פון פּערזיע, אַרמעניע און טערקיי ביז מצרים און אינדיע. ער שלאָגט דערהויפּט אין די פּלעצער, וואו עס ליעגט פעסט איינגע־זאָטעלט די מאַכט פון דעם גרויס־בריטאַנישען (ענגלישען) אימ־פּעריאַליזם. און פאַקטיש האָט טאַקע די ענגלישע בורזשואַזיע די ערשטע דערפיהלט די סכנה פון דער סאָוועט־מאַכט, און זי האָט זיך פאַרנומען די ערשטע, פון די גרויס־מאַכטען, צו פיהרען אָפּע־נע אונטערהאַנדלונגען מיט רוסלאַנד וועגען אַ פריעדען אָדער — אַ וואַפענשטילשטאַנד. די דאָזיגע אונטערהאַנדלונגען — וועגען פריעדען מיט אַ לאַנד קעגען וועלכען זי האָט קיינמאָל ניט ער־קלעהרט קיין קריעג — מעג זי זיין ניט מעהר ווי אַ שפּיעל פאַר

דער היימישער גאַלעריע אדער אַ שפּיצעל אפּצוציהען די אויפמערק־זאמקייט פון דער סאוועט־רעגיערונג אדער קאָן האָבען וועלכען אנדער מיין און כונה. אבער זי איז די אפענע אנערקענונג פון דער מעכטיגקייט פון דער פראפּאגאנדע פון רעוואלוציע, וואס לענין האָט פריי־געלאזען אין די אפּגעשטאַנענע, אימפּעריאליסטיש־עקס־פּלואטירטע לענדער.

וואס פריידיגט לענין אין די דאזיגע לענדער? — דירעקט אודאי ניט דעם קאָמוניזם אדער אפילו סאוועטיזם. דערצו זיי־נען די דאָזיגע לענדער פאר קיין פאל ניט דערוואקסען. נ. לענין דערוועקט אין די דאָזיגע לענדער דעם ווילען צו נאַציאנאַלער פריי־הייט, ער דערווייזט ארויסצוברייגען אויבען־אויף, גאנץ אָפט אין אָפענעם אויפשטאַנד, די אונטערדריקטע נאַציאנאַלע שטרעבונגען. און דאָס איז שוין די לאָגיק פון יעדער אויפשטאַנד, אז גלייכצייי־טיג ווי עס פּלאַצט אויס דער פּראטעסט פון דער גאַנצער אונטער־דריקטער נאציע קעגען דעם אויסלענדישען אונטערדריקער, ווערט פרייגעלאָזען דער קלאַסען־קאַמף פון די אונטערדריקטע קלאַסען און שיכטען אין דער דאזיגער נאציע גופא.

אַן אויפשטאַנד אין פערזיע קעגען דער ענגלישער מאַכט, אדער אין אינדיע, איז גלייכצייטיג א רעוואלוציע פון די דערשלאָגענע פערזישע אדער אינדישע קלאַסען קעגען זייער נאַציאנאַלער בור־זשואזיע. דערויף בויט לענין און ער ווייס אויסגעצייכענט, אז ענגלאַנד, צ. ב., האָט מורא ווי פאר פייער פאר אזא נאַציאנאלען אויפשטאַנד, מיט זיינע אומפארמיידליכע סאציאלע באַגלייטער.

מארקס האָט זיך אמאָל אויסגעדריקט, אז דער ערשטער תנאי פון דער באפרייאונג פון די ענגלישע ארבייטער איז — די אָפּשאַ־פונג פון דער מאכט פון די ענגלישע לאָרדען אין אירלאַנד, וואס ציהען פון זייער לאַנד־באזיץ אין אירלאַנד די יניקה פאר זייער אונטערדריקונגס־פּאָליטיק אין ענגלאַנד גופא, און אז דערפאר איז די פראגע פון אירלאַנד'ס באפרייאונג א פונדאמענטאלע פראגע פון דער ענגלישער ארבייטער פּאָליטיק. דאָס איז ריכטיג אויך היינטיגען טאָג און ניט בלויז אין באַצוג אויף אירלאַנד. זאָל זיך אויפהויבען אינדיע קעגען ענגלאַנד, און די מאכט פון דעם ענגלישען קאפּיטאל איבער דעם ענגלישען ארבייטער קלאַס איז

נאָהנט צו איהר סוף. ענגלאַנד וויל ניט דערלאָזען צו קיין אויפ־שטאַנד אין איהרע אָפּהענגיגע לענדער, אַלענפאַלס ניט צו אַזא אויפשטאַנד, וועלכען זי זאָל ניט קאָנען דערשטיקען. זי וועט גיכער אליין „באַפרייען” א געוויסע קאָלאָניע, טעריטאָריע אָדער א געוויסען לאַנד, ווארים דעמאָלט פועל'ט זי לייכט ביי דער בור־זשואזיע פון דעם באטרעפענדען לאַנד, אַז די באפרייאונג זאָל ניט גערן צו ווייט. דעמאָלט קריגט די באטרעפענדע בורזשואַ־זיע נאָר א חלק אין דער עקספּלואַטאציע פון די היימישע ארביי־טער און פויערען, און דער לייבען חלק פארבלייבט ביי דער גרויס־בריטאַנישער בורזשואזיע דערפאר וואס זי באשיצט מיט איהר פלאָג די אומאָפּהענגיגקייט פון דעם באפרייטען פאָלק.

לענין'ס באציהונג צו דער נאַציאָנאַלער פראגע איז פריי פון וועלכען עס סענטימענטאַליזם, זי איז דורכאויס רעאַליסטיש. ער אנערקענט נאַציעס, ווארים, ווי ער דריקט זיך אויס אין א רעדע אויף דעם אכטען צוזאמענפאָהר פון דער קאָמוניסטישער פארטיי:

„עס וואָלט געווען דער פוסטסטער אומזין צו זאגען, אַז מיר אנ־ערקענען ניט קיין . . . נאַציע, נאָר אויסשליסליך די ארבייטענ־דיגע מאסען. מען קאָן ניט ניט אָנערקענען דאָס וואָס עס איז פאַראַן. דאָס וואָס עקזיסטירט וועט סוף כל סוף ארויפצווינגען אָנערקענונג”. נאַציעס זיינען א פאקט, און יעדער רעאַלער פּאָליטיקער און רעוואָלוציאָנער מוז אנערקענען פאקטען, ניט באַהאַלטען זיך הינטער צוגעטראַכטע קאָפּ־פאָרמולעס און אנערקענענדיג די דאזיגע פאקטען — מוז ער זיי אויסניצען:

„דער וועג מיט וועלכען דער ארבייטער קלאַס פון פארשיע־דענע פעלקער קומט צו דער קלאסען־אפּשיידונג פון דער בורזשו־אזיע איז ניט קיין גראַדער, ער איז פול מיט זיג־זאַגען, ער איז א פארפּלאָנטערטער; אבער אויף יעדער שטופע פון אָט דעם וועג איז די אָנערקענונג פון דעם רעכט פון דער נאַציע אויף זעלבסט־באשטימונג א דערלייכטערונג פון דער זעלבסט־אָנערקענונג פון די ארבייטער מאסען.”

לענין ווארנט אין זיין רעדע, אַז „עס איז ניטאָ קיין ערגערע זאך, ווי דער מיסטרויען פון א נאַציע.” און די פּאָליטיק פון לע־נין'ען, פון דער סאָוועטען־רעגירונג און פון דריטען אינטערנאַ־

ציאָנאַל איז אַ פּאָליטיק פון געווינען צוטרויען ביי אַלע אונטער־דריקטע פעלקער. די דאָזיגע פּאָליטיק האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די פעלקער פון ווייטען און נאָהנטען מזרח, און אין דער ערשטער שורה אויף די פעלקער וואָס האָבען זיך געהאַט לכתחלה נאַציאָנאַל אָפּגעזונדערט אין די גרעניצען פון דער געוועזענער רוסישער אימפּעריע.

אַנדערש, פאַרשטעהט זיך, איז לענין'ס באַציהונג צו דער רעוואָלוציע אין די לענדער פון מערב אייראָפּאַ, וועמענס בורזשואַזיע איז ניט אונטערדריקט, נאָר זי אַליין אונטערדריקט אַנדערע פעלקער. דאָרטען ציעלט לענין אַרויסצורופען די איינגעשלאָפענע כחות פון פּראָלעטאַריאַט אויף אַ קאַמף אויף לעבען און טויט מיט דער אַלטער אָרדנונג. מיר האָבען אָנגעהויבען די רעוואָלוציע, ערקלערט לענין, פאַר אונז איז עס געווען לפי ערך גרינג זי אָנצוהויבען, אבער איהר וועט זי דאַרפען פאַרענדיגען, מיר אַליין זייטען עס ניט בכח צו טאָן. און לענין לאָזט ניט פאַרביי קיין געלעגענהייט צו ווירקען און צו דערמאָנען די אַרבייטער פון מעריב אייראָפּאַ וועגען זייער פליכט און זייער אינטערעס אַרויסצוהעלפען רוסלאַנד אין דער דורכזעצונג פון דער וועלט־רעוואָלוציע. אַזוי שרייבט ער אין זיין „בריעף צו די אַמעריקאַנער אַרבייטער" אין אויגוסט, 1918:

„מיר זיינען אין אַ באַלאַגערטער פעסטונג, אַזוי לאַנג ווי קיין אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע קומט ניט צו אונזער הילף מיט איהרע אַרמעען. אָבער די דאָזיגע אַרמעען עקזיסטירען, זיי זיינען שטאַרקער פון אונזערע, זיי וואַקסען, זיי שטרעבען, זיי ווערען אַלץ מעכטיגער, וואָס מעהר דער אימפּעריאַליזם געהט אָן מיט זיינע שוידערליכקייטען. די אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט קעהרען זיך אָפּ פון זייערע פאַרפיהרער און פאַררעטער, פון זייערע גאָמפּערס'עס און שיידעמאַנס. אויף אַן אונפאַרמיידליכען אופן קומען די אַרבייטער נעהנטער צו קאָמוניסטישע, באָלשעוויסטישע טאַקטיק־מעטאָדען, און גרייטען זיך פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וועלכע איז די איינציגע, וואָס איז אימשטאַנד צו פאַרהיטען די מענשהייט און די מענשליכע קולטור פון פאַרניכטונג.

„מיר זיינען אונבאַזיעגבאַר, ווייל אונבאַזיעגבאַר איז די פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע ר ע וו אָ ל ו צ י ע."

די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין דער גאַנצער וועלט, אודאי אויף איהר וואָרט לענין. זי אליין קען באַפעסטיגען די רוסישע רעוואָלוציע, געבען איהר צייט אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם און אַריבערצוגעהן צו קאָנסטרוקטיווע, שאַפענדיגע סאָציאַליסטישע אַרבייט. און די דאָזיגע רעוואָלוציע, אַזוי גלויבט לענין, אין אַלע לענדער, וועט מוזען דורכמאַכען דעם וועג פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס וועט פאַרווירקליכט ווערען אין דער פאָרמע פון אַ סאָוועטישער מאַכט.

„דאָ האַנדעלט זיך וועגען דעם, צי אין דייטשלאַנד זאָל הערשען אַ סאָוועטען־סיסטעם אָדער אַ בורזשואַזער פּאַרלאַמענט, וועלכען נאָמען מען זאָל איהם ניט געבען (נאַציאָנאַלע אָדער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, צום ביישפּיעל).

„דאָס איז די וועלט־געשיכטליכע פאָרמולירונג פון דער פראַגע. איצט קען מען זאָגען, און מען מוז דאָס זאָגען, אָהן איבערטרייבונגען, אַז די „סאָוועטען־הערשאַפט" איז די צווייטע וועלט־געשיכטליכע שטופע אין דער ענטוויקלונג פון דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט. די ערשטע שטופע איז געווען די פּאַריזער קאָמונע. מאַרקס'עס געניאַלער אַנאַליז פון דער באַדייטונג און וויכטיגקייט פון דער קאָמונע אין זיין בוך „בירגער קריעג אין פראַנקרייך" ווייזט, אַז די קאָמונע האָט געבוירען אַ נייעם טיפּ שטאַאַט, דעם פּראָלעטאַרישען שטאַאַט. יעדער מאָדערנער שטאַאַט, אפילו די דעמאָקראַטישסטע רעפּובליק, איז ניט מעהר ווי אַן אַפּאַראַט פאַר איין קלאַס צו אונטערדריקען די איבעריגע קלאַסען. דער פּראָלעטאַרישער שטאַאַט איז אַן אַפּאַראַט דורך וועלכען דער פּראָלעטאַריאַט אונטערדריקט די בורזשואַזיע. אַזאַ אונטערדריקונג איז אונפאַרמיידליך, אום ביַיצוקומען דעם ווילדען, פאַרצווייפעלטען און געוויסענלאָזען ווידערשטאַנד וואָס ווערט אַרויסגעוויזען פון די קאַפּיטאַליסטען און ערד־באַזיצער, פון דער גאַנצער בורזשואַזיע און אַלע איהרע פאַרטיידיגער, פון אַלע עקספּלואַטאַטאָרען, ווען זייער לעצטע שעה הויבט אָן שלאָגען, ווען עס הויבט זיך אָן די עקספּלואַטאַציע פון די עקספּלואַטאַטאָרען."

אזוי רעדט לענין אין דעם „צווייטען בריעף צו די ארבייטער פון אמעריקא און ענגלאנד. ער ווענדט זיך צו די ארבייטער אין לענדער מיט געוויסע פארלאמענטארישע טראדיציעס און ער מאכט קלאָהר, אז דער פארלאמענט האָט זיין ווערט, אלס א טריבונע פאר פראפאגאנדע פון רעוואלוציאנערע געדאנקען. די פראגע איז נאר ביז ווען, אין וועלכע צייט און אונטער וואסערע אומשטענדען, און לענין קלעהרט אויף זיין שטאנדפונקט פאר די ארבייטער פון אייראפא און אמעריקא:

„אזוי לאנג ווי דאָס אייגענטום פון די קאפיטאליסטען און זייער מאכט ווערען באשיצט פון דעם בורזשואזען פארלאמענט, איז אפילו דער דעמאָקראטישסטער פארלאמענט אין דער דעמאָקראטישסטער רעפובליק נישט מעהר ווי אן אפאראט פאר א קליינער גרופע עקספּלואטאטאָרען צו אונטערדריקען די מיליאנען ארבייטער מאסען. די סאציאליסטען, וואס קעמפען פאר דער באפרייאונג פון די ארבייטער מאסען פון דער קאפיטאליסטישער עקספּלואטאציע, דארפען זיך באנוצען מיט די בורזשואזע פארלאמענטען אלס טריבונע, אלס א באדען פאר פראפאגאנדא, אגיטאציע און ארגאניזאציע אזוי לאנג ווי אונזער קאמף געהט אָן אין די גרענצען פון דער בורזשואזער סאציאלער ארדנונג. איצט אבער, ווען די וועלט־געשיכטע האָט אוועקגעשטעלט אויף דעם טאגעס־ארדנונג די פארניכטונג פון דעם גאנצען סיסטעם, די פאלשטענדיגע באקעמפונג פון די עקספּלואטאטאָרען און דעם איבערגאנג פון קאפיטאליזם צו סאציאַליזם — איצט צו באנוגענען זיך מיט בורזשואזען פארלאמענטאריזם, מיט בורזשואזער דעמאָקראטיע, זי אָננעמען פאר „דעמאָקראטיע" אין אלגעמיין, צו פארדעקען איהר בורזשואזען כאראקטער, צו פארגעסען, אז אלגעמיין שטימרעכט העלפט בלויז דעם בורזשואזען שטאאט, אזוי לאנג ווי קאפיטאליסטיש אייגענטום איז באשיצט און געזיכערט — מיינט אויף א שענדיגלכען אופן צו פארראטען דעם פראָלעטאריאט, מיינט אריבערצוגעהן צו זיינע קלאסען־שונאים, צו דער בורזשואזיע, מיינט צו ווערען א פאררעטער און רענעגאט."

לענין מאכט ביטערען חוזק פון די וואס באטראכטען די רעוואָלוציע, אלס אן אונטערנעמונג וועלכע מען מוז אויפנעהמען

ניט אנדערש, ווי מיט אויסזיכטען פון ניט ווענינער ווי הונ־דערט פראצענט ערפאלג. אזוי לייענען מיר אין דעם שוין פריהער ציטירטען „בריעף צו די אמעריקאנער ארבייטער״:

„דער גרויסער רוסישער רעוואלוציאנער טשערנישעווסקי האָט אמאָל געזאגט, אז פּאָליטישע טעטיגקייט איז ניט אזוי גלאַט ווי דער פלאַסטער אויף נעווסקי פּראָספּעקט. דער איז ניט קיין רעוואלוציאנער, וואס וואלט וועלען, אז די פּראָלעטארישע רעוואָ־לוציע זאל געפיהרט ווערען דורכאוים אויף א גלאַטען, ארדנונגס־מעסיגען אופן, אז מען זאל פּאָראוים ארויסגעבען גאראנטיען גע־גען א נידערלאגע, אז די רעוואלוציע זאל געהן פאראוים דורך אן אפענעם, ברייטען, פרייען וועג צום זיעג, אז עס זאלען ניט גע־מאכט ווערען קיין שווערע אפּפער דאָ און דאָרט, אז מיר זאלען ניט דארפען ליעגען און ווארטען אין ארומגערינגעלטע פעסטונ־גען, אז מיר זאָלען ניט דארפען געהן דורך שמאָלע סטעזשקעס, דורך פארדרעהטע, געפעהרליכע בארג־וועגען. דער וואס פאדערט דורכאוים אזא רעוואלוציע איז ניט קיין רעוואלוציאנער, ער האָט זיך נאָך ניט באפרייט פון דעם פּעדאנטיזם פון דער בורזשואזער אינטעליגענץ, ער וועט ביי יעדער געלעגענהייט צוריקקעהרען זיך אין לאגער פון דער קאָנטר־רעוואלוציאנערער בורזשואזיע.

„זיי זיינען נישט מעהר ווי נאָכמאכער פון דער בורזשואזיע אָט די הערען, וועלכע מאכען אונז פארוואורפען פאר דעם „כאָאָס״ פון דער רעוואלוציע, פאר דער „צושטערונג״ פון דער אינדוס־טריע, פאר דער ארבייטסלאָזיגקייט און מאנגעל אין שפּייז. קען דען זיין עפּעס מעהר היפּאָקריטיש, ווי אזעלכע באשולדיגונגען מצד די מענשען, וואָס האָבען באגריסט און געשטיצט די אימפּע־ריאליסטישע מלחמה און האָבען געמאכט יד אחת מיט קערענס־קי׳ן, ווען ער האָט פארטגעזעצט די מלחמה? איז דען ניט אָט די אימפּעריאליסטישע מלחמה די אורזאכע פון אלע אונזערע ליי־דען און אומגליקען? די רעוואלוציע, וואס איז געבוירען געווארען פון דער מלחמה מוז נויטווענדיגערווייז דורכגעהן דעם וועג פון די שרעקליכע שוועריגקייטען און ליידען, וואס די מלחמה מיט איהר פארניכטונג און מאסען־מאָרד האָט אונז איבערגעלאָזט בירושה. צו באשולדיגען אונז אין „צושטערען״ די אינדוסטריען און אין

„טעראָר" איז היפּאָקריטסטווע אָדער לעבערליכער פּעדאַנטיזם. די מענשען וואָס באַשולדיגען אונז אין די דאָזיגע זאַכען, זיינען אונ־פעהיג צו באַגרייפען די עלעמענטען פון דער ברויזענדער סטיכי־שער קראַפט פון דעם קלאַסען־קאַמף, וואָס מען רופט ר ע ו ו אָ־ל ו צ י ע."

אָבער לענין פאַרבלייבט אין דער רעוואָלויאָנערער טאַקטיק פאַר אַנדערע לענדער אַזוי גוט, ווי אין דער טאַקטיק פאַר רוס־לאַנד, דער רעאַליסט, וואָס ער איז אַלעמאָל.

אַזוי ערקלעהרט ער, אַז טראָצדעם, וואָס ער איז דורכאויס ניט איינשטימיג מיט דער טאַקטיק פון דער ענגלישער אַרבייטער פּאַר־טיי, האַלט זי פאַר קליינבירגערליך־אָפּאָרטוניסטיש און דאָס גלייכען, וואָלט ער דאָך, ווען ער איז אין ענגלאַנד, געשטיצט די אַר־בייטער פּאַרטיי און אַ רעגיערונג, מיט דעם כאַראַקטעריסטישען ענגלישען אַרבייטער־פיהרער, אַרטור הענדערסאָן אָן דער שפּיץ. נאָך מעהר, לענין איז זיכער, אַז ערשט ביי דער מאַכט וועט זיך אַזאַ אַרבייטער־פּאַרטיי רעגיערונג אַרויסווייזען אַלס דורכפאַל. אָבער טאַקע דערפאַר, וואָלט ער געשטיצט אַזאַ פּאַרטיי, כדי אויף דעם שטייגער קלאָהר אַרויסצוברייגגען פאַר די ענגלישע אַרביי־טער, וואָס זיינען פאַרלאַמענטאַריש געשטימט, די ענגילטיגע נישטיגקייט פון דעם בורזשואַזען פּאַרלאַמענטאַריזם, אַלס מיטעל פון דער פּראָלעטאַרישער מאַכט־ערָאָבערונג.

מען פרעגט לענין'ען צי וועט ער שטיצען די פאַרמירונג פון אַ קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ענגלאַנד, און לענין ענטפערט, אַז — געוויס, אַזאַ פּאַרטיי איז דאָרטען נויטיג, כדי עס זאָל זיין אַ צענטער פון וואַנען עס זאָל קומען אמת'ע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע אויפקלעהרונג. אָבער אין אַזאַ פּאַרטיי זאָל אַריינגעהן נאָר איבערצייגטע רעוואָלוציאָנערען, ניט קיין קליין־בירגערליכע דעמאָקראַטען מיט אַ וויכען געפיהל פאַר די אַרביי־טער און סאָציאַליזם. און, ווידער, ווען עס האָט זיך געהאַלטען ביים גרינדען אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון די פאַרשיידענע צו־מיילטע און צושפּרייטע רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע גרופּען אין ענגלאַנד, איז לענין באַשטאַנען אין אַ בריעף צו די גרינדער און פיהרער פון דער באַוועגונג, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי זאָל

אונטער אלע אומשטאַנדען זיך אַנשליסען אָן דער אפּאָרטוניס־טישער „ארבייטער פארטיי", וואס אַנערקענט ניט דעם פּרינציפּ פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, וואס גלויבט ניט אין סאָוועטען, אלס די פאָרמע פון פּאָליטישער רעגיערונג פון דעם ארבייטער קלאַס, וואס זאָגט זיך אפּ צו פארלאזען דעם צווייטען אינטערנאַ־ציאָנאַל און וויל ניט געהערען צום דריטען (מאָסקווער) אינטערנאַ־ציאָנאַל.

אָט איז א ביישפּיעל, וואס דריקט אוים אויפ'ן בולט'סטען אופן לענין'ס אינטערנאַציאָנאַלע טאַקטיק. אויף דעם צווייטען קאָנגרעס פון אינטערנאציאָנאַל באשטעהט ער, אז די אומאָפּהענ־גיגע סאָציאליסטישע פּארטיי פון דייטשלאַנד זאָל ניט צוגעלאָזען ווערען אלס מיטגליעד פון דריטען אינטערנאַציאָנאַל, סיידען זי וועט אומבאדינגט אָננעמען דעם גאנצען פּראָגראַם פון רוסישען באָלשעוויזם אין אלע איינצעלהייטען. און דערביי וואַרפט ער אויף די אומאָפּהענגיגע, צווישען זייערע שווערסטע חטאים, דאָס וואס זיי האָבען ניט ענטשיעדען און שנעל גענוג אפּגעבראָכען מיט די סאָציאליסטען פון דער מערהייט פּארטיי אין דייטשלאַנד (די שייי־דעמאַניסטען). „מיר קאָנען ניט ארבייטען אין איין אינטערנאַ־ציאָנאַל מיט קאַוטסקי'ן, און מיר ווילען ניט אויפנעמען אין אונ־זער קאָמונסטישען אינטערנאַציאָנאַל קיין נייעם מיטגליעד, וואס שטעהט אויף קאַוטסקי'ס פּרינציפּיעלע פּאָזיציע", ערקלעהרט לע־נין. און אין דעם זעלביגען זינען רעדט ער צו דער סאָציאליסטי־שער פּארטיי פון פראַנקרייך, בעת פאר ענגלאַנד האנדעלט ער אין אן אויגענשיינליך פאַרקעהרטער ריכטונג, ווען ער באשטעהט, אז די נייע קאָמוניסטישע פּארטיי זאָל ניט אַנדערש זיין א מיטגליעד אין דער אלגעמיינער ארבייטער פּארטיי פון ענגלאַנד, אזוי לאַנג נאָר, ווי זי האָט די פרייהייט פון קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ.

דאָס ווייזט אוים ווידערשפּרעכליך, אבער דאס איז ניט אזוי. דאָס איז אין איינקלאַנג מיט לענין'ס טאַקטיק אין דעם גאַנצען לויף פון זיין טעטיגקייט. ער איז פאַר שפּאַלטונג, פאַר אָפּטיי־לונג, פאַר „אָפּצאַמען זיך" דאָרטען, וואו די פּרינציפּיעלע ליניען און חילוקי דעות זיינען שוין קלאָהר און שאַרף אָנגעצייכענט. אבער אזוי לאַנג, ווי עס איז נאָך פאַראַן א מעגליכקייט פון איבערציי־

גונג און דער עיקר — פון אַקציע, איז ער קעגען שפּאַלטונג. ער וואָרנט די ענגלישע קאָמוניסטען „ניט צו שפּאַלטען די אַרבייטער באַוועגונג, אַזוי לאַנג ווי דאָס איז ניט אַבסאָלוט נויטיג." ער דיקטירט ניט קיין איינהייטליכע האַנדלונג אונטער אַלע אומשטענדען און באַדינגונגען. אין געגענטייל, ער האַנדעלט לויט'ן רוסישען פּויער'שען ווערטעל: „וואָס איז גוט פאַר דעם דייטש, קאָן זיין אַן אומגליק פאַר דעם רוס". אין דייטשלאַנד איז די ענטוויקלונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט און די פּרינציפּיעלע פּאָזיציע פון די פיהרער פון די פאַרשיידענע טיילען פון פּראָלעטאַריאַט אויף אַ גאַנץ אַנדער מדרגה, ווי די, אויף וועלכער עס שטעהען די אַרבייטער און די מעהרסטע אַרבייטער פיהרער אין ענגלאַנד, און דערפאַר איז אַנדערש לענין'ס באַציהונג צו דעם סאָציאַליזם און צו דער אַרבייטער באַוועגונג אין ענגלאַנד ווי צו דער אומאָפּהענגיגער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד.

אָדער, צ. ב., די טאַקטיק פון רעוואָלוציאָנערען אין אַ געוויסען לאַנד אין באַצוג אויף די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (טרעיד־יוניאַנס). די איבער־לינקע קאָמונסטישע אַרביימער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאַלטען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (ספּאַרטאַקוס־בונד) אין דייטשלאַנד, האָט באַשלאָסען קעגען דעם, אַז רעוואָלוציאָנערען זאָלען אַנטייל נעמען אין רעאַקציאָנערע געווערקשאַפטען (יוניאַנס). לענין פאַרדאַמט אויפ'ן שאַרפסטען אופן אַזאַ באָיקאָטיסטישע טאַקטיק:

„מיליאָנען אַרבייטער אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, געהען איבער צום ערשטען מאָל פון פולשטענדיגער ניט־אָרגאַניזירטקייט צו דער איינפאַכסטער, עלעמענטאַרער, נידעריגערער און אַם לייכטעסטען באַגרייפליכער אָרגאַניזאַציע, און — דאָ שטעהען רעוואָלוציאָנערע אָבער ניט קלוגע 'לינקע' קאָמוניסטען, און רופען: 'מאַסע, מאַסע!', אָבער צו אַרבייטען אין די געווערקשאַפטען קווינקלען זיי זיך! זיי קווינקלען זיך, ווייל דאָרטען, פאַרשטעהט איהר, הערשט, אַ 'רעאַקציאָנערער גייסט'! און דערפאַר האָבען זיי אין דער פאַנטאַזיע די שפּאָגעל־נייע, בליץ־זויבערע, פון ביר־גערליך־דעמאָקראַטישע פאָראורטיילען פרייע 'אַרבייטער־יוניאָנס', וואָס וועלען (וועלען!) האָבען אַ גרעסערען צוטריט צו די מאַ־

סען און וועלען פאָדערען ניט מעהר ווי (ניט מעהר ווי!) די 'אָנערקענונג פון סאוועט־סיסטעם און די דיקטאטור'.״

„עס איז אוממעגליך זיך פארצושטעלען א גרעסערע אומפאַרשטענדליכקייט, א גרעסערען שאָדען, ווי דער, וואס די דאָזיגע 'לינקע' רעוואלוציאנערען ברייגגען דער זאַך פון דער רעוואָלוציע. אפילו אין רוסלאַנד, נאָך צוויי־און־האַלבען יאָהר זיעג, וואָלטען מיר באגאנגען א נאַרישקייט און פארדארבען אונזער איינפלוס אויף די מאסען, ווען מיר זאָלען שטעלען די 'אָנערקענונג פון דער דיקטאַטור' אלס תנאי פאר דעם מיטגליעד־איינטריט אין די געווערקשאַפטען. ווארים די אַלגעמיינע אויפגאבע פון די קאָמוניסטען באַשטעהט אין דער ערציהונג פון די ריקשטענדיגע, אין אַרבייטען צווישען די מאסען און ניט אין אפזונדערען זיך פון די מאסען דורך אויסגעטראכטע, קינדעריש־'לינקע' לאָזונגען.״

אין דער אינטערנאציאנאלער פּאָליטיק, ווי אין דער פּאָליטיק אין רוסלאַנד, ארום דער נאציאנאלער פראגע אזוי גוט ווי אין דער סאָציאלער פראגע, איז לענין אלע מאָל א רעאַליסט, אָדער א רעוואָלוציאנערער אָפּאָרטוניסט אין דעם זינען, ווי דאָס וואָרט איז אָנגענומען אין דער איינלייטונג צו דער פאַרענדיגטער אָפּהאַנדלונג. לענין גלויבט ניט אין צוגעטראכטע לאָזונגען, פאַראָלען. ער וויל, אז יעדער לאָזונג, ס'הייסט יעדער אויסדרוק פון א באַשטימטען באַלדיגען ציעל זאל אומבאַדינגט שטימען מיט די רעאַלע און פסיכאָלאָגישע אומשטענדען, אונטער וועלכע עס ווערט באצוועקט דער קאמף פאר דעם דאָזיגען ציעל. א רעוואָלוציאנערער רוף איז נאָר דעמאָלט וואס ווערט, ווען ער האָט אויסזיכטען ריכטיג פאַרשטאַנען צו ווערען און צו געפינען אן אפקלאַנג אין די מאסען, וועלכע עס ווערען דורך דעם רוף אויפגעפאָדערט צו רעוואָלוציאנערע אַקציע. רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען זאלען ניט געשאפען ווערען פאר דעם גייסטיגען תענוג פון די פּראָפעסיאָנעלע רעוואלוציאנערען נאָר פאר די מאסען, וואס זיינען די סוף כל סוף'דיגע טרעגער פון יעדער רעוואלוציאָנערער אידעע, און אין וועמען עס ליגט די איינציגע ערבות, אז די אידעע וועט ווען עס איז ווערען א פאַקט, א ווירקליכקייט.

---

## נאָך איין וואָרט צום שלום.

מען זאָגט, אז לענין׳ען דעם רעוואָלוציאָנער איז דורכאויס פֿרעמד די פּסיכאָלאָגישע, אדער אזוי צו זאָגען ריין־מענשליכע באַציהונג צו דעם מאַטעריאַל, צו דעם מיטעל און ציעל פון דער רעוואָלוציע—צו דעם מענשען. לענין, הייסט עס, קוקט זיך ניט אום, ווי עס וועט רעאַגירען דער איינצעל־מענש אויף די סאָציאַלע עקספּערימענטען, וואס ווערען געפּלאַנט אויף א גרויסען און מאסאָווען מאַסשטאַב. לענין׳ען, ווערט באהויפּטעט, געהט ווייניג אָן, צי דער מענש אלס אזעלכער און ניט בלויז אלס א סטאַטיסטישער דורכשניט, האָט אויך זיין נשמה דערביי, צו וואס, עס קאָן זיין, זיין מאָגען שטימט צו.

דאָס איז ניט ריכטיג. גראָד דער ערפאָלג פון לענין׳ס לאָזונגען אין די מאסען דערווייזט דעם היפּוך פון די איינוועדונגען. לענין איגנאָרירט ניט דעם עטישען אָדער פּסיכאָלאָגישען מאָמענט אין דער רעוואָלוציע. מעהר ניט, וואס אנשטאט צו מאכען פון דעם דאָזיגען מאָמענט א פעטיש, אָן אָפּגאָט, וואס שטעהט אין וועג פון ענטשיידענער אקציע, האָט ער אלעמאָל געשיקט אויסגענוצט דעם דאזיגען מאמענט. דאָס איז זעהר לייכט צו דערווייזען סיי מיט נעגאַטיווע, סיי מיט פּאָזיטיווע ביישפּיעלען.

אין דער ביאָגראַפיע פון נ. לענין, וואס איז ערשיענען אין דעם זעלביגען פערלאג און אונטער דער זעלביגער רעדאקציע, ווי די געגענווערטיגע אפּהאנדלונג, איז באשריבען לענין׳ס באציהונג צו פארטייגענער, א באציהונג, וואס איז זעהר ניט סימפּאטיש, ווען מען מעסט זי מיט געוועהנליכע עטישע נאָרמען. אבער ווען מען באטראכט זי אלס א סטראטעגישען מיטעל, דערווייזט זי, ווי געטרוי לענין רעכענט אויס די ווירקונג פון א געוויסען מעטאָד פון אויפקלעהרונג, פון פּאָלעמיזירען, אויף דער פּסיכאָלאָגיע. און יעדער פּסיכאָלאָגישער געווינס ווערט געצויגען אין שפּאַן און דיענט דעם אלגעמיינעם ציעל, וואס לענין שטעלט זיך. אויב עס איז לענין׳ס אויפגאבע פּאָליטיש צו פארניכטען א געוויסע טעאָריע, א באשטימטע פּאָליטישע ריכטונג, איז ער קיין מאָל ניט מיעד צו דערמאָנען און ווידער צו דערמאָנען מיט דערנידעריגענדיגע ווער־

טער די אידעאָלאָגען, די וואָרט־פיהרער פון דער באַטרעפענדער שיטה, ריכטונג אדער טעאָריע. לענין אליין זאָגט (אין דער ערקלעהרונג אויף דעם פאַרטיי־געריכט, וואו עס איז געמשפּט געווארען זיין ארויסטרעטונג אין דער בראָשור: די וואהלען אין פּעטערבורג און די פאַלשקייט פון 31 מענשעוויקעס, אין 1907):

„מען טאָר ניט שרייבען וועגען פאַרטיי־גענאָסען מיט אַ שפּראַך, וואס פאַרשפּרייט אין די ארבייטער מאַסען האַס, עקעל, פאַראַכטונג צו יענע, וואס האָבען אַן אַנדער מיינונג. *מען קאָן און מען דאַרף* שרייבען מיט אזא שפּראַך געגען אַן אָפּגעשפּאָלטענע אָרגאַניזאציע.

„פאַר וואס דאַרף מען דאָס? ווייל אַ צושפּאַלטונג לייגט ארויף אויף אונז אַ חוב אַרויסצורייסען די מאַסען פון דער פיהרערשאַפט פון די אָפּגעשפּאַלטענע.”

לענין׳ס מעטאָדע פון דערמאָנען צעהנדליגע מאָל, אין איין קורצען צייטונגס־ארטיקעל אדער אין איין קורצער רעדע, די נעמען פון קאַטוסקי, מאַרטאָוו, לאַנגע און אַנדערע ניט־איינפאַרשטענדיגע, און אַלעמאָל באַגלייט פון אַ קורצען באַליידיגענדיגען, פּאָליטיש פאַרניכטענדיגען עפּיטעט דערווייזט, אַז ער רעכענט דורכאויס דעם עפעקט פון וואָרט אויף די געפיהלען סיי פון די געגנער סיי פון די מאַסען, וועמען ער וויל באאיינפלוסען.

און פונקט אזוי האַנדעלט לענין אויף דער פּאָזיטיווער זייט. די רוסישע ארבייטער רעפּובליק האָט איינגעפיהרט די דיקטאַטור, דעם טעראָר, די צוואַנג־דיענסט, אַלץ, אָהן אַן אָפּשטעל, ווען דאָס איז געווען נויטיג צו באַשיצען די ניי־ערוואָרבענע מאַכט פון די ארבייטער קעגען דעם אַנגריף פון דער רעוואָלוציאָנערער קאָנטרבורזשואזיע און פאַררעטערישע געוועזענע אַדער פאַרפיהרטע סאָציאַליסטען. רוסלאַנד האָט זיך גענויטיגט אין מינוט פון שטורעם אין אַ גרויסער געצוואונגענער אַרמעע. אבער אפילו אין די ערגסטע מאָמענטען פון שטורעם און דראַנג, ווען דער חלק איז געלעגען דער סאָוועט־רעגיערונג אויפ׳ן האַלז, איז ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרען די זאָרג פאַר דער נשמה פון פאָלק, פאַר זיין אויסבילדונג, פאַר זיין ענטוויקלונג אויף דעם געביט, וואס די בורזשואז־„דעמאָקראַטישע” וועלט האָט באַטראַכט, אַלס פּריווי־

לעגיע פון די יחידי־סגולה, פון די רייכע. קונסט, פרייהייט און פולע פלעגע פאר קונסט און קינסטלער האט קיינמאָל ניט גע־בליהט אין רוסלאנד, ווי אונטער לענין׳ס „דיקטאטור”־רעזשים.

פריילין עטהעל סנאודען פון ענגלאנד, וואס האט באזוכט סאוועט־רוסלאנד און איז פון דארטען געקומען אן איבערצייגטע (אזוי זאָגט זי) געגנערין פון סאוועטיזם און אן ענטוישטע אין לענין׳ען, האט דאָך אין איהר פארניכטענדיגער קריטיק געמוזט צוגעבען:

„צוויי שעהנע פאקטען וויל איך פעסטשטעלען: קונסט בליהט אונטער דעם באָלשעוויסטישען רעזשים ווי אין ערגיץ אנ־דערשוואו. די קינסטלער ארבייטען אונטער די וואונדערבארסטע, פאר זיי געשאפענע באדינגונגען. זייער באלוינונג איז אומגע־הויער. קיין זאך האט מיר קיינמאָל ניט געמאכט אזוי צו פארגע־סען אָן דער ווירקליכקייט, ווי דער טעאטער אין מאָסקווע.

„און דער צווייטער פריידיגער מאָמענט: די קינדער! די שול, די פלעגע, וואס די קינדער געניסען, די זאָרג, וואָס מען גיט אוועק זיי צו ערציהען, דאָס פארשפרעכט אזוי פיעל פאר דער צוקונפט. קינדער היימען זיינען אזוי פארשפרייט איבער דעם גאנ־צען לאנד, אז איך האָב ניט געזעהן קיין עלענד קינד פאר דער גאנצער צייט, וואס איך האָב פארבראכט אין רוסלאנד.”

אָבער — לאָמיר געבען דאָס וואָרט דעם לעבענדיגען גע־וויסען פון רוסלאנד, דעם פערזענליכסטען אויסדרוק פון דער רו־סישער פערזענליכקייט — מאקסים גאָרקי׳ן. מיר ברייגגען דאָ א גרויסען אויסצוג פון זיין ארטיקעל, וואָס איז ערשינען אין א מאָסקווער זאמעלבוך:

„. . . לענין איז מעהר מ ע נ ש ל י ך, ווי ווער עס איז פון די אלע מענשען, וואָס לעבען איצטער.

„דער הויפט ציעל פון לענינ׳ס לעבען איז דער אלמענשלי־כער גליק. מיט זיין טיפען בליק דרינגט ער אריין אין די ווייט־קייט פון יאָהר־הונדערטען און זעהט דאָרטען דעם סוף פון דעם גרויסען פראָצעס, וואָס ער האָט אזוי העלדיש און אָפּפערוויליג געהאָלפען אָנהויבען. ער איז א אידעאליסט, — אויב מען זאָל אונטער דעם וואָרט פארשטעהן די פאראייניגונג פון אלע קרעפ־

טען פון דער נאטור אין איין אידעע, אין דער אידעע פון אלגע־מיינעם גליק. זיין פערזענליכער לעבען איז אזא, דאס אין א צייט פון א רעליגיעזער שטימונג וואלט מען לענין'ען געהאלטען פאר א הייליגען.

„פאר א הייליגען... איך ווייס: די קליין־קעפיגע קליינ־בירגער וועלען פון די כלים ארויס. אפילו א סך גנאסען וועלען א שמייכעל טאן, און לענין אליין וועט זיך לוסטיג צולאכען, ווען ער וועט דערהערען, ווי איך רוף איהם אן הייליגער. הייליגער איז אפשר טאקע א משונה'דיגער און לעכערליכער ווארט, ווען מען ווענדט איהם אן אויף א מענשען, 'פאר וועמען עס עקזיס־טירט ניט קיין הייליגעס', ווי עס האט זיך וועגען לענינ'ען אויס־געדריקט דער אויסגעוועפטער 'גאט־מענש', דער געוועזענער רע־וואלוציאנער נ. טשאיקאווסקי, און וועמען דער דזשענטעלמע־נישער ציוויליזירטער פיהרער פון די ענגלישע קאנסערוואטארען, לארד טשווירטשיל, האלט פאר'ן 'ווילדעסטען און עקעלהאפט־סטען מענשען'. אבער דער חשוב'ער לארד וועט דאך ניט לייקע־נען, אז קירכליכע הייליגקייט איז גאר ניט געווען פרעמד פון ווילדקייט און אכזריות, ווי מיר ווייסען עס פון די בלוטיגע גע־שלעגען פון די 'פאטערס פון דער קירכע' אויף די קירך־קאנגרעסען, פון די מעשים טובים פון דער הייליגער אינקוויזיציע און פון פיעל אנדערע געמיינהייטען. פון דער אנדער זייט, ווייסען מיר, אז דער געביעט פון בירגערליכער טעטיגקייט האט אימער באשאפען פיעל מעהר הייליגע מענשען — א״ב אונטער'ן ווארט 'הייליג־קייט' זאל מען פארשטעהן א פורכטלאזען, ניט־אייגענצוציגען דיענער צו די אינטערעסען פון פאלק, פון פרייהייט און אמת.

„דער שטרענגער רעאליסט, דער כיטרע־קלוגער פאליטיקער לענין ווערט ביסלעכווייז א לעגאנדארע פערזענליכקייט, א פער־זענליכקייט, וואס רייצט די פאנטאזיע פון די ברייטע פאלקס־מאסען. דאס פאלק באטראכט איהם פאר זיין העלד, פאר זיין ערלעזער. דאס איז גוט.

„פון די פארוואָרפענע דערפער פון אינדיען שלעפען זיך אינדוסען, וואס ווערען שוין פיעל יאהו־הונדערטען געפייניגט אונ־טער'ן יאך פון ענגלישע טשינאווניקעס; זיי שלעפען זיך הונ־

דערטער וויאַרסט אין געהיים, ריזיקירענדיג מיט זייערע לעבענס, — שלעפּען זיך דורך וועלדער און פעלדער, איבער בערג און טאָלען קיין קאָבול (אַפגאַניסטאַן, צפון אינדיען), וואו עס געפינט זיך אַ סאָוועטסקער פאַרשטעהער; זיי דערשלייפען זיך אהין און פרעגען:

— וואָס איז לענין?

„און אויף אַנאַנדער עק וועלט זאָגען נאָרוועגישע ארבייטער צו אַ געוועהנליכען ניט־איבערגעשפּיצטען רום:

„ — אייער לענין איז דער עהרליכסטער יונג. אזא האָט נאָך די וועלט ניט געזעהן.

„איך זאָג: דאָס איז גוט. די מעהרסטע מענשען מוזען גלויבען, אום זיי זאָלען קענען אָנפאַנגען צו טאָן. עס וואָלט גענומען צו לאַנג צו וואַרטען, ביז אלע וועלען אָנהויבען צו דענקען און צו פאַרשטעהן: דער בייזער גייסט פון קאַפּיטאַל וואָלט זיי דערווייל אַלץ שנעלער געשטיקט מיט אָרעמקייט, שיכרות און אויסצעהרונג.

„מיר דאַכט זיך, אז עס איז נויטיג אָנצאַווייזען, אז לענינ'ען איז ניט פרעמד פריינדשאַפט, אז אין אלגעמיין, 'קיין זאַך, וואָס איז מענשליך, איז איהם ניט פרעמד'. עס איז אביסעל ניט אַנגענעהם און לעכערליך צו ריידען וועגען דעם, אָבער די „מע־שטשאַנעס" פון אלע לענדער זיינען שטאַרק אָנגעשראָקען, און לאָרד טשוירטשיל ווערט זאָגאר אזוי אויפגערעגט, ווען ער גיט נאָר אַ קוק אויפ'ן מזרח, אז זיין געזונד איז אין געפאַהר. און אזוי ווי איך לייד פון גוטמוטינקייט, האַלט איך עס פאַר מיין פליכט עטוואָס צו באַרוהיגען די דערשראָקענע, אויפגערעגטע און אַנדערע שונאים פון פיהרער פון 'באָלשעוויזם'.

„עס טרעפט, אז לענין איבערשעצט אמאָל די גוטע אייגענ־שאַפטען פון אַ מענשען צו גונסטען אָט פון דעם באַטרעפענדען מענשען, און צום שאַדען פון דער זאַך. אָבער עס איז אַ פאַקט, אז יעדער לענין'ס אונטערשעצונג פון אַ מענשען אדער פון אַן ער־שיינונג, — ווי אומבאַגרינדעט זי זאָל זיך אויסדרוכטען, — איז אימער באַשטעטיגט געוואָרען פון מענשען, וועלכע ער האָט אונ־טערשעצט נאָך פריהער. איידער ער האָט געזעהן די רעזולטאַטען

פון זייער ארבייט. דאָס קען זיך זיין א באַווייז, אז די שלעכטע אייגענשאַפטען פון א מענשען באַמערקט לענין בעסער ווי די גוטע, אָבער דאָס קען אויך באַווייזען, אז שלעכטע מענשען זיינען אויף דער וועלט דאָ פיעל מעהר, ווי גיצליכע.

„עס טרעפט, אז אין דעם שטרענגען און שארפען פאָליטיקער גיט אמאָל א בליץ א פייערעל פון א פרויען־צערטליכקייט צו א מענשען. און איך בין זיכער, אז טראַר פארשאפט איהם אונ־ערטרעגליכע שמערצען, הגם ער פאַרבאָרגט זיי זעהר קונציג. עס איז אונוואהרשיינליך און אונמעגליך צו דענקען, דאָס מענ־שען, וועלכע זיינען פון דער היסטאָריע פאראורטיילט צו אזא גרויסען ווידערשפרוך, — אוועקצונעהמען די לעבענס ביי אייניגע פאר דער פרייהייט פון אנדערע, — זאָלען ניט פיהלען קיין ליידען, וואָס פלאגען די נשמה. איך קען עטליכע פאָר אויגען, אין וועלכע אָט דער שמערצליכער ליידען איז ווי פאַרגליווערט געוואָרען אויף אייביג, אויפ׳ן גאנצען לעבען. איך פערזענליך שוידער אויף פון יעדען מאָרד, אָבער די לייט, פון וועלכע איך רעד, האלט איך פאר מירטירער, הגם זיי נעהמען אוועק מענשליכע לעבענס. און מיין געוויסען ערלויבט מיר קיינמאָל ניט צו מאכען זיי פאר־ווארפען.

„איך פיהל, אז ווען איך רייד וועגען לענינ׳ען, ווילט זיך מיר געגען מיין ווילען רעדען וועגען אלץ. דאָס איז אפשר קיין וואונדער ניט: וואָרים ער איז דאָך א מענש, וואָס שטעהט אין צענטער פון אלץ און איז העכער פון אלץ.

„עס פאַרשטעהט זיך, אז פערזענליך וועגען לענינ׳ען קען מען זאָגען פיעל מעהר, ווי איך האָב דאָ געזאָגט. און איך וואָלט געזאָגט מעהר, ווען ניט זיין באַשיידענהייט. די באשיידענהייט פון דעם מענשען, וואָס איז גענצליך פריי פון עהרגייץ, שטערט מיר: איך ווייס, אז אפילו דאס ביסעלע, וואס איך האָב דאָ גע־זאָגט, וועט ער אויך באַטראַכטען פאר איבריג, פאר איבערטריבען, פאר לעכערליך. נו, איז ניט צו מאכען. זאָל ער לאַכען. ער קען גאנץ גוט לאַכען. אָבער איך האָף, אז פאר פיעלע וועט זיין ניצליך איבערצולייענען די דאָזיגע שורות.

„אין די שורות האָב איך גערעדט וועגען א מענשען, וועל־

בער האָט געהאט דעם מוט אָנצופאנגען דעם פּראָצעס פון דער אַל־איינאָפּעאישער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין אַ לאַנד, וואו 85 פּראָצענט פּויערים ווילען זיין זאַטינקע בורזשועז און ניט מעהר. די מוטיגקייט באטראכטען פיעל פאר אַן אונזין. איך האָב מיין טעטיגקייט אַלס וועקער פון רעוואָלוציאָנערער שטימונג אָנגעפאנגען מיט אַ לויב־געזאנג צום אונזין פון די בראַווע.

„עס איז געוועזן אַ מאָמענט, ווען דער נאַטירליכער רחמנות צום פאָלק פון רוסלאַנד האָט מיר געמאַכט דענקען, אַז אונזין איז כמעט אַ פארברעכען. אבער איצטער, ווען איך זעה, אַז דאָס פאלק קען פיעל מעהר געדולדיג ליידען, ווי באוואוסטזיניגע און עהר־ליכע ארבייטען, — זינג איך ווידער שירה צום הייליגען אונזין פון די בראַווע. צווישען זיי איז וולאדימיר איליטש לענין דער ערשטער און דער סאַמע אונזיניגער."

נ. לענין איז דער זשעני פון דער סאָוועט־רעוואָלוציע און דער פיהרער פון דער סאָוועט־רעגירונג. אָבער קאָן מען זאָגען, אַז אַ רעגירונג וואָס אפילו אין פלאַם פון בירגער־קריעג, אונטער דעם פייער פון אַן אנגריעפס־מלחמה אויף אַלע זייטען, און אין די פלאַגענישען פון אומבאשיינקטער נויט און סכנה, האָט זי ניט פארגעסען צו מאַכען דאָס לאַנד פאר דעם הימעל פון קונסט און פאר דעם גן עדן פון קינדער, אַז דעם פיהרער און זשעני פון אַזאַ רעגירונג, איהר הארץ און קאָפּ איז פרעמד דער עטיש־פּסיכאָלאָגישער מאָמענט, אַז ער באטראכט מענשען נאָר אַלס סטאטיסטישע דורכשניטען און ניט אַלס לעבעדיגע מענשען?

— יע, מען קאָן זאָגען, אָבער עס איז ניט אמת.

**י. ב. סאַלוצקי.**

נויאָרק, סעפּטעמבער, 1920.

אויף די ווייטערדיגע בלעטער זיינען אַנאָנסירט ביכער וועגן סאָציאַל־פּאָליטישע פראַגען, וואָס זיי־נען לעצטענס ערשיענען אין דעם פארלאַג „נייע וועלט" און זיינען אַרויסגעגעבען פון דעם „מאַרקס ליטעראַטור געזעלשאַפט."

# אויסגעוועהלטע שריפטען

## פון קארל מארקס

### אין פינף (5) בענד

ערשיענען דריי בענד:

**צווייטער באנד: היסטארישע שריפטען**

(רעוואלוציע און קאנטער־רעוואלוציע אין דייטשלאנד. — דער אכצעהנטער ברומער. — די פאריזער קאמונע)

**רעדאגירט פון י. ב. סאלוצקי**

**דריטער באנד: עקאנאמישע שריפטען I**

(דער פראצעס פון קאפיטאליסטישער פראדוקציע)

**רעדאגירט פון דר. י. א. הורוויטש**

**דריטער באנד: עקאנאמישע שריפטען II**

(די קאפיטאליסטישע ווירטשאפט אלס גאנצע. — די געלט־פראגע)

**רעדאגירט פון ד. י. א. הורוויטש**

**פרייז 2 דאלער א באנד**